# אונטערוועגנס

## אַלמאַנאַך פאַר יידישער ליטעראַטור

רעדאַגירט:
נח פרילוצקי
י. י. טרונק
ישראל ראַבאָן

1940 ווילנע (ווילניוס)

אַ גרופּע שרײַבער, װאָס זענען, געיאָגט דורך דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע, פֿאַרװאָגלט געװאָרן קײן װילנע, האָבן באַשלאָסן אַרױסצוגעבן דאָס זאַמלבוך אונטערן סימבאָלישן נאָמען „אונטערװעגנס“.

מיט גרױסע אָנשטרענגונגען, גרױװער זײַענדיק די שװעריקײטן, מיט װעלכע ס'איז טאָמיד געװען פֿאַרבונדן דאָס דרוקן אַ בוך, נאָך בעיִקער אַ ייִדיש בוך, אין די צײַטן פֿון סמעטאָנאַ־רעזשים, האָט די רעדאַקציע באַשלאָסן צוצוציִען צום זאַמלבוך אױך די היגע ייִדישע שרײַבער. די לעצטע זענען דורכן שאָװיניזם פֿון די לאַנד־מױשלים אַרײַנגעפּרעסט געװאָרן אין די סאַמע ערגסטע שאַפֿונגס־באַדינגונגען. פֿאַר די מאַכטהאָבער האָט דער ייִדישער ליטעראַט בכלל נישט עקזיסטירט (אױף צו שנײַדן אין צענזור זײַנע װערק, נאַטירלעך, יאָ); די ייִדישע בורזשואַזיע, אין איר טעמפּקײט, און די בורזשואַזע פּרעסע, אין איר באַװוסטזיניקן נאָכגײן אַ געװיסער ליניע, האָבן אים אָדער איגנאָרירט, אָדער ציניש מעװאַטל געװען; פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור, אױסער די גרענעצן פֿונעם קלײנעם לאַנד, איז ער געװען אָפּגעשניטן; איז טאַקע דער געדאַנק אױפֿצוטרעטן אױף אַזאַ ברײטער ליטעראַרישער אַרענע, װי „אונטערװעגנס“ האָט מיט זיך באַדאַרפֿט פֿאָרשטעלן (ביז ערשט נישט לאַנג איז דאָך אױך קאָװנע פֿון װילנע געװען אָפּגעטײלט מיט אַ װאַנט), געװען אַ פֿרוכטבאַר און פֿרײדיק.

נאַטירלעך, היינט, ווען די מעכטיקע באַפרייערישע רויטע אַרמיי איז אין אונדזער לאַנד, וואָס איז שוין איינגע־שלאָסן אין דער מישפּאָכע פון די ראַטנרעפּובליקן, זעט אויס יענע צייט ווי אַ ווייטער און בייזער קאָשמאַר. אין אָנבליק פון די גוואַלטיקע פּערספּעקטיוון, וואָס האָבן זיך איצט געעפנט פאַר ליטעראַרישער אַרבעט, ווי פאַר אַלע צווייגן פון שעפערישן טון, איז אָבער וויכטיק צו דערמאָנען יענע באַדינגונגען, — וויכטיק, קעדיי צו אונטערשטרייכן די ברייטע מעגלעכקייטן, וואָס מיר האָבן שוין איצט אין סאָוועטישן ליטע; וויכטיק אויך, קעדיי ס׳זאָלן זיין פאַרשטענדלעך סיי דאָס אידיייִשע בלאָנדזעניש, אויף וואָס ס׳זאָגן איידעס געוויסע אַרבעטן אינעם בוך, סיי די אָרטאָגראַפיע, סיי דער אָפּקלייב פונעם מאַטעריאַל, וואָס וואָלט טיילווייז איצט געוויס באַדאַרפט אויסזען אַנדערש.

דער פאַרלאַג

ווילנע, אויגוסט 1940

# שימענ האָראָנטשיק

מיט גרויס צאַאַר אונ בענקשאַפֿט דערמאַנט זיכ בײַם אַרויסלאָזנ דעם אַלמאַנאַכ די רעדאַקציע אינ דעם כאַווער, וואָס איז דורכנ גרויעלגעוויטער פֿונ דער אימפעריאַליסטישער מילכאָמע אויכ אַרויסגעשלײַדערט געוואָרנ פֿונ זײַנ היימ אונ איז אומגעקומענ מיט אַ טראַגישנ סאָפֿ אונטערוועגנס — אינ ווערטלעכנ אונ סימבאָלישנ זינ פֿונ דעמ דאָזיקנ לעצטנ אויסדרוק: אויפֿנ שרעקלעכנ וועג צו אַ שטיקל מאָקעמ=מיקלעט, ווו די אַלטע דורכגעפֿוילטע וועלט זאָל נישט האָגלענ פֿונעמ שיינעמ בלאָענ הימל מיט בלײַ, פֿײַער אונ טויט, אונ אויפֿנ וועג צומ ליכטיקנ לעבנ, וואָס איז אונדז שוינ אַקעגנגעגאַנגענ אינאיינעמ מיט די פֿריילעכ מאַרשירנדיקע קאָלאָנעס פֿונ דער באַפֿרײַערישער רויטער אַרמיי.

אַ קינד פֿונ אָרעמקייט אונ אַליינ אַ פּראָלעטאַריער, איז שימענ האָראָנטשיק מיט אַלע פֿעדעמ פֿונ זײַנ איכ אונ פֿונ דער שאַפֿונג זײַנער צונויפֿגעוואַקסנ געווענ מיט דער שווער אַרבעטנדיקער אונ נאָכ שווערער געפּלאָגטער ייִדישער פֿאָלקסמאַסע אונ מיט אירע פֿאַרבאָרגענע אונ פֿונ דרויסנ בלוטיק געשטיקטע כאַלוימעס וועגנ אויפֿשטאַנד אונ באַפֿרײַונג. מיטנ שאַרפֿ אַנאַליזירנדיקנ בליק זײַנעמ האָט ער זיכ טיפֿ אַרײַנגעשניטנ אינ די געוועבנ פֿונעמ אַלטנ, מיט סטירעס פֿולנ ביינ=אַשמאָשעסדיקנ לעבנ פֿונ די פּוילישע ייִדנ אונ מיטנ פֿײַנעמ פּסיכאָלאָגישנ טאַלענט געשילדערט די שאָטנס פֿונעמ אָפּגעלעבטנ לעבנסשטייגער אונ די פּאָטענציעלע צי אַקטיווע קעמפֿער פֿאַרנ בעסערנ מאָרגנ.

ערשט אינ די נײַע באַדינגונגענ — אינ דער לופֿט פֿונעמ ראַטנפֿאַרבאַנדישנ ווירקלעכקייט — וואָלט האָראָנטשיקס אָריגינעלער אומאויסשעפּלעכער טאַלענט געקענט דערגרייכנ דאָס פֿולע צײַטיקייט אונ פֿונאַנדערוויקלענ זיכ מיט דער גאָרער פּראַכט, וואָס האָט אינ אימ געשטעקט, — איז אָבער אונדזער טײַערער, שטילער אונ ערלעכער כאַווער אינ דעמ בלימאָמענט פֿונ זײַנע יאָרנ אונ פֿונ די פֿעיִקייטנ זײַנע אומראַכמאָנעסדיק צעקוועטשט געוואָרנ דורכנ בלינדנ ראָד פֿונ דער זינלאָזיק זיכ קײַקלענדיקער קריגסמאַשינ.

ערע דעמ אָנדענק זײַנעמ!

ווילנע, אויגוסט 1940

י. י. טרונק

# על גרעקאָ

ער האָט זיך אויסגעצויגן הויך און העכער,
ווי אַ טונקעלער אַסקעט.
אין דער האַנט געטראָגן אַ גאָלדענעם בעכער
מיטן ליכט פון דער וועלט.
אין אַן אָוונט שפּעט
האָט ער אויסגעגאָסן דעם גאָלדענעם בעכער
מיטן ליכט פון דער וועלט
איבער בלאַסע גאָטישע דעכער.
דאָס וועלט־ליכט איז געוואָרן בלאַס און טונקל.
דאָס וועלט־ליכט איז געוואָרן, ווי אַ פרומער אַסקעט —
בלאַס און טונקל.

דאָס וועלט־ליכט איז געוואָרן בלאַס און בלאַסער
און קראַנק.
אויסגעצערט פון אינערלעכער פּײַן,
פון אומגעשטילטער בענקשאַפט צו זיך אַליין.
די וועלט איז פאַרגאַנגען אין דעם פאַרפּײַניקטן ליכט.
די וועלט האָט פאַרציטערט אינעם טויטלעכן שײַן,
ווי אַ שוואַן אויף אָוונטלעכן וואַסער.

דאָס ליכט האָט זיך אויסגעטון
פון איר ליכטיקייט,
פון זיך אַראָפּגעוואָרפן דאָס וווּנדערלעך־גאָלדענע קלייד
פון איר פרייד.
דאָס ליכט איז געבליבן אין טונקעלן טרויער,
ווי אַ פאַרטריבענער גאָט
אַליין.
ליכט איז געוויין.

אינעם וועלט-ליכט האָט געלויכטן
דאָס לייד
פֿון אַ פֿאַרפּײַניקטן גוף
וואָס שטרעקט אויס זײַנע הענט
ווי אַ רוף
אין די טונקעלע שאָטנס
פֿון טונקעלן אומענדלעכן
זײַן.

*
* *

אַ טרוים:
חודש מײַ.
כ'ליג אונטער אַ קאַרשנבוים.
עמעץ וויגט מיך אײַן:
ליו – ליו – ליו.
ווונדערלעכע רו.
די אויגן
פֿאַלן מיר צו.

דאָס לעבן איז אַרויסגעפֿלויגן
פֿון מײַן האַרץ,
זיך געזעצט אויפֿן קאַרשנבוים
ווי אַ פּאַפּוגײַ,
גרין און רויט.
רויט, ווי זון אין אונטערגאַנג,
גרין, ווי דאָס פֿעלד אין מײַ.

איך טראַכט:
ביסט הערלעך, שיין לעבן מײַנס,
רויט, ווי זון אין אונטערגאַנג,
גרין, ווי דאָס פֿעלד אין מײַ.

ס'האָט זיך אויסטערליש צעלאַכט
דער פּאַפּוגײַ אויפֿן קאַרשנבוים:
גרין און רויט
איז דער טויט.
דער טויט איז נישט דו.

אַ טרוים:
האַרבסט. רעגנדיק. נאַס.
פּוסטע גאַס.
כ'ליג הינטער אַ פּלויט.
ס'מעך וויגט מיך צו:
ליו — ליו — ליו.
דאָס לעבן איז אַרויסגעפֿלויגן
פֿון מײַן האַרץ.

זיך געזעצט אויף אַ נאַקעטן בוים,
ווי אַ קראָ שוואַרץ.
פֿינצטער ווי די נאַכט —
דער פֿויגל אויפֿן בוים.
איך טראַכט:
ווי פֿינצטער איז דער טויט!

ס'האָט זיך אויסטערליש צעלאַכט
די קראָ אויפֿן פּוסטן בוים:
איך בין דאָס לעבן —
און דאָס לעבן איז דער טרוים
אין דײַן אייביקער נאַכט.

# ט ו י ט ע

איך קען טויטע —
זיי קאָנען נישט אַנטשלאָפן
ווערן דעם אייביקן שלאָף.
זיי ליגן אויפן בעט,
ווי אויף אַ וועג פון אומגעשטילטן האָפן.
דאָרט האָט זיי געטראָפן
דער טויט ווי אַ בלוטיקער דעמאָן.
זיי זענען אַלט געוואָרן אינעם טויט,
ווי ווייַנענדיקע פּאַיאַצן,
און ליגן
געלע ווי וואַקס.
זייערע מײַלער
זענען צעקרימטע און אָפן
און פינצטער,
ווי זיי וואָלטן שטומע און טויטע
געשריגן
און געמאָנט פאַרגעלטונג
פאַרן בזיון פון שטאַרבן.

איך קען טויטע —
זיי ליגן אין די בעטן,
ווי רויִקע געטער אויף טראָגנען.
זיי זענען בלאַס,
ווי ליכטלאָזע אייביקייט.
אַרום זיי איז שטילקייט.
זיי קוקן מיט קילקייט
פון אייביקער חכמה.
זיי ווייסן פון אַלעם,
נאָר ווילן זיך גאָרנישט דערמאָנען.

# אָריענטאַליש ליבע־ליד

הינטער אַ גאָלדענער טיר
האָט זיך אַללאַ פֿאַרמאַכט.
כ׳וויל זײַן בײַ אים דרינען.

כ׳שפּיל אויס מײַנע בענקשאַפֿטן
אין דעם בלאָען געוויין פֿון פֿלייטן.
כ׳פּויק זיי אויס אויף פּויקן.
כ׳קלינג זיי אויס אין די אומעטיק־פֿאַרחלומטע קלאַנגען
פֿון טאַמבורינען.
מײַנע גלידער וויגן
זיך אינעם שאָטנדיקן טאַנץ פֿון עקסטאַטישע דערווישן.
אַללאַ האָט געשוויגן
הינטער דער גאָלדענער טיר.

הינטער אַ גאָלדענער טיר זיצט אַללאַ.
זײַן געוואַנט איז גאָלדיק און אויסגעשפּרייט, ווי די ווײַטן
פֿון דער מדבר.
די מדבר שווײַגט.
די מדבר איז שטיל,
ווי די שטילע אומענדלעכקייטן
פֿון אַללאַ.

מײַנע בענקשאַפֿטן טראָגט אַן איינזאַמער קאַראַוואַן
נאָך מעקאַ,
און פֿרומע פּילגרימען זינגען זיי
מיטן ניגון
פֿון הייליקן קאָראַן.
אַללאַ האָט געשוויגן.

דײַנע האָר זענען טיף־שוואַרץ, ווי די הייסע נאַכט
אין דער מדבר.
דײַן הויט איז העל־ברוין, ווי דער טאָג, וואָס דערוואַכט
אין דער מדבר.

דײַנע ליפּן זענען רויט,
ווי דאָס קילע בלוט פֿון קאָרעלן.
דײַנע ציין זענען ווײַס, ווי דער שוים אויף די אינדן
פֿון ים.
דײַנע אויגן – ווי די אויגן פֿון גאַזעלן.

גרויס איז דײַן ליבשאַפֿט.
דו וואַרטסט אויף מיר
אין דײַן טונקעלן געצעלט
הינטערן זיסן פּאַלמענבוים.
מיך רופֿט צו דיר
דער ווײַרויך, וואָס דו האָסט אָנגעצונדן
אין דײַן קופּערנער פֿאַן.

איך בין געקומען, געליבטע!
בײַם ערשטן באַריר
פֿון מײַנע ליפּן מיט דײַנע
האָט אַללאַ געעפֿנט די גאָלדענע טיר.

# איין מעת-לעת

סטאַניסלאַוו האָט זיך אַ צאַפּל געטון און געעפנט די אויגן. דאָס שטילע קלאַפּן פון פענצטער האָט זיך צוזאַמענגעמישט מיט אַ פאַרפלאָנ־טערטן חלום און אויפגעריסן דעם פויער פון שלאָף.

— ווער איז ?

— אייגענע. עפן.

אין אייבערשטן טייל פונעם פענצטערל האָט זיך קוים־קוים געבלייכט דער הימל. אַ שאָטן פון אַ מענטש האָט געקלעבט צו די שייבלעך. אַ פּאָר שטימען האָבן זיך געביטן מיט געציילטע ווערטער, דאַכט זיך אין יידיש.

— וואָס דאַרפט איר ? – האָט דער פויער פאַרשלאָפן געכריפּעט.

— עפן פריִער, סטאַניסלאַוו.

אַ באַקאַנטע שטים. סטאַניסלאַוו איז אַראָפּ אויפן קאַלטן ערדענעם דיל, האָט אָנגעטאַפּט די טיר פון פירהויז און ערשט דאָרטן אָנגעריבן אַ שוועבעלע. פון דרויסן האָט אַן אָטעם געטון מיט האַרבסטיקער פייכטקייט. דריי יונגע מענטשן, מיט פעקלעך אויף די אַקסלען און אונטער די אָרעמס, האָבן זיך אַריינגעשפּאַרט, ווי פון עמעצן געיאָגטע.

— גוטן אָוונט.

סטאַניסלאַוו האָט געזשמורעט די אויגן און מיט חשד באַקוקט די אַריינגעקומענע. ער האָט נאָך אַלץ נישט געוווּסט, צי איז עס אָנהייב נאַכט, אָדער שוין צום סוף.

— וויפל איז דער זייגער ?

— שוין באַלד צוועלף.

דאָס שוועבעלע איז אויסגעגאַנגען. עמעץ פון די דריי האָט אָנגעריבן אַ צווייטס און יענעמס פּנים מיט אַ בלאָנדן פוך אויף די קינדעריש־אויסגערונדיקטע באַקן איז רויט באַלויכטן געוואָרן פון אונטן.

— איטשקעס זון, דאַכט זיך, ניין ?

— יאָ. גיב דײַן לאָמפּ, וועל איך אָנצינדן.

— און נאָפט ?.. אפשר האָסטו גאָר מיטגעבראַכט ?

פויל פאַרענדיק זיך האָט דער פויער אָנגעשמאָלצן אַ שטיקל ליכט אויפן טיש און געבעטן די יונגעלײַט זיך זעצן. פון די געדיכטע שאָטנס אין שטיבל האָבן זיך אַרויסגעשיילט צעקרימטע ווענט מיט אַלטע פאַר־ברודיקטע איקאָנעס, אַ גרויסער אַרומגעשיילטער אויוון און אַ בעט מיט שלאָפנדיקע נפשות. בלויז איין פּאָר אויגן האָבן פונעם באַרג צעקודלטע און אײַנגעגראָבענע קעפּלעך אַהערגעקוקט וואַך און אויפמערקזאַם — סטאַניסלאַווס ווײַב.

— די זאַך איז אַזוי, סטאַניסלאַוו, — האָט ערנסט אָנגעהויבן דאָס בלאָנדע בחורל, — פיר אונדז צו דער גרענעץ.

— איך ?.. — דער פויער האָט אַרײַנגערוקט פינף פינגער אין דער צעפּאַטלטער טשופּרינע און מיט וואַקסנדיקן חשד נישט אויפגעהערט אָפּצומעסטן די געסט — וואָס בין איך דיר פאַר אַ פירער, וואָס ?

— קיין פירער אפשר ביסטו נישט, אָבער דעם וועג קענסטו — ביסט אַ היגער. און געלט וועלן מיר אויך נישט שפּאָרן —

— איז ווילט איר, הייסט עס, אויף יענער זײַט ? — האָט דער פויער געצויגן — פון דאָרטן אָבער טרײַבט מען דאָך אײַערע.

— מיר ווילן ביז דער גרענעץ. בלויז ביז דאָרטן און נישט ווײַטער, — האָבן אָנגעהויבן רעדן צוויי פאַר אַ מאָל. — מיר ווילן פאַר די אַרויסגעטריבענע אַריבערברענגען אָט די פּעקלעך שפּײַז.

— ער וועט נישט גיין, — האָט פון בעט אַרויס זיך אַרײַנגעשניטן אַ ווײַבעריש בייז קול, — מען וועט שיסן ; אַזוי האָט מען אַלעמען מתרה געווען.

ס'איז געוואָרן שטיל. די יונגעלײַט האָבן זיך צעטומלט איבער־געקוקט. דער בלאָנדער האָט פאַרהאַלטן זײַן בליק אויפן פויערס אײַנגעשלאָסן פּנים, לסוף זיך אויפגעהויבן און איז צוגעגאַנגען צום בעט.

— פּאַני סטאַניסלאַוויע, — האָט ער אָנגעהויבן שטיל און בעטנ־דיק, — מענטשן ליגן אויף אַ נאַס פעלד און גייען אויס פון קעלט און הונגער. האָב גאָט אין האַרצן, סטאַניסלאַווין, און זײַ נישט אַזוי אײַנגעשפּאַרט... מען וועט נישט שיסן און אויב יאָ, וועלן מיר, — האָט ער מיטן פויסט זיך צוגערירט צו דער ברוסט, — וועלן מיר גיין אויפן פײַער, — און דײַן מאַן — זאָל ער לויפן...

— אַוודאי... מ'קען אײַך גלייבן, — האָט די פרוי בייז געזאָגט, —

אויפֿן פֿײַער קאָנט איר שיקן נאָר אַנדערע, און איר וועט זיך תּמיד אַרויסדרייען... ווייניק געלט האָבן אײַערע טאַטעס.

— לאָז נישט אָפּ, חיימקע, — האָט מען פֿון טיש צוגעלוישפּערט דעם בלאָנדן, — אַבי עס שמעקט שוין מיט מעות...

איצט האָבן שוין די חבֿרים געהאָלפֿן אײַנטענען. לייזער, אַ דאַרער בחור מיט אײַנגעגראָבענע אויגן, האָט זיך אויך דערנענטערט צום בעט. דער דריטער, אַ וווּקסיקער מיט גרויסע אויסגעאַרבעטע הענט, האָט נישט אָפּגעלאָזן דעם פּויער, אים פֿאַרגעלייגט אַ פּאַפּיראָס און געפּרוּווט אָנקלאַפּן אויף פֿרײַנדלעכע סטרונעס. עס איז אָבער צוגעגאַנגען שווער. סטאַניסלאַוו האָט געענטפֿערט פֿויל און נאָך אַלץ פֿאַרשלאָפֿן. ער האָט זיך געקראַצט די האָריקע ברוסט, גערייכערט און בייז געשפּיגן פֿון אונטער די וואָנצעס.

— און צוקער — האָט די פּויערטע געשאָטן פֿון בעט אַרויס און אירע אויגן האָבן געבערענט — און צוקער פֿאַרבאַהאַלט איר, יידלעך, פֿאַר די אייגענע, און פֿון אונדז רײַסט איר די הויט פֿאַר אַ פֿערטעלע קילאָ... און נאַפֿט קריגט מען דען בײַ אײַך זינט עס האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה ?..

— נאָר אַז מען טרײַבט זיי, — האָט אונטערגעכאַפּט דער מאַן, — דאַן קומען זיי צו אונדז...

די פּויערטע האָט זיך אַרויפֿגעהויבן העכער אויפֿן קישן, אַרויסגעצויגן פֿון אונטער דער דעק אַ נאַקעטן אָרעם און אַ גלעט געטון אירע בלאָנדע צעקודלטע האָר. אַ קינד האָט זיך אויפֿגעכאַפּט און מיט אַ נײַגעריקן בליק מײַזלש געקוקט אויף די געסט.

די יונגעלײַט זענען געווען פֿאַרצווייפֿלט. זיי האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן אין אַ ווינקל און געזוכט אַן עצה. דער פּויער איז צוגעגאַנגען צום ווײַב און אויך זיך געסודעט. די שאָטנס אין שטיבל האָבן אַרומגעצאַפּלט נישט היימלעך. דאָס לוישפּערן האָט אָנגעהאַלטן לאַנג.

— אַז מירן איצט גיין אַליין, — האָט געזאָגט דער הויכער, — וועלן זיי אונדז מסרן.

— זאָלן זיי ! — איז חיימקע געווען אַנטשלאָסן.

— פֿונדעסטוועגן — האָט לייזער זיך נישט געאײַלט — פּרוּוו דו, אַרקע, אַ רעד טאָן מיט איר.

— אַז כ׳האָב אײַך לכתּחילה געזאָגט : מיר גייען צו אַנטיסעמיטן.

פֿון דער ווײַטן האָט דער וווּקסיקער אַרקע אַ באַט געטאָן אַ סומע. יענע האָבן נישט געענטפֿערט, אָבער נאָך עטלעכע רגעס סודען זיך האָט סטאַניסלאַוו זיך אויפֿגעהויבן און מיט פֿאַטשיילעס געצומען פֿאַרהענגען די קליינע שוואַרצע פֿענצטערלעך.

— קיין מענטשן פֿון דאָרטן וועט ער נישט פֿירן! — האָט די פּויערטע ווי איבערגעגעבן אַ באַשלוס — און דאָס געלט באַצאָלט פֿאָרויס.

---

זיי האָבן מידע דערגרייכט דעם שפּיץ פֿון אַ בערגל און זיך אָנגעהויבן אַרונטערלאָזן. די פֿאָרזיכטיקייט פֿון די צוויי שעה גנבֿענען זיך דורך וועלדלעך און זומפּן איז איצט נישט געווען נייטיק, און די פֿיר זענען שוין געגאַנגען האַסטיק און אויסגעגלײַכט. שטיל און כמורעדיק איז געלעגן די געגנט. אויף די הויקערדיקע בערגלעך אַרום האָבן געשטאַרצט ביימער. דער הימל האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף זיי אַ פֿאַרגליווערטער און גראָער. רויט־צעגלימערט האָט אין דער שוואַרצקייט פֿון טאָל געברענט אַ שײַטער, און סילועטן האָבן פֿאַרבײַ אים אַרומגעהיפּערט, ווי ווילדע וואָלטן געפּראַוועט אַ משונהדיקע צערעמאָניע.

— אָט דאָס זענען זיי, — האָט עמעץ פֿון די פֿיר שטיל געזאָגט.

— פֿאַרוואָס אָבער טאַנצן זיי אַרום? — —

קיינער האָט נישט געענטפֿערט. די יונגעלײַט האָבן זיך אויפֿמערקזאַם דערנענטערט. דער לאַגער איז אַלץ מער אויסגעוואָקסן פֿאַר זייערע אויגן, אַלץ מער און מער זענען פֿון דעם חשכות אַרויסגעשווומען באַוועגלעכע געשטאַלטן—מענער, פֿרויען, קינדער. אײַנגעטוליעטע אין נאָכהענגענדיקע טראַנטעס זענען זיי דאָ אונטערגעשפּרונגען, דאָ געלאָפֿן, אָדער געבליבן שטיין מיט די פֿאַרגליווערטע פּנימער צום פֿײַער.

עמעץ האָט צוגעוואָרפֿן צווײַגן און טאָרף. פֿונקען האָבן זיך אין מיליאָנען אַ ריס געטאָן צום הימל און אַ רגע באַלויכטן אַ שטיק פֿעלד, ווי ס'האָבן געדיכט געווימלט מענטשן. אַ שווער פֿרײַכן און דאָס טרעטן פֿון הונדערטער פֿיס האָט אָנגעהאַלטן אין אַ טעמפּן ריטעם, ווי אַ טויב קלאַפּן ערגעץ איבער אַ נישט געזעענער פּויק.

— מ'גייט צו אונדז!

אַ פֿרוי איז געבליבן שטיין און האָט עס דערשראָקן אַרויסגערעדט. נאָך עטלעכע מענטשן האָבן זיך אָפּגעשטעלט. אין איין רגע זענען די פֿיר געקומענע שוין געווען אַרומגערינגלט פֿון דער גאַנצער אַרויסגעטריבענער עדה.

— ייִדן!

— ייִדן!

— אפֿשר ראַטעווען?

— אפֿשר אויסלייזן אונדז?

— לאָזט הערן!

— שווײַגט!

סילועטן האָבן זיך געשפּאַרט. שטימעס האָבן געציטערט. אויגן האָבן געגליט אויף בלייכע פּנימער. די יונגעלייט זענען געווען צעטומלט, האָבן נישט געוווּסט וועמען צו ענטפֿערן, געוויזן אויף זייערע פּעק מיט שפּייז, צוגעזאָגט צו העלפֿן, צו ראַטעווען. דער עולם איז שטיל געוואָרן און האָט געהערט. בלויז אַ קינד ביי אַ פֿרוי אויף די אָרעמס האָט זיך צעכליפּעט און פֿאַרשטיקטע זיפֿצן האָבן זיך אַרויסגעריסן פֿון דעם און יענעם. אַ שאַרפֿער ווינט האָט געיאָגט איבערן טאָל, שלעכט-געשיצטע רוקנס האָבן זיך געשרומפּן און געבויגן פֿון קעלט, הענט, ברודיקע פֿון טאָרף, האָבן זיך אויסגעשטרעקט צום געבראַכטן עסן, טרערן זענען גערונען און האָבן זיך אויסגעמישט מיט די ביסנס.

סטאַניסלאַוו איז געשטאַנען אָן אַ זייט און האָט געקוקט. דער קראַגן פֿונעם פּעלצל אויפֿגעשטעלט, די הענט פֿאַררוקט אין די קעשענעס, האָט ער געוואַרט, די יונגעלייט זאָלן ווערן פֿריי. זיין בליק איז דערווייל געפֿאַלן אויף אַ צונויפֿגעדרייט געשטאַלט ביים פֿייער. דער מענטש, צוגעדעקט מיט שמאַטעס, איז געלעגן אויף אַ פֿאַרבלאָטיקטער פּערענע. זיינע באַקן, געדיכט באַוואָקסענע, זענען געווען איינגעצויגן, ווי צוזאַ-מענגעקלעבטע ערגעץ אינעווייניק אין מויל, און אין זיינע גוואַלדיק-גרויסע פֿיבערדיקע אויגן האָבן אַרומגעטאַנצט די פֿלאַמען פֿונעם שייטער. אַ קאָנוווּלסיווער ציטער האָט דורכגעריזלט דעם פּויער, ווען ער האָט דערשפּירט אויף זיך די בליקן. שאַרף האָט ער זיך אָוועקגעדרייט אין מיט אַ מאָדנער הוילקייט אין האַרצן, ווי עפּעס וואָלט דאָרטן צעשמאָלצן געוואָרן, האָט ער איינגערוימט חיימקען אין אויער:

— מיר מוזן גיין; ס'וועט אָנהייבן טאָגן.

די נאַכט אַרום איז נאָך געלעגן געדיכט און נישט באַוועגלעך. פֿונעם חשכות צום פֿייער און צוריק אין דער שוואַרצקייט אַריין האָבן נאָך אַלץ אַרומגעהיפּערט הונדערטער מענטשן. אַרום די געקומענע בחורים האָט גערודערט אַ געזעמל און זיך געזעגנט. געבעט האָט אַרויסגעווייִנט פֿון די אויגן און וויברירט אין די שטימעס.

— לאָזט אונדז נישט אויסגיין! — האָט געציטערט דאָס קול פֿון אַ בלאַסער אויסגעמאַטערטער פֿרוי.

— פֿאַרגעסט נישט אונדזערע קינדער! — האָט ווי אַ תּפֿילה געפּרעפּלט די צווייטע.

די בחורים האָבן איבערגעחזרט איינע און די זעלביקע טרייסט-ווערטער. מיט הייסער הבֿטחה האָבן זיי געדריקט די אויסגעשטרעקטע הענט און שטום פֿון צער אָנגעהויבן זיך דערווייטערן. דאָס פֿינצטערניש האָט זיי צוזאַמענגעגאָסן אין איין פֿלעק און פֿאַרשלונגען. פֿון צייט צו צייט

האָט זיך עמעץ אויסגעדרייט אויף צוריק, געצויגן דינע פּײַער־פֿעדים פֿונעם שפּײַטער צו די בליקן און נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל אָנגעקוקט די באַ־וועגלעכע שאָטנס. בלויז דער פֿויער האָט נישט אָפּגעקערט דעם קאָפּ, ווי זײַן קאַרק וואָלט געוואָרן פֿאַרשטיינערט. ער האָט געהערט די טריט פֿון זײַנע נאָכגייער, דערקענט, אַז עס זענען צוגעקומען נאָך, אויפֿגענומען אַ שטיל גערייד און פֿאַרשטאַנען, אַז עמעץ פֿונעם לאַגער האָט זיי אָנגעיאָגט און האַלט שוין איצט מיט. ער וואָלט זיך באַדאַרפֿט אָפּשטעלן און הייסן צוריקגיין, אָבער ער קען נישט. ווי נאָר ער וועט אומדרייען דעם קאָפּ, וועט ער זיך געוויס צוזאַמענטרעפֿן מיט די פֿיבערדיקע גרויסע אויגן פֿונעם קראַנקן, און דאָס איז שרעקלעך סטאַניסלאַוו. זאָלן זיי שוין טון, די ייִדלעך, וואָס זיי ווילן. בײַ דער ערשטער מעגלעכקייט וועט ער זיי לאָזן אַליין און פֿאַרשווינדן. דאָס שטיבל, דאָס ווײַב, דאָס וואַרעמע בעט — ערשט דאָרטן וועט ער ווערן דער זעלביקער רויִקער און זיכערער, ווי ער איז געווען אַמאָל, און מער וועט ער נישט גיין, פֿאַר טויזנטער נישט גיין! — —

זיי האָבן נאָך נישט געהאַט דערגרייכט דעם רוקן פֿונעם בערגל, ווי אויף יענער זײַט, פֿון הינטער די שיטערעביימער, האָט זיך פּלוצים אַ ריס געטאָן אַ דינער בלענדנדיקער שטראַל, ווי אַ בליץ זיך אַרײַנגע־שניטן הויך אינעם הימל אַרײַן, געמאַכט אַן עיגול און איז פֿאַרשוווּנדן. סטאַניסלאַוו האָט זיך אַראָפּגעבויגן, אײַנגעהויקערט זיך. אַלע איבעריקע האָבן אים נאָכגעטון מיט פֿאַרהאַלטענע אָטעמס. עס זענען אַריבער רגעס. אַלץ איז ווי פֿריִער געווען אײַנגעהילט אין חושך און שטילקייט. דער פֿויער האָט זיך פּאַמעלעך אויסגעגלײַכט און ווידער אָנגעהויבן גיין. די מענטשן הינטער אים, מיט די בליקן צו די ביימלעך צוגעשמידט, האָבן אים נאָכגעהאַלטן אײַנגעבויגענע און אין ריי. אַ צווייטע ראַקעטע האָט זיך אַרויסגעריסן, אַ דריטע האָט איר תיכּף נאָכגעיאָגט מיט דער זעלביקער געשווינדקייט. די גאַנצע געגנט איז באַגאָסן געוואָרן מיט אַ גרינלעכע שײַן. ריטלעך, טאָרף־קנוידערס, פֿאַרוועלקט גראָז, — אַלץ איז אַרויסגעשיילט געוואָרן פֿון דער נאַכט אַרויס. די מענטשן האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן אויף דער ערד, אויסגעצויגן זיך און מיט אימה געקוקט, ווי די שפּיזלדיקע סטענגעס האָבן אַרויפֿגעשאָסן איינע נאָך דער אַנדערער. זיי האָבן זיך געשניטן אויפֿן טונקעלן פּאַן פֿונעם הימל, געקרייצט זיך אין דער לופֿטן און אָנגעהאַלטן אַ העלע ליכטיקייט אין טאָל. אַ קרענקלעכע שײַן האָט זיך אויסגעגאָסן איבערן לאַגער, די מענטשן דאָרטן זענען געשטאַנען אומבאַוועגלעך, ווי מומיעס, דער שפּײַטער איז פֿאַר־בלאָסט געוואָרן.

ענדלעך האָט עס אויפגעהערט. די נאַכט, פון שרעק אַן אויסגעבלייכטע, איז צוריק צוגעפאַלן צו דער געגנט. דער ווינט האָט, ווי פריִער, געצויגן מיט רוגזה, און די שאָטנס זענען נאָך אַלץ געלעגן צוגעפרעסט צו דער פייַכטער ערד. פּאַמעלעך און מיט מורא האָבן זיי קוים־קוים אָנגעהויבן רירן די גלידער און אויף אַלע פיר געפּוידזשעט איינע צו די אַנדערע.

— גייען מיר, סטאַניסלאַוו?

— וווהין דאַרטן איצטער?

די ליפּן האָבן געפּרעפּלט כמעט אָן אַ קלאַנג. דער פויער האָט זיך אויפגעשטעלט. אַלע האָבן אים נאָכגעטון. די בליקן זענען געווען צוגענאָגלט צום רוקן פונעם וואַלדיקן בערגל.

— וואָס וועט זייַן, סטאַניסלאַוו?

— עס טאָגט שוין...

איבערן האָריזאָנט האָט זיך אָנגעהויבן בלייכן דער הימל. האַרבסטיק־נאַקעטע בערגלעך זענען אַרויסגעקראָכן פונעם חושך און, ווי פאַרטריקנטע בר־מינָנס, געבליבן ליגן פאַרוועלקטע און גראָע.

— טאָ לאָמיר גיין.

— שוין שפּעט.

שטיל. זעקס יונגע מענטשן האָבן אָפּגעמאָסטן איינע די אַנדערע מיט טויטע בליקן. זעקס קערפּערס האָבן געשוידערט פון קעלט און פאַרצווייפלונג.

— וואָס וועט זייַן?

— גייט, אויב איר ווילט דערשאָסן ווערן.

סטאַניסלאַוו האָט געקייַט אַ ברעג פון אַ וואָנצע און אומבאַשטימט געקוקט פאַר זיך.

— מירן זיך אומקערן צוריק, — האָט געזאָגט אַרקע.

— ביז בייַנאַכט?

— יאָ.

סטאַניסלאַוו האָט געטראַכט. זייַן פּנים איז געווען בלייך און פאַרוועלקט, די אויגן — אַ טריב וואַסער. נישט אַרויסרעדנדיק קיין איין וואָרט האָט ער זיך פּאַמעלעך אומגעדרייט און אָנגעהויבן אַראָפּנידערן צום טאָל. די זעקס זענען געגאַנגען נאָך אים.

---

הונדערטער מעטער אַרום פייַער זענען געווען אויסגעטראָטן פונעם כסדרדיקן אַרומטאָפּטשען איבער זיי. דער הויכער דאַרער שוחט איז מיט אַ קינדער־צווילינג אויף די הענט אַרומגעשפּרונגען און געברומט עפּעס אַן

איינטאָניק יאָמערדיק ניגונדל. די עופעלעך, בלאָע פון קעלט, האָבן געוויינט. ער האָט זיי געטוליעט צו זיך, געפרווט דערוואַרעמען. און אַז עס איז אים נישט געראָטן, האָט ער אָפּגעשטעלט אַ פרוי, געבעטן אַ ווײַלע צוהאַלטן דעם צווילינג, אויסגעטון פון זיך דעם סוועטער, מיטן חלף אָפּגעשניטן ביידע אַרבל און אַרומגעוויקלט מיט זיי די קליינע גופימלעך. ער האָט עס געטון ערנסט און מיט כוונה. שרימפּנדיק זיך אונטערן בײַסיקן ווינט, האָט ער פאַרקוועטשט די אַרבל צווישן די קני, מיט דער לינקער האַנט אָנגעצויגן דאָס בגד און מיט דער רעכטער געשניטן. די קינדער האָבן געכליפּעט און זיך באַרויִקט. ער איז ווידער אַרומגעשפּרונגען מיט זיי אַרום פײַער. זײַן באָרד, אַ גראָ געוואַרענע פאַר די לעצטע טעג, האָט געפלאַטערט, די אויגן, שוין דרײַ מעת-לעת אָן שלאָף און פון ווינט צעשמיסענע, זענען געווען רויט, די לעדלעך זענען צוגעפאַלן פון מידקייט.

אַ יונגערמאַן האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף דער ערד, איז געזעסן מיט די הענט פאַרפלאָכטן אַרום די קני, האָט געקוקט ערגעץ מיט האַלב-פאַרמאַכטע אויגן, און די ציין האָבן געקלימפּערט. ער האָט זיך צוזאַמענגעדרייט, געוואָלט אָפּהאַלטן דאָס שוידערן, וואָס האָט דורכגעצוקט זײַן רוקן, און געפילט, ווי ס'ווערן אים שוואַך די אָרעמס, שטאַרבן אָפּ, און די ערד לאָקט אויסצוציִען און פרײַ לאָזן ליגן אויף איר די אויס-געמאַטערטע אבֿרים.

— וואָס טוט איר?!

חיימקע האָט זיך אָפּגעשטעלט. דער יונגערמאַן האָט צומאָל נישט אויפגעהויבן צו אים דעם קאָפּ און זיך אַלץ מער געבויגן צו דער ערד. חיימקע האָט אים גענומען אונטער די אָרעמס, געמונטערט:

— שטייט אויף. די ערד איז נאַס — מ'טאָר נישט.

— נישטאָ קיין כוחות...

— שפּאַרט זיך אָן אין מיר.

חיימקע האָט אים געהאָלפן אויפשטיין. לייזער איז צוגעלאָפן פון דער צווייטער זײַט. דער יונגערמאַן, אַ הויכוווקסיקער און אַ שווערער, האָט זיך מיט זײַן גאַנצער משׂא אָנגעלענט אין זיי. ער האָט פון גרויס אָנשטרענגונג געביסן די דיקע בלאָ-ברוינלעכע ליפּן און זײַן באַוואָקסן ערד-קאָליריק פּנים האָט זיך געקרימט פון שוואַכקייט. הייסע און פּראַסטיקע שטראָמען האָבן אין אַ געשווינדל זיך געיאָגט דורך זײַן קערפּער צום מוח. אַ קאַלטע פײַכקייט האָט געצויגן אין די פיס און גענאָגט. ער האָט אַרויפגעשטעלט איין פוסטריט זײַנעם אויפן שוך פונעם צווייטן, געשטאַנען אַ ווײַלע און נאָך דעם געביטן די פיס. ס'האָבן

זיך אַרומגעקליבן בלייכע שווײַגעוודיקע געשטאַלטן. לייזער האָט געבעטן, מ׳זאָל העלפֿן אונטערהאַלטן דעם קראַנקן און אַליין איז ער אַוועק זוכן אַ מיטל אײַנצואָרדענען אַ געלעגער. אַ פֿרוי האָט געוויינט, זיך אויסגעטענעט, ווי בײַם באַקלאָגן אַ מת. זי האָט געיאָמערט אויף איר היים, אויף איר גורל, גערופֿן צו גאָט, געמאָנט נקמה און גערעכטיקייט. אַ גאַנץ קרענצל ווײַבער האָט זיך אָנגעשלאָסן אין איר, און זייער ליטאַניע, הילפֿלאָז און פֿאַרצווייפֿלט, איז צעשמיסן געוואָרן פֿונעם רוגזהדיקן ווינט. אַרקע מיט סטאַניסלאַוון האָבן געשלעפּט פֿון ערגעץ בולווינעס און געמאַכט פֿון דעם אַן אונטערבעט פֿאַר די אַלטע און קראַנקע. בײַ קיינעם זענען נישט געווען קיין דעקעס און ליילעכער, האָבן די יונגעלײַט אויסגעטאָן פֿון זיך די מאַנטלען און בורקעס, אײַנגעוויקלט האַלב פֿאַרגליווערטע גופֿים און אַליין מיטגעשפּרונגען מיט אַלע איבעריקע אַרום שײַטער. בלויז סטאַניסלאַוו איז נאָך געבליבן אין זײַן פּעלצל. ער האָט זיך געמאַכט נישט זעענדיק, וואָס די בחורים טוען מיט זייערע אייבער-בגדים. ס׳איז אים געווען עפּעס אַ מאָדנע חרפּה זיי נאָכצוטון, און בלײַבן אין פּעלץ האָט זיך אויך באַקומען משונהדיק. האָט ער אויסגעמײַדט זיך צו טרעפֿן מיט עמעצנס בליקן און נישט אויפֿגעהערט צו אַרבעטן, געהאָלפֿן רײַסן מיט די בלויזע הענט טאָרף און ברעכן צווײַגן פֿאַרן פֿײַער, אַרײַנגעהאַקט אין דער ערד אַ פּאָר פּלאָקנס, אַריבערגעפּלאָכטן פֿון איינעם צום אַנדערן שמאַטעס און בולווינעס. ס׳האָט זיך באַקומען אַ קליין ווענטל, וואָס האָט געשיצט פֿון ווינט. הינטער אָט דעם געפּלעכט האָט מען אַוועקגעלייגט דעם קראַנקן יונגנמאַן צוזאַמען מיט אַ פּאַראַליזירטן זקן. אין די געדערעם בײַם אַלטן האָט עפּעס געצוקט און כּסדר אַרויסגעלאָזן אַ טויבן קלאַנג. בײַ סטאַניסלאַוון אין מוח איז אָנגעגאַנגען אַ קאַמף. אין געהיים האָט ער געזוכט אַ מעגלעכקייט אַראָפּצונעמען פֿון זיך די שאַנד פֿונעם פּעלצל, און ס׳האָט געקנאַקט עפּעס אַ מורא פֿאַרן ווײַב, פֿאַר די באַקאַנטע... אַ שאַרף קינדערש געוויין האָט זיך אַרײַנגעשניטן אין זײַנע מחשבֿות. ס׳האָט זיך געטרעסלט און איז רויט געוואָרן פֿון געיאָמער אַ קינד בײַ אַ טאַטן אויף די הענט. פֿון קעלט זענען געשוואָלן די קליינע פֿיסלעך, און ס׳האָבן שרעקלעך געשניטן די ענג-געוואָרענע שיכלעך. אויסטון זיי איז נישט געווען מעגלעך. דער ווייטיק איז געוואָקסן, דאָס קינד האָט זיך געצאַפּלט, דער טאַטע, צעשראָקן און הילפֿלאָז, האָט נישט געוווּסט, וואָס צו טון. ס׳האָבן זיך אַרומגעקליבן מענטשן און געעצעט אויפֿצושנײַדן די לעדער. סטאַניסלאַוו האָט אַרויסגענומען זײַן קעשענע-מעסער און אָנגעהויבן די אַרבעט. דאָס קינד האָט געבריקעט פֿון

יסורים. סטאַניסלאַוון האָבן געציטערט די הענט, און דאָס האַרץ איז אים אָפּגעשטאָרבן בײַם אָנבליק פֿון די בלאָע אויפֿגעלאָפֿענע פּיסלעך. נאַקעטע, אויסגעבלאָזענע, מיט רויטע פֿלעקן, זענען זיי געבליבן הענגען אַנטקעגן ווינט. אַ בלייכער, מיט אַ חלשות־שווינדל פֿאַר די אויגן, האָט דער פֿויער איצט אויסגעטון פֿון זיך דעם פּעלץ און אויסגעשפּרייט אים אויף די הענט. דער טאַטע האָט אַרויפֿגעלייגט דאָס קינד, אײַנגעוויקלט עס, און פֿון גרויס דאַנקבאַרקייט זענען טרערן געקומען אין געגאָסן פֿון זײַנע אויגן.

---

דער טאָג איז געקראָכן פֿויל. צוויי מאָל האָט די זון, ווי אַ בעלמע, זיך קוים דורכגעלויכטן דורך די וואָלקנס, און ביידע מאָל האָבן זיך העלדזער אויסגעצויגן און פּנימער פֿאַרריסן מיט געבעט און האָפֿענונג. אָבער קאַרג איז געווען דער הימל, גלײַכגילטיק, ווי די טויטע בערגלעך בײַם האָריזאָנט, רשעותדיק, ווי דער ווינט. וואָס האָט זיך געשניטן אין די גופֿים, צענומען גליד פֿאַר גליד און אָן רחמנות געיאָגט און געיאָגט פֿון זיי דאָס לעבן. אויסגעלאָשענע בליקן האָבן געטאַפּט און געעקבערט די געגנט, געזוכט אַ שוץ כאָטש אויף אַ רגע, אויף אַ ווײַל. צעין האָבן זיך אַרײַנגעביסן אין צעשפּאָלטענע ליפּן, פּיס האָבן זיך געבראָכן אונטער שווער געוואָרענע קערפּערס. דאָ און דאָרטן האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף דער ערד אַ פֿרוי, אַ זקן, אַ מאַן. די שטאַרקערע האָבן געמונטערט, גערופֿן אָנצונעמען זיך מיט כּוח און אויסדויער. דער קראַנקער יונגערמאַן האָט זיך באַוויזן פֿון הינטערן וועגל. ער איז געקראָכן אויף אַלע פֿיר, האָט געקוקט מיט גרויסע אויגן פֿול אימה און עפּעס געפּרעפּלט. אַרקע האָט זיך אַראָפּגעבויגן צו יענעמס ליפּן, אויפֿגעכאַפּט אָפּגעהאַקטע ווערטער און פֿאַרשטאַנען. דער פֿאַראַליזירטער אויפֿן בולווינע־אונטערבעט איז געלעגן אַ פֿאַרשטאַרטער. קיין קלאַנג פֿון זײַן אינגעווייד האָט זיך שוין נישט באַקומען, די אויגן זענען געווען פֿאַרגלייזט און צווישן באָרד און וואָנצעס האָט נאָך געבלעזלט אַ שוים. אַרקע האָט גערופֿן די חבֿרים, גערופֿן סטאַניסלאַוון. זיי זענען געשטאַנען אויפֿגעדרייטע פֿון קעלט, האָבן זיך געישובֿט און אַריבערגעצויגן, צום סוף, דעם בר־מינגס צודעק איבערן גראָען קאָפּ. פֿאַרן קראַנקן איז געוואָרן אַן אַנדער געלעגער. עס איז אַריבער שטיל. קיין איינער, אויסער די פֿינף, האָט נישט געוווּסט, אַז דער טויט האָט שוין צוגענומען זײַן ערשטן קרבן אין אָט דעם טאָל. מ׳האָט נאָך אַלץ געקוקט צו די פֿאַרוואָלקנטע האָריזאָנטן — אפֿשר, אפֿשר וועט מען זיי רופֿן צוריק, אפֿשר וועט מען דערלויבן צו גיין ווײַטער? קרענקלעכע פֿאַנטאַזיעס האָבן זיך אָנגעהויבן וועבן און זענען

צעקראָכן. צווישןביימלעך אויף אַ בערגל האָבן זיך באַוויזן סילועטן. זיי האָבן זיך באַוועגט פון יענער ריכטונג, ווו ס'זענען פאַרבליבן די חרוב־געוואָרענע היימען. — צי זענען עס נישט אַמאָל קיין גויע פאַר־טריבענע ?.. צי קומט מען נישט אָנזאָגן די בשורה פון צוריקקער ?.. ברענגט מען הילף, צי אומגליק ?.. דורך די הונדערטער מוחות אין טאָל האָבן זיך געיאָגט די ווילדסטע השערות, בליקן האָבן געעקבערט און געעקבערט די וויַיטקייט.

— זשאַנדאַרן !

לאַנגע שינעלן. ברייטע, גלאַטע דעקן פון היטלען. פינף אין צאָל.

און ווי אַ הוראַגאַן וואָלט זיך גערוקט פונעם האָריזאָנט, איז פינצטער געוואָרן די גאַנצע געגנט פאַר די פליטים. אָט גייען „זיי", אַזוינע גרויסע, ריזיקע מיט זייער רציחה און גלייַכגילט. און עס האָט זיך דערמאַנט אַ מוטער, ווי זיי האָבן צעשמעטערט דעם טערמאָס מיטן ביסל וואַרעמען וואַסער פאַר איר קינד; און עס האָט זיך דערמאַנט אַ מאַן, ווי זיי האָבן אים גענייט צו ראַמען זייער אָפּפאַל מיט די הוילע הענט, און ס'האָבן אַלע געדענקט די איבערגעלעבטע שרעקן און געוואַרט פאַרציטערטע פון גרויל.

די זשאַנדאַרן זענען געגאַנגען. פעסטע טריט. האַרטע, פאַר־גליווערטע פנימער. רשעותדיק־קאַלטע אויגן. און געבויגן און געבוקט זיי אַנטקעגן האָט זיך די גאַנצע עדה אין טאָל, און געבעטן רחמים ווי ביי רוחות פון פאַרוויסטונג און חורבן.

— וויַיז דייַנע הענט, ייִדין !

צוויי הענט צעשפּאָלטענע פון ווינט מיט בלוט־פלעקן אויף זיי האָבן ציטערנדיק זיך אויסגעשטרעקט. אַ קידושין־רינג אייַנגעקלעמט אין פלייש, ווי אַן איבערבלייַבעכץ פון אַן אָפּגעריסענער שקלאַפנקייט, האָט געררייצט די העלע לוערע אויגן.

— נעם אַראָפּ, ייִדין !

די פרוי האָט געפרוווט און נישט געקאָנט. האָט ער אומגעדולדיק אַ כאַפּ געטאָן איר האַנט און אָנגעהויבן רייַסן. זי האָט זיך געדרייט פון ווייטיק, געשריִען. געיאָמערט האָבן אויף די איבעריקע געפּייַניקטע, געיאָמערט און געשריִען האָט די גאַנצע עדה. פנימער זענען אָנגעגאָסן געוואָרן מיט בלוט, אָדערן זענען אויפגעלאָפן אויף העלדזער און פון אינעווייניק, פון די געדערים אַרויס, האָבן זיך געריסן די קולות. דער שרעקלעכער געשריי איז געוואָקסן, געשריִען האָט, דאַכט זיך, די ערד אונטער די פיס, דער ווינט, דער הימל. די זשאַנדאַרן זענען ווילד געוואָרן, האָבן געשאָלטן, געשלאָגן. אַ באַשטיוולטער פוס האָט אַ שטויס

געטון דעם טויטן. עס האָט זיך אָפּגעדעקט דער גראָער קאָפּ און עס האָבן אַ געשריי געטון די פֿאַרגלאָצטע אויגן. דער פֿוס האָט זיך אַראָפּ־געלאָזט צו דער ערד ווי געליימט. עפּעס אין מאַרך ביים זשאַנדאַר איז משונה שטייף געוואָרן, ער האָט אויפֿגעזוכט זיינע חברים, אָנגענומען פֿאַר די אָרעמס און גערופֿן צו פֿאַרלאָזן דעם טאָל.

זיי זענען אַוועק. דער ליאַרעם האָט זיך אָפּגעריסן, און אויגן פֿול מיט פּחד האָבן נאָכגעקוקט, ווי זיי דערווייטערן זיך. שטיל און פֿאַרשטיקט האָבן געכליפּעט די געשלאָגענע.

— גאָט! — —

עמעץ האָט געבראָכן אַרויסגעזיפּצט, און הונדערטער פּנימער האָבן זיך פֿאַרריסן צום הימל און הענט, ווי פֿאַרדאַרטע וואָרצלען, האָבן זיך אויפֿגעהויבן אין אַ פֿאַרצווייפֿלטן געבעט.

ווו ביסטו... גאָט?!..

ווי אַ סטאַדע איבערגעפּאַלענע שאָף האָט זיך די גאַנצע מאַסע צוזאַמענגעפּרעסט אין איין ריזיקן קנויל, גערופֿן צו די בלייענע כמאַרעס און געוויינט. דער שטורעם האָט געיאָגט די וואָלקנס, אויפֿגעכאַפּט און צעשפּריצט די פֿאַלנדיקע טרערן און געשטויסן איבער דער ערד דעם געדיכטן רויך פֿונעם שייטער, ווי פֿון אַ פֿאַרלאָשענעם מזבח.

---

ס׳איז צוגעפֿאַלן די נאַכט. דורכגעקעלטערטע ביז די ביינער, אויסגעהונגערטע און אויסגעשעפּטע האָבן זיך די דריי יונגעלייט מיט סטאַניסלאַוון געגרייט אין וועג. ביי פּופּציק פּליטים האָבן באַדאַרפֿט מיט זיי מיטגיין, און געריסן האָט זיך יעדערער, ווי פֿון אַן אונטער־גייענדיקער שיף. צוגעבויגן צום אויפֿגעפֿלאַקערטן פֿייער האָט חיימקע מיט פֿאַרשטאַרטע פֿינגער קוים געפֿירט דעם בלייפֿעדער איבער אַ שטיק צעקנייטשטן פּאַפּיר. פֿיר מענער האָבן אים דיקטירט די רשימה; פֿיר, וועלכע האָבן געשוווירן צו זיין די לעצטע ביים פֿאַרלאָזן דעם טאָל.

ס׳האָט געדויערט לאַנג. און אַז מ׳האָט פֿאַרענדיקט, האָט סטאַניסלאַוו צוזאַמענגעקליבן אַלעמען אַרום זיך, געגעבן אָנווייזונגען, איינגעטיילט צו צוועלף מענטשן אויף יעדן איינעם פֿון די דריי געהילפֿן זיינע, אַליין גענומען די איבעריקע, זיך געשטעלט דער ערשטער און אָנגעהויבן גיין. ווי אַ קייט פֿון אַ סודותדיקן קאַראַוואַן האָבן זיך די פּופּציק סילועטן שטום אַריינגעשניטן אינעם געדיכטן פֿינצטערניש פֿון דער נאַכט.

די געגנט איז געלעגן אַ פּוסטע. ביימער בלויז זענען דאָ און דאָרטן געוואָקסן אין שיטערע גרופּעס, די ערד איז געווען זומפּיק, און

אונטער די פּיס האָט געקוואַקעט דאָס וואַסער. סטאַניסלאַוו האָט געשפּיצט די אויערן און מיט פאַרשאַרפטע בליקן געטאַפּט דעם אַרום. האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, איז געבליבן שטיין די גאַנצע שלאַנגאַרטיקע ליניע הינטער אים, האָט ער זיך אַראָפּגעבויגן, האָבן אים אַלע נאָכגעטון מיט שרעק. די ליניע האָט זיך געדרייט אין זיגזאַגן. אויגן זענען געווען צוגעשמידט צו רוקנס. פּיס האָבן אַרײַנגעטראָפן אין אויסגעטראָטענע וואַסערדיקע לעכער. קינדער האָבן נאָכגעהאַלטן ווי גרויסע. עופעלעך אויף די הענט האָבן פּאַרטאַיעט געשוויגן.

זיי זענען אַרײַן אין אַ וועלדל און געבליבן שטיין. די ערד איז דאָ געווען שטײַפער, טרוקענער. די ביימער האָבן, דאַכט זיך, געשיצט, און אַ שטיל געמורמל האָט דורכגעריזלט פון ברעג ביז ברעג.

— וואָס שטייט מען?..

— זיך אָפּרוען, – האָט מען איבערגעגעבן סטאַניסלאַווס תשובה.

די נאָדל־צווײַגן איבער די קעפּ האָבן אָן אויפהער גערודערט און אַראָפּגעטרעסלט פון זיך פאַרטריקנטע שישקעס. די מענטשן האָבן זיך אָנגעשפּאַרט אין ביימער, געאָטעמט מיט אָפענע מײַלער, געשלאָסן די אויגן.

— נאָך ווײַט?..

— געבליבן ווייניקער ווי העלפט.

— טאָ לאָמיר גיין.

— ש־ש־ש...

— רוען וועלן מיר נאָך דעם.

— שטילער!

סטאַניסלאַוו האָט זיך געטון אַ באַוועג:

— נישט ווײַט דאַרף זײַן אַ פּאָסטן.

אַן אימה־ציטער האָט דורכגעצוקט די מענטשן און זיי פאַרגליווערט. דער פויער האָט געמאַכט עטלעכע טריט, געפּרוווט דורכבויערן די נאַכט געהאָרכט.

— מיר גייען.

די ליניע האָט זיך גערירט. מען איז געגאַנגען צוזאַמענגעצויגענע אײַנגעשרומפּענע, ווי וועלנדיק צעקריכן אין דעם אַרומיקן חשכות.

און פּלוצים, ווי די ערד אַרום וואָלט אויפגעפלאַקערט, האָט אַ ריס געטון אַ שרעקלעכע שײַן פון אַ ראַקעטע, אַרײַנגעשניטן אין די אויגן און צוגעשמידט צום אָרט די גאַנצע מחנה.

— שטיין בלײַבן!

— לויפט!

סטאַניסלאַוו האָט זיך אַרויפגעוואָרפן אויפן גרענצלער. עס האָט אַ קנאַל געטון אַ שאָס און זיך דורכגעטראָגן מיט אַ געוויש דורך די צווייגן. די גאַנצע מחנה האָט זיך אָפּגעריסן פון אָרט און אָנגעהויבן לויפן. סטאַניסלאַוו האָט זיך געראַנגלט מיט אַלע זיינע כוחות. אַ פּאָר סילועטן זענען אַרויפגעשפּרונגען אויפן שומר. זיי זענען אַלע געפאַלן, האָבן זיך געקנוילט אויף דער ערד. שאַרפע שטראַלן האָבן אַ שטראָם געטון פון צוויי קעשענע-פּראָזשעקטאָרן, און קלעפּ האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן אויף סטאַניסלאַוון, אויף חיימקען און אַרקען. אייזערנע פינגער האָבן זיך אַריינגעקלאַמערט אין זייערע בגדים צוזאַמען מיט שטיקער קערפּער, אויפגעשטעלט זיי אויף די פיס און געשלאָגן. סטאַניסלאַוו האָט זיך מיט אַלע זיינע כוחות געריסן צו באַפרייען, געשלאָגן צוריק, געבריקעט און, אָטעמענדיק שווער, צעהאַקנדיק די ווערטער, געשריען:

— שלאָגט... שלאָגט... באַנדיטן!.. קיינער... קיין איינער... וועט נישט בלייבן... אין טאָל! — — אַ פּוסט פעלד... וועט איר היטן... איר... גע-דוג-גע-נע הינט!!!

דער ווינט האָט אַראָפּגעפּליקט די כריפּענדיקע ווערטער, מיט אימפּעט און רוגזה זיי געטראָגן צווישן דיביימער און אָן רחמנות צעריסן איבערן טויטן נאַכטיקן פעלד.

## חיים גראַדע

# האַרבסט

דער וועג דער ליימיקער קריכט באַרג אַרויף אין כמאַרע
פֿון האָריזאָנט וואַקסט אויס אַ פֿויער מיט אַ קריגל
און בלײַבט פֿאַרשטאַרט, אָן מראה, —
אַן אײַנגעבראָכענער הייבט אויף דער וואָלקן זײַנע פֿליגל
און קריכט אַוועק פֿון בערגל מיד,
באַווײַזט די שקיעה זיך... ווערט בראָנז דאָס קריגל,
אַ פֿאַרגאַפֿטער שטייט דער פֿויער
און בלײַבט אַזוי אַ האַרבסטיקער אין מײַן געמיט,
אַ פֿאַרגליווערטער אין טרויער.

דאָס דערפֿעלע צונויפֿגעדרייט איז אײַנגעשלאָפֿן,
געבליבן איז דער וואַלד אַן עלנטער אין דרויסן.
די סטעזשקע איז אין ווילדעניש פֿאַרקראָכן,
די פֿייגל זענען זיך צעלאָפֿן,
האָט דער וואַלד די צווײַגן אויפֿן קאָפּ פֿאַרבראָכן,
און באַוויינט זײַן בראָך דעם גרויסן.

איך ווייס, ער וועט אַ גאַנצן ווינטער,
צו מײַן פֿענצטער צוגעטוליעט, מאָלן בלומען,
אין חלום וועט ער רוישן אַ באַגרינטער
און אין מײַן האַרצן אַ פֿאַרשנייטער שטומען...

איצט פֿירט אַראָפּ די לעצטע סנאָפּעס,
פֿאַרלאָזענע, ווי דאָרפֿישע פֿאַרשעמטע כּלות אײַנגעבויגן,
און ווי אין קריג די מאַמעס נאָך כלאָפּעס,
טרויערן די לאָנקעס נאָך די סטויגן.

די ווערבעס ציטערן אין וואַסער, ווי געשפּענצטער,
און הייבן אויף צו דער לבֿנה די פֿאַרוויינטע אויגן,
ווי אַן אָרעמאַן צו אַ באַלויכטן פֿענצטער...

# פֿאַרפֿרילינג אין וואַלד

שיפּעט און צישעט אַ שטאָלענער שלאַנג אויף געשליפֿענע שינעס,
אַ פֿײַף פֿון אַ קאַלטער סירענע זאָגט אָן, אַז איך קום, —
ווישן די וועלדער זיך אויס די פֿאַרבעלמעטע אויגן, די גרינע,
און לאָזן דערפֿרייטע אַרויס אַ געברום.

די וועלדער באַפֿאַלן דעם באַן מיט אַ שטורעם פֿון זילבערנע שפּיזן,
מחנותווײַז בראָדזיען זיי איבער די קניִען אין שניי,
דער באַן זשיפּעט קוים, אַ צערייצטער אין רינג פֿון צעפּאַטלטע ריזן,
וואָס לאָזן אַראָפּ זיך אין האָרדעס מיט ווילדן געשריי.

— באַפֿרײַ דעם פֿאַרשפּאַרטן און היידאַ, דו דאַמפּיקער וואָרעם,
באַווײַזט זיך דאָ מער נישט, איר היימלאָזע, שטאָלענע הינט,
הוראַ! — שרײַען ביימער און שליסן מיך אײַן אין די אָרעמס,
דער לאָקאָמאָטיוו ווײַזט אַ פֿלאַמיקע צונג — און פֿאַרשווינדט.

סאַלוט! — גריסן ערנסט און שטײַף די ווײַס־לאָקיקע כאָרן,
מיך רינגלט אַרום מיט געיובל אַ דעמבענער דור,
און צווישן זיי שפּאַרט זיך דער נאָכוווקס, ערשט נעכטן געבאָרן,
די שנעקעס נישט אַלט נאָך קיין דרײַ צענדלינג יאָר.

יאָדלעס צעשויבערטע, פֿלייצן אַראָפּ פֿון אַ באַרגיקן רוקן,
מיט ליאַרעם ברעכט פֿריילעך אַ וועג זיך אַ וועלדל פֿון ניט,
סאָסנעס געוווקסיקע קלעטערן איינס אויף די אַנדערע — קוקן,
און טרעטן זיך אָפּ אין געדראַנג די צעפּאַרעטע פּיס.

---

אַרויף בין איך אויף באַרגיקן שוואַרץ־ערדיקן צוקאָפּן,
דער פֿראָסט איז פֿון מײַן לײַב אַרויסגערונען,
די וועלדער האָבן זיך אַרום געטראָגן אין גאַלאָפּן.
פֿריש דערהיצט , ווי ווילדע פֿערד־טאַבונען,
געטראַמפּלט און געשפּרונגען איבער דעם אַראָפּהאַנג,
צונויפֿגעשלאָגן זיך, ווי שאָף אין אימה, —
און אין דער ווירבלעניש, אין דעם אַרויף־אַראָפּ־דראַנג
האָט מיר אַ בלאַנק געטון די שטיל־געהיימע
אָזערע...

### אַ בלענדיקער געשליפענער געפריר

די וועלדער שטייען אַרום איר אין ראָד,
זיי שפּיגלען זיך און טרינקען זומער־צײַט פון איר,
און ווינטער היטן זיי איר סוד.
פאַרוואָקסן שטומען אַרום איר די הונדערט־טויזנט בנים
און וואַרטן ביז עס וועט די זון צעשמעלצן
דעם שניי און גליווער פון איר קוואַלענדיקן פנים,
דאַן וואַרפן זיי פון זיך אַראָפּ די פעלצן
און שיקן דעם בוטשאַן אַרויס אין געגנט — אַ מבשר:
— די סאַמעטענע אָזערע איז אויפגעשטאַנען.
זיי גייען קאַרעהאָד אין קאַרעהאָד אַרום דעם וואַסער,
און מיט די פליגל קלאַפּן צו בוטשאַנען...

---

און ס׳טרעטן שוין ביימער אין מאָכיקע הויכע שטיוואַלעס,
פאַרשעמט קוקט דער געלבלעכער גראָז — פאַראַיאָריקער דלות,
אַ וואָרצל קריכט אָפּ אַ פּאָר טריט — און צוריק אין דער פינצטער
איצט כאַפּט אַ פאַרקילונג מיט באָרוועסע פיס דער געזינטסטער.
די שניי־בערגלעך רוקן זיך, זוכן זיך ווו צו באַהאַלטן.
די זון אָבער קערט מיט איר גילדענעם בעזעם די שפּאַלטן.
עס בולבלט און שטיפט ערגעץ־ווו אַ פאַרבאָרגענער קוועלכל,
אַ ווערווערקע רײַבט אָן אַ שטאָם מיט הנאה איר פעלכל,
אַ טרילערל קרײַזלט. עס זעגט דורך דער לופט אַ סיקאָרע.
דער פּיקהאָלץ קלאַפּט מונטער און ווערעמט אויס פלײַסיק די קאָרע,
אַ קראָ אַ שוואַרץ־פעלציקע קראַקעט: ס׳איז נישט אַזוי שרעקלעך,
די וועלט איז אַ גבירישער טיש און עס פעלט נישט קיין ברעקלעך...
און ס׳האָרכן אין גראָבן די גילדענע פיש, די פאַראייַזטע,
מיט אָפענע מײַלער און גלייביקע אויגן פאַרגלייזטע.
אַ קוסט, אויסגעצירט אין מלבושים פון דימענטן סאַמע,
ציט אויס די הענט, ווי אַ קינד: מאַמע, העלף מיר, אָ, מאַמע,
שמייכלט די זון און דערלאַנגט אַ צעשטראַלטע אַ קוש אים,
וואַרפט ער אַרונטער פון זיך די פאַרשטײַפטע מלבושים,
גלעט זי אַקאָרטש — נעמען וואַלדקריכער דאָרטן זיך זאַמלען,
גיט זי אַ ווונק — הייבט אַ חרובע נעסט אָן צו שטאַמלען,
מיט ליפּן פאַרחלשטע שפּירן איר נאָך אַלע פלאַנצן,
נאָר ווי אַ בן־יחיד פאַרשענקט זי זיך יעדן אין גאַנצן.

# שפורן אין שניי

אַ וואַלדיקער, אַ ווײַסער טעמפּל — הונדערט טויזנט ביימער
האַלטן אונטער מיט די הענט דעם דאַך, —
די וועלט האָט מיך פֿאַרגעסן דאָ... איך בין דער שומר
פֿון דער רו, דער אייביקער — און איך באַוואַך
די קילע רוימען, די געוועלבטע, פֿון די אַלטע קאַטעדראַלן
איך טראָג צוויי פֿייגעלעך — אַ קרבן־עולה,
די זון גייט באַרעמהאַרציק אויף, און אירע שטראַלן
דערוואַרעמען די גופֿימלעך די הוילע...

ווו זײַט איר געפֿלויגן, שפּערלעך,
ווער האָט אײַך געיאָגט, — דער שפּאַרבער?
וואָס האָט איר גענישטערט, — קערלעך?
אײַער לעבן איז אַ האַרבער.

עפּנט אויף די שרעק־פֿאַרגלייזטע אייגעלעך
טשוכעט אויף זיך, שפּערלעך,
כאָטש איר האָט פֿליגל, מײַנע פֿייגעלעך,
איז אײַער פֿלי געפֿערלעך,
פֿליט אײַך, פֿליט אײַך, מײַנע פֿייגעלעך, —
אײַער פֿלי איז הערלעך...

ווו האָט דאָ געיאָגט דאָס העזל?
איך זע די פֿיסטריט זײַנע אויפֿן שניי פֿאַרזייט,
דאָ האָט ער געזוכט אַ גרעזל,
דאָ — געטענצלט, זיך געשויבערט און אַרומגעדרייט.
פֿלוצלונג האָט ער זיך צעיאָגט,
אַ שפּרונג געטון, ווי ער וואָלט וועלן זיך אויף צוויי צערײַסן,
ער האָט פֿון זײַן באַהעלטעניש אַרויסגעלאָקט
אַ וואָלף... אָט ווירבלען זײַנע פֿיסטריט אויפֿן בלאַנקן ווײַסן,
נאָך רייכערט זיך זײַן אָטעם אויפֿן שניי,
און מיט אַ שפּרונג האָט ער דעם האָז פֿאַרצאַמט, —
עס קלינגט נאָך אָפּ דער יאָמער־אויסגעשריי,
ייאָס האָט מײַן האַרץ פֿאַרסמט...

דאָ האָט דורכגעפּלאַטערט ווי אַ ווינט אַ סאַרנע,
אַ מענטש האָט זי אַרויסגעיאָגט פון וואַרעמען געלעגער, –
האָט ער זי דעריאָגט? – דער וואַלד שווייגט כמאַרנע,
און פאַרשאָטן איז דער שפּור פון יעגער.

איך הייב אויף טרויעריק מיין בליק – דער טעמפּל
גליווערט קאַלט; מיין האַרץ קלאַפּט שטיל ווי אָפּגעשטאָרבן.
די זון האָט אָנגעצונדן אין געצווייג אַ לעמפּל,
און עפּעס וואָס באַנעם איך, עפּעס וואָס פאַרשטיי איך:
ס'איז יעדער וואַלד-באַשעפעניש אַ קרבן,
און יעדער בערגל – אַ מזבח...

# נ אַ כ ט

די וועלדער לייכטן בלאָ פון פראָסט,
זיי זינגען – און דאָס ליד ווערט אייז אויף זייער מויל,
דאָס וואַסער קלינגט אין אָזערע פאַרגלאָזט,
די ווייטן זינגען אויסגעצויגן, דין און הויל,
אין פענצטער פון מיין שטיבל הענגט דער הימל,
ווי אַ טונקל-גרינע קויל,
און שטערן שווימען דאָרט אין גילדענעם געווימל.

מיין שטיבל אַ פאַרטייעטע אין שניי
גראָבט אַרויס זיך אונטער דער לבנה איינהאָרכן דעם ניגון,
אַך, זיסער עלנט, זינגעוודיקער וויי,
שווער איז מיר צו זיין פון גאָר דער וועלט פאַרשוויגן...

די לבנה שוועבט... איר וואָלקן-שלייער דורכגעשפּינט
מיט פּערל ציטערט ווי אַ זייד-געוועב אין ווינט,
ווי פייגל פלאַטערן איר נאָך די שטראַלן-צעפּ, –

די בערגער ציען זיך צו איר פאַרבענקטע, שטילע,
זי גייט אַראָפּ אויף ליכט-געשטרייפטע טרעפּ
אין שנייען-טבילה...

# די אָזערע

## א

מיר זענען אַרויס אויף פֿאַרטאָגיקע וואַסערן
זוכן דאָס גליק.
דער שטראָמיקער לויף האָט פֿאַר אונדז געטון מסרן,
אַז טיף אין די דעמבענע וועלדער פֿאַרבאָרגן
פֿינקלט אַ קאַלט־בלאָער שײַטער —
די אָזערע...
דער שטראָם האָט זיך דאָרטן געלײַטערט;
איצט אײַלט ער זיך ווידער אַהין אין פֿרימאָרגן
צוריק; —
שווימען מיר אויף די פֿאַרטאָגיקע וואַסערן
זוכן דאָס גליק.

פֿריילעך און היימיש שפּרינגט אָן אונדז אַנטקעגן
אַזוי ווי אַ קעלבל — דאָס הויז אויפֿן בערגל,
אַ פֿויערטע קניט אויפֿן קרייץ פֿון די וועגן,
עס האָלדערט, עס גענדזלט און גערגלט,
עס פּאַטשט מיט די פֿליגל אַ האָן,
דער טאָג נאָך זײַן דאָרפֿישן הרגל
הייבט זיך שוין אָן.

דאָס הײַזל לויפֿט נאָך אונדז מיט בלענדיקע שויבן —
און בלײַבט הינטערשטעליק.
עס ציט דורך אַ זײַדענער שטורעם פֿון טויבן,
ס'איז זוניק און טרעליק.

ווי אַ טויב בין איך פֿול מיט געפּלאַטער און קנאה,
איך וויל מיט מײַן האַרץ און מײַן ליבשאַפֿט זיך טיילן,
נאָר איך קען נישט דאָס גליק אָפּגעפֿינען,
וואָס ברומט אין די בלעטער פֿאַרהוילן
אין בלאָען באַגינען...

## ב

אַ בעראָזע־וועלדל פֿלאַפֿלט פֿריילעך, ווײַסע שטאַמען —
ווי וועשערינס די קליידלעך ביז דער העלפֿט פֿאַרקאַשערט.
דערזעט דאָס וועלדל אונדז – דאָס פּנים נעמט אים פֿלאַמען,
דער שטראָם ווערט אויך צעטומלט לײַכט־פֿאַררייטלט,
און ווי אַ הונט, וואָס רײַסט זיך אָפּ פֿון קייטל,
פֿליט ער פּענדום אַ פֿאַרשמײַעטער, אַ ראַשער.

ער טראָגט זיך איבער גרינע פֿלאַכע פּליינען,
ביז אים קומט אין וועג אַ געלער זאַמדיקער שיפּוע,
וואָס טראָפּנט גאָלדיק, ווי די זון וואָלט וויינען. –
דער שטראָם, דער אָנגעבלאָזענער בעל־גאווה,
וואָס שפּרייט זײַן עק אויס פֿאַרביק ווי אַ פּאַווע,
מוז שפּרינגען ווי אַ פֿערד פֿון ענגער דוהע.

די זאַמד־בערג האָבן זיך צערוקט און אויפֿגעריגלט
אַ פֿעלד, באַפֿעלקערט מיט שטאָלץ־פּיסיקע בוטשאַנען,
דער הימל דרייט זיך, ווי אַ קײַלעכדיקער שפּיגל,
מיט אַלעמען אין איינעם און מיט יעדערן באַזונדער:
דאָס האַרץ איז נאָך נישט אָנגעזעטיקט מיטן ווונדער –
און ס׳רײַסט אונדז שוין אַוועק פֿון דאַנען.

אַ ווערבע האָט פֿון ברעג ביז ברעג זיך אויסגעבויגן,
זי וויל מיט אירע אָרעמס אונדז דעם וועג פֿאַרצאַמען,
דאָס וואַסער שיסט אַריבער אין אַ רעגן־בויגן,
און פּויזעט אויפֿן בויך מיט אַ פֿאַרשטיקטן ברומען,
די ווערבע ציטערט, זי וואָלט מיטגעשווומען,
נאָר קען נישט אָפּרײַסן זיך פֿון דער ערד – איר מאַמען.

און ס׳זופּט דער שטראָם די וויאָרסטן גיריק,
דאָ טונקל און דאָ זוניק ווערט אויפֿן געמיט אים,
ער חנדלט זיך און שפּילט זיך פֿילקאָלירק,
דרייט זיך פּוסט־און־פּאַס, ער גראָבט אויס בוכטעס,
פֿאַרלירט די ריכטונג אין געדיכטעניש און זוכט עס,
און ס׳טאַנצט דאָס שיפֿל נאָך זײַן ריטעם.

ביז ער ווערט געראָנצלט, מיד און פֿינצטער,
דיביימער, ווי אַלמנות איינגעהילט אין שוואַרצן, הויערן,
עס שלאָגט נישט דורך דער שטראַל, דער מינדסטער,
אויפֿגעהערט האָט זיך זיין פֿאַרב־מיניען,
די ביימער שטייען ווי אַרום אַ בר־מינן
אין שאָטנס איינגעהילט — און טרויערן...

ג

„האָפֿענונג" — שטייט אָנגעמאָלט מיט רויטע אותיות אויף מיין שיפֿל,
און אין מיין האַרץ איז איינגעקריצט ווי מיט אַ גריפֿל
„שטורעם".
אַך, עס שלאָפֿט דערוויל מיין האָפֿענונג אָן שטורעם־בשורה,
ווי אַ פֿויגל מיטן שנאָבל אין די פֿעדערן פֿאַרנורעט.

ווי לאַנג וועל איך נאָך וואַנדערן דורך נעפּלען און טונעלן,
שפּרינגען איבער זאַמד־בענק, טאַנצן איבער וואַסער־שוועלן?
קום, אָ, שטורעם,
מיין האַרץ וועט דיר אַנטקעגן שלאָגן מיט אַ פֿריידיקן אַנטציקן,
ווי אַן אויסגעבריטע שוואַלב וואָס נעמט דאָס איי־שאָלעכטס צעפּיקן.

אין וואַסער־גראָז פֿאַרפֿלאָנטערט קען איך נישט דעם וועג געפֿינען,
וואָרצלען אַרום מיר ווי הונדערט־פֿיסיקע פֿאַרדאַרטע שפּינען.
קום, אָ, שטורעם,
רייס דורך די נאַכט, וואָס איז פֿונעם געצוויַיג אין טייך אַראָפּגעפֿאַלן
און לאָז מיך טאַנצן אויפֿן שוים ווי אויף קינדשאַלן.

אַ דומפּער ריח שלאָגט פֿון דעם באַבלעטערטן פֿאַרהוילעניש,
עס טריפֿט די זון ווי בלוט פֿון איינטערדיקן פֿוילעניש.
קום, אָ, שטורעם,
שטויס אַרויס מיט אימפּעט אונדזער שיפֿל פֿון די פֿלאַכן
און לאָז אונדז אויף דער ברייט מיט אַ פֿאַרכאַפּטן אָטעם לאַכן.

טויטע וועלדער ווי אַ מחנה בלינדע טאַפּן אינעם אַוויר,
פֿאַרוואָקסן מיט לישייעס, דורכגעשימלט, שוואַרץ פֿון זשאַווער.
קום, אָ, שטורעם,
שלאָג אַריין דיין בליץ־געלעכטער אינעם פֿאָרכטערלעכן שוויַיגן,
די וועלדער זאָלן ברומען ווי די חיות אין די שטייגן.

דאָס וואַסער בלעזלט זיך ווי ווײַסלען פֿון אַרויסגעפּלאַצטע אויגן,
אַלע טײַך־פֿאַרזעענישן לייגן אין מײַן האַרצן אָפּ די רויגן.
קום, אָ, שטורעם,
וועק אויף מײַן האָפֿענונג, וואָס ליגט צונויפֿגעבייגלט
און טראָגט מיר ביידע מײַנע טרײַע זינגעדיקע פֿייגל...

ד

די אָזערע!.. כ׳וויל אויסשרײַען — און קען נישט... שטום.
אַ בלאָער שפּיגל אַ געשליפֿענער מיט גאָלד אַרום,
די זון הענגט, ווי אַ גלאָק אין גלעזערנעם קופּאָל,
און אָפּגעשלאָסן איז די וועלט — אַ קײַלעכדיקע דינע שאָל.

די אָזערע, וואָס האָט מײַן חלום בײַ דער נאַכט געשווענקט
און איך האָב זיך צו איר געצויגן אויסגעבענקט,
האָט אויפֿגעדעקט זיך מיט אַ שמייכל אין איר גאַנצער ברייט
און אויפֿגענומען אונדז מיט ציטעריקער שטילער פֿרייד.

זי האָט געשוויגן און נישט אָנגעזאָגט, אַז זי איז נאָנט,
די ראַר־געצוויקסן האָבן אונדז פֿאַרשטעלט דעם האָריזאָנט,
און פּלוצלונג, אין מײַן בענקשאַפֿט און מײַן חלום דורכגעגליט,
איז זי געבליבן רויִק שטיין אין מײַן געמיט.

ה

כישוף, כישוף, גרינער שפּיגל,
מיט דײַן שײַן,
אַ מאַמע וויגט איר קינד אין וויגל
נישט פֿאַרחלומטער און טיפֿער,
ווי דער תּהום פֿאַרוויגט דעם שיפֿער —
וויגט אים אײַן.

דער הימל האָט זיך אָנגעבויגן
שטיל און בלוי.
אַ מיידל קוקט נישט אין די אויגן
פֿון איר ייִנגל אין זײַן דרימל,
ווי אין פּנים מיר דער הימל —
מילד אַזוי.

אין מײַן חלום זשומט אַ מלאכל —
אַ ליבעלע.
קושט און גלעט מיך װי אַ שטראַלעכל:
מײַן גוף איז שמאָל, די פליגל גראָזיק
און אַ טױ־קרישטאָל מײַן גלאָזיק
שטיבעלע.

גאַף איך און אַ שמײכל בלאָנדזשעט
אין מײַן בליק.
ביז מײַן בליק װערט אױך פֿאַרבראָנזעט,
שטיל. אַלץ גאָלדיקט און אַלץ זילבערט,
ביז אַפֿילו אױך אַ מילב װערט
זאַט פֿון גליק.

ו

שװים, מײַן באַשװױרענער גליק־זוכער, שװים
צו דעם אינדזל דעם גרינעם פֿון פֿרײד... צו דעם זילבערנעם טרעפּל,
זיס איז די טיפֿע פֿאַרהױלענע שטים
פֿון גרין־האָריקן אָפּגרונט, װאָס קושט מיך און פּרעפּלט.

דער שטראָם איז אַ פֿידל, מײַן שיפֿל — אַ סמיק,
די רינגען אין װאַסער אַרום טראָגן ציטריק פֿונאַנדער
די שטילע פֿאַרחלומטע װײכע מוזיק,
און אױך דער דין־סטרוניקער הימל זינגט מיט אין מײַן װאַנדער.

אַ גליטש טוט זיך איבער מײַן פּנים אַ װאָלד,
אַ בליץ טוט אַ כװאַליע — עס לױפֿט איבער מיר דורך אַ שאָטן,
די כװאַליע צעקרישלט אין זון און צעפֿאַלט —
דאָס האָט זיך אין תּהום אַ שמאַראַגדענער פּאַלאַץ צעשאָטן.

שװעב, מײַן שמאָל־גאָזיקער טײַך־יעגער, שװעב,
זוך פֿון דער שטילקײט אַרױס די בורשטינענע פֿלײנען,
װאָס רױשן געהײם אינעם פֿלאַנצן־געװעב
און פֿאַרכּישופֿן די פֿיאָלעטענע װעלדער מיט זײערע חנען.

וואָך איז מײַן האַלב צוגעשלאָסענע אויג,
איך וויג זיך אויף רוקנס פֿון שעפּסן אַלץ ווײַטער אָן ענדע, —
דאָך וואַך איך, ווײַל גיט זיך מײַן שפּיל אַ בויג,
פֿאַל איך אין אָפּגרונט אַרײַן פֿון דער בלאָער לעגענדע...

ז

איך האַלט נישט לענגער אויס די פֿרייד
און אַ פֿאַרבלענדטער גיב איך ראַש אַ זעץ זיך אויף אין שיפֿל:
זאָג מיר, גוטער ברודער, דעם באַשייד,
וואָס איז עס פֿאַר אַ שפּיל פֿון גרין און בלאָ
אין שטילער גילדענער פֿאַרמיטאָג־שעה.
און וויפֿל איז דער שיעור צו ברוינען אויף דער זון די גלידער, וויפֿל?

נעם אַרויס פֿון רוקזאַק דעם פֿײַפֿיאַל,
און פֿינגער אויס אַ ניגון אויף דער ליימענער, דער פּראָסטער אָקאַרינע,
אַ טאַנץ טון אויפֿן וואַסער וועט דער ווידערקול,
אַ שושקע טון זיך לײַכט מיט דעם טשערעט,
אַ פֿלי טון צו די צווײַגן — און העט, העט
אַוועקקרײַזן אין די געדיכטע וועלדער, די געהיימע, גרינע.

אַלץ גליווערט אויסגערייפֿט און זוניק־קלאָר,
נאָר ס׳שטייט די וועלט ווי אין דער אָזערע קאַפּויער אין מײַן שאַרבן,
איך טאַפּ עס אָן מיט מײַנע הענט — ס׳איז וואָר,
דאָך איז מיר יעדע זאַך אַ שטומער סוד,
און ווייסטו שוין די נעמען — וואָס איז דער יסוד
וואָס בינדט אַלץ אויף אינאייינעם ווי אַ פֿויער זײַנע גאַרבן?

ווער בין איך? — רוף איך אין דער ווײַט.
„איך!“ — ענטפֿערט אַ פֿילשטימיקער פֿאַרהוילענער פֿון אַלע זײַטן.
צעטומלט קוק איך אין אַיעדער זײַט:
אַיכּה, — שרײַ איך, — ווער און וווּ ביסטו?
די שטילקייט פּלאַצט. עס דונערט: „דו!“
און אין די וועלדער הילכט די פֿרייד פֿון אור־גן־עדן־צײַטן.

מײַן חבֿר חלומט אויפֿן פֿײַפֿל — און זײַן ליד
וויגט זיך ווי אַ בלאָע זײַל; ס׳איז זוניק, שטיל און פֿרײַ איז.

די זאַמדבערעגן, וואָס גליִען פֿויל און מיד,
הייבן אויף די קעפּ פֿאַרגולמטע ווי קי,
זיי גיבן נאָך דעם פּײַפֿל זיך אַ צי
און אויך די וועלדער רוקן־צו זיך ווי פֿאַרכּישופֿטע געשטילטע חיות.

די אָזערע ווערט גראָ געהאַרטעוועטער שטאָל,
אַ וואַלד קריכט פֿון דער טיף אַרויס... און דאָרט, ווו איך האָב נאָר וואָס
געזוכט דעם אומבאַקאַנטן פֿון מײַן ווידער־קול,
פֿינקלט דורך אַ הייסער ברוינער גוף,
בלעטער־שאָרך, אַ שטילער פֿײַף, אַ רוף,
ווי אַ יונגער גאָט וואָלט אין געדיכטעניש אַרומגעקלעטערט באָרוועס...

## ח

דער אָפּגרונט קלאַפּט מיט דימענטענע פֿינגער
אין מײַן שיפֿל — ראַ־טאַ־טאַ־טאַ,
איך בין דײַן גורל־ליד, איך בין דײַן זינגער —
הערראָ־קאַ...

איך בין דער טויט מיט גרינע אויגן,
שטורעם איז מײַן ברוסט,
פֿאַרסמט איז דער וואָס האָט געזויגן
פֿון מײַן לוסט.
הער, ווי סודותדיק די וואַסער־הימלען
ענטפֿערן דער אייבערפֿלאַך:
פֿאַרזינק נישט ווי אַ קאָרטש אין דרימלען, —
זײַ וואַך!

דורך אונטערערדישע פֿאַרהוילענע געוועבן
קוועל איך, פֿלייץ און ריזל
צו דער אייבערפֿלאַך, צו ליכט, צו לעבן,
טוי־געפּערלט איז מײַן הויט,
נאָר מײַן נאָפּל איז פֿון קיזל —
אין מײַן בויך איז טויט.

קראַנק בין איך פֿון די באַשעפֿעניש,
צעטומלט פֿון די פֿלאַנצונגען אין מײַנע תהומען,

פֿול מיט קריפּלען גרוילנדיקע,
מיט קאַלירטע רעטענישן, טרעפֿענישן,
פֿול מיט ווילדענישן פֿוילנדיקע
און אַ נאָמען...

איך שטיל די וואָרצלדיקע ערד פֿון טויזנט שפּונטן –
און ווער אַליין פֿון דורשט פֿאַרברענט;
איך ברען פֿון דורשט, פֿאַרשטיקט אין מײַנע גרונטן –
מיט אויסגעשפּרייטע הענט
און רונדיקע ווײַס־ראָזע קני
פֿיבער איך נאָך תּענוג
אַ גאַנצע נאַכט ביז אין דער פֿרי
און ווער פֿון זון געפּײַניקט.

אָן קליידער, מיט צעהיצטע היפּטן,
רויש איך דורך די וועלדער, לויף איך אויף די ברעגן,
מיט אַ בליק פֿון זיסן שוידער אַ פֿאַרטיפֿטן
זוך איך... און באַרעגן ווען איך באַגעגן
מיט דער מילך פֿון מײַנע בריסט די פֿולע,
איך קוש אים אויס דאָס האַרץ און מורמל שיכּור,
אַ פֿאַרבענקטע און אַ דולע:
„אָ, קום צו מיר, צערײַס מײַן לײַב אויף שטיקער,
אייביק בין איך ווײַב,
דאָך בלײַב איך יונג, ווער יעדעס מאָל אויפֿסנײַ געבאָרן,
די זינד צעאַקערט נישט מײַן לײַב
און נישט די יאָרן,
אָ, קום צו מיר...״
און מײַנע אָרעמס
שלעפּן אים אַרײַן אין שטורעם,
ער זעט די לוסט, וואָס בליט אין קבֿרים, –
און זײַן געשריי פֿון תּאווה און יסורים
פֿאַרטרינק איך מיט מײַן שוימיקן פֿאַרשײַטן הילך:
„איך – האָב דיר זיך אָפּגעגעבן,
מײַן קוש איז טויט און סם מײַן מילך –
איך בין דאָס לעבן״...

## ט

ווי דער שלאַנקער טאָפּאָל לײַכטסטו, מײַן געליבטע, אויפֿן הויכן ברעג,
ווי די נעסט זײַן פֿויגל — וואַרטסטו אָפּ מײַן שיפֿל,
דײַן האַרץ באַגלייט מיך אויפֿן וועג,
וואָס איז סכּנותדיק און מיפּול.

איך וויל אַרויסשנײַדן אַ שטיק
פֿון סאַמעט־פֿאַלדיקן בלאָאויגיקן געוואַנט
און דיר אַנטקעגן זינגען:
נישט פֿאַרגעסן האָב איך דיך אין וואַנדערלאַנד,
מײַן שטילער גליק,
און מיט די טײַכן פֿון דעם קאַנט
גיי איך אַרום דיר אין רינגען — —

אַך, וואָס פֿאַר אַ געשאַנק זאָל איך דיר ברענגען, וואָסערע
מתּנות פֿאַר דײַן זאָרג און דײַנע תּפֿילות? —
איך וועל דיר ברענגען פֿון דער אָזערע
אַ שיפֿל אָנגעשוימט מיט ווײַסע ליליעס.

די בלעטער — ליכט, די בעכערס — דימענטענע שפּליטערן,
אַז דו וועסט רופֿן זיי בײַם נאָמען,
וועלן זיי פֿון חלום קערן זיך צו דיר און ציטערן,
ווי צו אַ זונשטראַל פֿון די תּהומען...

אַרײַנגעוועבט אין די געדיכטע פּלאַנצן,
אַ פֿאַרפֿרוירענער אין ווײַסע ליליעס, הער איך ווי דער אָפּגרונט זינגט,
זינג איך מיט... און שוימען־שפּיצן טאַנצן,
די זון שפּרינגט דורך די וואָלקנס ווי אַ טיגער דורכן דזשונגל שפּרינגט.
איך זינג
און פֿונקען ליכט ווי פּערל לעשן זיך אין שפּיגל,
איך זינג
און בלעטער פֿלִיִען אַרום מיר — אַ מחנה ווײַסע פֿליגל,
די וועלדער, ווי צעריי‌צטע הינט
אויף קייטן, רײַסן זיך געשלאָגן פֿון שגעון,
אין מײַן שיפֿל לאַכט אַ קינד
און איבער אים די ווינטן וואָיען...

באַלעגערט איז דער האָריזאָנט מיט כמאַרעס,
בליצן שרפֿען,
אין אָפּגרונט ברומען אָרגלען, ס׳ציטערן גיטאַרעס
און עס וויינען האַרפֿן.

איך זינג – און אויפֿגעברויזט פֿון מײַן געזאַנג
שיסט אַרויס אַ טענצערין פֿון אַ געקרויזטע כוואַליע,
איר גאַרטל דרייט זיך ווי אַ פֿײַערדיקע שלאַנג
אַרום איר טאַליע,
די אָרעמס און די פֿיס ווי זילבערנע פֿאָנטאַנען,
זי טאַנצט און דרייט אַרויף זיך אויף אַ בליץ – – –
מײַן שיפֿל רײַסט זיך דורך בריליאַנטענע טומאַנען
און שנײַדט די כוואַליעס מיט זײַן שאַרפֿן שפּיץ.

איך זינג... די וואָלקנס פֿלאַטערן אַרום מײַן קאָפּ ווי ראָבן,
דער אָפּגרונט לעקט מײַן שאַרבן,
איך זינג פֿון קאַראַוואַן אין מדבר־זאַמד באַגראָבן,
וואָס קען ניט אָטעמען און קען נישט שטאַרבן...

איך זינג דאָס אַלטע ליד פֿון אײַנגעוויגטן פּאַלמען־יִישובֿ,
אונטער זיבן הימלען פֿון קרישטאָל,
די זײַלן־שטאָט, וואָס וואַרט עס זאָל איר אויפֿוועקן פֿון כּישוף
דער פֿיש וואָס זיצט אין שטערן־טורעם;
איך זינג
און ווי די ווילדע קאַטשקע שרײַט מײַןווידערקול
אין שטורעם...

י

אָ, פֿרײַהייט, אָ, זון, אָ, דו גילדענע שײַן,
די וועלט די פֿאַרנאַכטיקע וואַרט אויף דײַן לעצטן גענאָד,
איידער דו גייסט אין דײַן היכל אַרײַן
אַנטפּלעק אונדז דעם סוד – אָ, דעם אָפֿענעם גליַיקן סוד
פֿון דײַן זײַן...
אייביק געשלאָסענער ליכטיקער קרײַז,
דו ברענסט בײַ דער וועלט דער פֿאַרפֿײַניקטער, ווי בײַ אַ גוסס צוקאָפּן,
ברעך אונדז אַרויס פֿון דער נאַכט, ווי פֿון אײַז,

און לײַכט אין מײַן האַרצן, ווי אין טויִקן טראָפּן...
אָ, רויִקער, מילדער, פֿאַרקלערטער גאָלד־אַפּל,
דו שמייכלסט, אַלץ וויסיקער, שטענדיק פֿון אונטער די ברעמען,
ס'איז יעדער יאָר־טויזנט געוועזן אַ שטאַפּל
צו דיר,
מיר האָבן גערופֿן מיט טויזנטער נעמען
צו דיר
און דיך אויסגעצערטלט אין טויזנט געשטאַלטן.
דו — אונדזער תּפֿילה און שרעק,
מיר שווימען צו דיר פֿון דער נאַכט זיך באַהאַלטן —
און דו שווימסט אַוועק...
אָ, מולך,
מיר ברענגען זיך אום פֿאַר דײַן לײַב דעם צעשטראַלטן,
דאָס רינט אונדזער בלוט פֿון דיר רויט,
אַלמעכטיקער, קופּערנער, גרויזאַמער מולך,
מיר האָבן דיר טעמפּלען געבויט,
אַ טיף אײַנגעבויגענער גרויל איך
פֿאַר דיר,
מיט הענט אויפֿגעהויבענע בין איך מתפּלל
צו דיר,
מײַן גוף איז אַ קנויט און מײַן בלוט איז אַ קוואַל אייל
פֿאַר דיר.
דו אוראַלטער שרעק־אומגעהײַער,
אומהיימלעך פֿאַרקרימטער, פֿאַרגליווערטער ספֿינקס דו,
דו בלוטיקער קאָפּ אין אָקינוס פֿון פֿײַער,
באַפֿליגלטער לייבן־קאָפּ, זאָג מיר, וואָס ווינקסטו
צו מיר?

דיביימער, פֿאַרוויקלט אין רויטע געווענדער,
שפּרײַזן אין רייען ווי כּוהנים פֿאַזע די ברעגן,
און איך, מיט אַ גלייביקן בליק צוגעווענדט דיר,
טראָג דיר מײַן לעבן אַנטקעגן.
דער הימל־בלאָ וועלבט זיך אויף גילדענע זײַלן,
איך בוק זיך פֿאַר דיר אויף סאַפּירענע טרעפּ,
איך ברענג דיר אַ קרבן מײַן האַרץ, דורכגעשטאָכן פֿון
שטראַליקע פֿײַלן,

מיט אָרעמס פֿאַרהויבענע בייגן די ביימער די קעפּ.
אַלמעכטיקער הערשער אין פֿלאַמען,
באַווייַז זיך צו אונדז דורך די פּורפּור־יריעות,
מיר קוקן פֿאַרטרויט דיר אין פּנים, אַזוי ווי דער זייגלינג —
דער מאַמען,
לאָז פֿאַלן דייַן שמייכל אויף אונדזערע נאַכטיקע וויִעס,
פֿאַרנעם אונדזער תּפֿילה, אָ, זון־אונטערגאַנג,
אָ, פֿרייַהייט, אָ, ליכט, אָ, דו אייביקע שייַן,
פֿאַרנעם אונדזער ליב, אונדזער אָוונט־געזאַנג,
איידער דו גייסט אין דייַן היכל אַרייַן,
איידער דייַן לופֿטיקער טעמפּל פֿאַרזינקט אינעם בלאָ אינעם
כוואַליקן,
דערלייז אונדזער אימה און פּייַן
אין דייַן פֿייַער דעם שטראַליקן...

נח פּרילוצקי

# פאַרוואָס איז דאָס ייִדישע טעאַטער אויפגעקומען אַזוי שפּעט?

טעאַטער — אין ברייטערן זין פון באַגריף — איז ביי ייִדן אויפגעקומען ערשט אין 19טן יאָרהונדערט — גענויער: אין לעצטן פערטל זיינעם (ווען נישט רעכענען די פריִערדיקע ספּאָראַדישע פּרוּוון — אַ שטייגער, ווי אין וואַרשע אין צווייטן פערטל פון 19טן יאָרהונדערט).

מוז מען מודה זיין: מיט אַן אויסערגעוויינטלעכער פאַרשפּעטיקונג לגבי אַנדערע פעלקער — און אויך לגבי די איבעריקע פאָרמען פון קינסט־לערישער קולטור ביי ייִדן גופא, ווען נעמען אין אַכט, אַז נישט שפּעטער פונעם 15טן יאָרהונדערט איז פאַרפאַסט געוואָרן דאָס מערקווירדיקע „שמואל־בוך"; אין די יאָרן 1507—1514 זענען אָנגעשריבן געוואָרן דאָס „בבא־בוך" און „פאַריז און וויענע"; 1594 איז צום ערשטן מאָל אַרויס פון דרוק דאָס „קו־בוך"; 1602 האָבן זיך באַוויזן אין גראַפיש פּרעכטיקער אויספירונג דאָס „מעשה־בוך" און „דער בראַנטשפּיגל"; אַרום 1618 (אָדער פריִער) איז אַרויס די באַרימטע „צאינה וראינה", 1620 — „לב טוב", 1707 — דאָס גראַציעזע און באַשמעקטע „שמחת הנפש".

מיט וואָס־זשע לאָזט זיך פאַרענטפערן, וואָס אין דער דראַמאַטישער קונסט זענען ייִדן אַזוי לאַנג געבליבן הינטערשטעליק?

די דאָזיקע טעמע וועלן מיר זיך באַמיִען אַרומצורעדן אין די ווייטערדיקע פינף קאַפּיטלען.

---

## קאַפּיטל I

ס׳איז אַ פעסטגעשטעלטער פאַקט: כמעט ביי אַלע היסטאָרישע פעלקער איז די דראַמאַטישע קונסט אָדער לכתחילה אויפגעקומען אינעם רעליגיעזן קולט, אָדער ערשט אין אים זיך אָרגאַניזירט און געוווּנען פאַרנעם, טעכנישע מיטלען, ווי אויך סאָציאַל־קולטורעלן באַטייט.

דאָס, וואָס מיר רופן טעאַטער, איז בײַ פיל פון די איצטיקע אומות אַזוי־אַרום געהאַט געקומען פון אויוון, אויסגעוואַקסן אויס דער גײַסטיקער קולטור פון דער געגעבענער עפּאָכע (בײַ די קאַטוילן — אַדאַנק ענערגישער מיטהילף און אונטער אַפּיטרופּסות פון דער קירך).

## א

אין אַלט־גריכנלאַנד זענען מקדמונים אײַנגעפירט געווען ספּעציפישע יום־טובֿים לכּבֿוד דיאָניסן. קיין אַנטיקע איז דער קולט דער דאָזיקער אַריבערגעפלאַנצט געוואָרן פון טראַציע, ווו ער האָט געטראָגן אַ העכסט פּרימיטיוון, ווילדן, רויען און צעלאָזענעם כאַראַקטער. ערשט אין אַטען איז ער געריייניקט און פאַרפײַנערט געוואָרן.

אַ צענטראַל אָרט אינעם פּראָגראַם פון די דיאָניסישע יום־טובֿים האָט פאַרנומען דער דיטיראַמב, אַ מין פאָרשטעלונג וועגן געבורין און וועגן פאַרשידענע עפּיזאָדן אויסן לעבן פון דעם געדאַכטן גאָט (געשפּילט האָבן מאַנצלײַט, פאַרשטעלט פאַר סאַטירן). מיט דער צײַט איז זי געוואָרן אַ האַרמאָנישע פאַראייניקונג פון געזאַנג, מוזיק, טאַנץ און מימיק; דער טעקסט גופא האָט געהאַט אין זיך די עלעמענטן פון ליריק, עפּאָס און דראַמע. דערפון האָט זיך אין ווײַטערדיקן גאַנג פון דער עוואָלוציע אַרויסגעוויקלט די מערקווירדיקע אַלטגריכישע טראַגעדיע.

אַ צווייטן זשאַנער אינעם באַשטאַנד פון די יום־טובֿדיקע אויפֿפירונגען און פּראָצעסיעס לכּבֿוד דעם גאָט פון רעגן און טוי, פּרוכפּערקייט, ווײַן און שיכּרות האָבן אויסגעמאַכט פאַלקס־זמרלעך — תּחילת מיט אויסדריקלעך עראָטישן אינהאַלט (פאַלורישע מאָטיוון), דערנאָך ס׳רובֿ מיט קאָטאָוועסדיקן (בשעתן צוג פלעגן די פויערן זיך נישט באַנוגענען מיט זינגען דעם טראַדיציאָנעלן רעפּערטואַר, גאָר אויך פון זיך אַרײַנשטעלן וויצן, עפּטערס פון אַקטועל־סאַטירישן כאַראַקטער). פון די דאָזיקע פאָלקסלידלעך האָט זיך אין דאָרישן מעגאַר (אָדער אינעם סיציליִשן?) אויסגעאַרבעט די אַלטגריכישע קאָמעדיע, וועלכע איז דערנאָכדעם, אין אַטען, דערגאַנגען צו דער העכסטער מדרגה אירער.

אין זעקסטן יאָרהונדערט פאַר דער קריסטלעכער צײַט־רעכענונג האָט שוין די טראַגעדיע פאַרנומען לעבן דיטיראַמב אַן אייגן אָרט אין די יום־טובֿים פונעם דיאָניסישן קולט; שפּעטער איז דאָס געשען אויך מיט דער קאָמעדיע. דעמאָלט האָט מען פאַר דער דאָזיקער דראַמאַטישער קונסט געבויט שטאַבילע טעאַטערס — אומעטום אין שכנות מיט

דיאָניסנס טעמפּלען. אויסגעטיילטערהייט און אין אַ זעלבשטענדיקן בנין איבערגעטראָגן, זענען די פאָרשטעלונגען פון טראַגעדיע (און דערנאָך אויך פון קאָמעדיע) ווײַטער באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ באַשטאַנדטייל פון די פעריאָדישע רעליגיעזע צערעמאָניעס לכבוד דעם אַלטן גאָט.

כּדי דאָס בילד גאַנץ צו מאַכן, זאָל נאָך דערמאַנט ווערן, אַז פון די כאָר־געזאַנגען בײַם דיאָניס־יום־טובֿ האָבן זיך אויסגעטיילט (אין דער צווייטער העלפט פון זעקסטן יאָרהונדערט פאַר קריסטוסן) די „ס אַ ט י ־ ר י ש ע פ אָ ר ש ט ע ל ו נ ג ע ן", אַ מיטלרינג צווישן טראַגעדיע און דראַמע.

## ב

די אינדישע דראַמאַטישע קונסט, האַלט מען, האָט אַרויסגעשפּראָצט פון דעם זייער אַלטן ווי ש נ ו ־קולט מיט זײַנע פעריאָדישע צערעמאָניעס און פּראָצעסיעס, וועלכע מע פלעגט באַשיינען מיט פאַנטאָמימעס און דראַמאַטישע לידער.

אין געוויסע יום־טובֿ־טעג לכבוד ווי ש נ ו (אָדער ק ר י ש נ אַ) פלעגט מען עפנטלעך אינסצעניזירן אונטערשיידלעכע עפּיזאָדן אויס זײַן לעגענדאַרישער „ביאָגראַפיע" — מיט געזאַנג, מוזיק, טענץ און אימפּראָוויזירטע דיאַלאָגן אין פּראָזע (אין ב ע נ ג אַ ל י ע האַלטן אַזוינע פאָלק־ספּעקטאַקלען אָן עד היום — מע רופט זיי דאָרט י אַ ט ר ע ס, ד"ה אייגנטלעך: צוגן, פּראָצעסיעס).

פון די פאַרשידענע אינסצעניזאַציעס מיט ריטועלן כאַראַקטער האָט זיך עס אויסגעשיילט די אַלטאינדישע דראַמע, וואָס האָט דעם העכסטן בליפּונקט אירן דערגרייכט אין דער עפּאָכע צווישן דעם פינפטן און אַכטן יאָרהונדערט פון דער קריסטלעכער ערע, דיפערענצירט אין גאַנצע 28 מינים (10 פון דערהויבענערן זשאַנער און 18 פון פשוטערן).

נישט זײַענדיק אַרעליגיעז אָדער אַפּיקורסיש, האָבן טאַלענטירטע אינדישע דראַמאַטורגן פונדעסטוועגן אויפגעהערט צו שעפּן שטאָף פון עם ריטועלן צערעמאָניאַל. זיי האָבן פרי זיך אַ קער געטון צום סאָציאַלן לעבן און צו נאַטירלעכע מענטשלעכע געפילן.

די אַלטאינדישע קינסטלערישע דראַמע איז רײַך צוגעטון מיט קאָמישע עלעמענטן. די פּײַלן פון סאַטירע און חוזק ווערן דאָרט אויסגעשאָסן צו דער בראַמאַנישער קאַסטע; מע לאַכט אויס די דאָזיקע הימל־מענטשן פאַרן פּחדנות, וואָס פאָרט זיך אין זיי מיט גרויסהאַלטערײַ, פאַר יאָגן זיך נאָך געלט און נאָכן פרעס וכ'. אין אַזעלכע פּאַסאַזשן טרעט באַזונדערס בולט אַרויס די וועלטלעכע פיזיאָנאָמיע פון דעם תּחילת רעליגיעז פאַרפאַרבטן ליטעראַרישן זשאַנער.

## ג

די אַלטע יאַפּאַנישע דראַמאַטישע קונסט האָט איר אויפֿקום אַפֿילו נישט צו פֿאַרדאַנקען דעם רעליגיעזן קולט און ריטוס, אָבער דער קוואַל אירער איז פֿאָרט געלעגן אין דער וועלט פֿון רעליגיעזע אינטערעסן.

אין לאַנד פֿון דער אויפֿגייענדיקער זון איז אין 14טן יאָרהונדערט נולד געוואָרן דער נײַער ליטעראַרישער זשאַנער: „נאָ״ – לירישע דראַמע מיט מוזיק און מימישע טענץ.

דאָס האָבן מאָנאַכן – מיט דידאַקטישע, מאָראַליזאַטאָרישע כּוונות– אָנגעהויבן צו שרײַבן פּאָעטישע טעקסטן, באַניצנדיק זיך פֿאַר דער טעמאַטיק מיט די בודיסטישע און סינטאָיִסטישע אַגדות און קאָלאָ־ריזירנדיק זיי מיט די אידייען פֿון פֿרומקייט, אָרנטלעכקייט, פּאַטריאָטיזם, קריגסמוט. אין פּערזענלעכער אַמביציע האָט דעם מין מחברים נישט געקענט גיין (שוין פֿון וועגן זייער ספּעציפֿישער געזעלשאַפֿטלעך־קולטורעלער שטעלונג פֿון נזורים) – אָדער ס׳איז געווען אַ קלוגע טאַקטיק אַזעלכע (צו פֿאַרהוילן דעם אמתן מקור פֿון די מוסר־טענדענצן),– נאָר די ליברעטאָס פֿלעגן בלײַבן אַנאָנים: פֿאַר פֿאַרפֿאַסער האָבן געגאָלטן די אַקטיאָרן, וועלכע ס׳האָט געהערט די אויפֿפֿירונג פֿון די זאַכן מיט צוגעבן די מוזיק און די טענץ.

היות אָבער די פֿאָלקסמאַסע פֿון די עקזאָטישע אינדזלען האָט אַפּנים געהאַט די זעלביקע נאַטור, וואָס עמך אין אַנדערע מקומות: נישט איבעריק להוט געווען נאָך באַגאַטישע רייד, – האָט מען, ווײַזט אויס צוקוקער צוצוציִען, אַרײַנגעפֿירט דאָרט אין די אַנטראַקטן פֿון די ערנצטע פּיעסעס אַ מין אינטערמעדיעס – „קיִאָגען״ (פּשט: „משוגענע ווערטער״) האָבן זיי געהייסן: – פֿאַרסן אין פּראָזע מיט קאָמישן אינהאַלט און אָן אַ כאַר. אַ ריין וועלטלעכער עלעמענט איז דאָס געווען.

דער עיקר: הינטער דעם אַלט־יאַפּאַנישן טעאַטער איז געשטאַנען די גײַסטיקע עליטע פֿון יענער צײַט – דער מאָנאַכישער שטאַנד.

## ד

דאָס מיטלאַלטערלעכע טעאַטער פֿון די מערבֿ־ און מיטל־אייראָפּעיִשע פֿעלקער – און קיין עלטערס, חוץ רודימענטן און עמבריאָנען, איז בײַ זיי נישט אויפֿצוווײַזן – איז געווען אַ קריסטלעך טעאַטער, אַ לײַבלעך קינד פֿון דער קירך, דורך איר געבוירן, אָווירט, אויפֿגעצויגן און געקעכלט.

1. דאָס קערנדל, פֿון וועלכן די קריסטלעכע מיטלאַלטערלעכע דראַמאַטישע קונסט האָט אויסגעשפּראָצט, געפֿינט מען אין דער קאָנסטרוקציע פֿונעם קירכלעכן דאַווענען — פֿון דער עבֿודה (officia אויף לאַטײַן, devozione אויף איטאַלעניש, l'office אויף פֿראַנצויז), באַזונדערס אין יענער פֿון באַשטימטע חגא־טעג.

זי איז באַשטאַנען אין פֿירלייענען פּסוקים אָדער קאַפּיטלעך פֿון דער הייליקער שריפֿט (תּנך און עוואַנגעליום). אָרט: דער קלויסטער; שפּראַך: לאַטײַן; פֿירטראָגער: דער קלער.

דאָס גאַנצע האָט געהאַט אין זיך פֿאַרשידענע דראַמאַטישע עלעמענטן. עס האָבן געווירקט אויפֿן אויג און אויפֿן כּוח־המדמה פֿונעם גלייביקן: דער דרינגען אַליין מיט זײַן פּראַכט און מיט די עפֿעקטן זײַנע (די פֿרעסקן אויף די ווענט, די פֿונאַנדערגעהאָנגענע געמעלער, דאָס טײַערע געשיר — דאָס גאָרע שעמערירעניש און געפֿינקלערײַ אינעם האַלבטונקל פֿונעם קלויסטער), די ספּעציעלע טראַכט פֿון די כּלי־קודש (געמיש פֿון זײַדנס, אַטלעס, געוואַנט און שפּיצן — פּורפּור, פֿיאָלעט, שוואַרץ און ווײַס), די פּראָצעסיעס פֿונעם יום־טובֿדיק אויסגעפּוצטן עולם מיט הייליקע בילדער און מיט אָנגעצונדענע וועקסענע ליכט אין די הענט, דאָס זינגען פֿון כאָר און פֿון די דאַוונער, די אימפּאָזאַנטע שפּיל פֿון אָרגל, דאָס קונציקע געקלאַנג פֿון די גלעקער. דראַמע איז געווען, ווי ג ו ס ט אַ ו ו  ל אַ נ ס אָ ן ווײַזט (נישט דער ערשטער) אָן: דאָס געבײַט פֿון געזאַנג און רעציטאַציע; די דיאַלאָגן צווישן דעם פֿירטראָגער (l'officiant) און זײַנע אונטערהעלפֿער אָדער צווישן אים און דער עדה; ענדלעך, דערעיקרשט דער שטאָף אויסן עוואַנגעליום, אויס די שבֿחי אַפּאָסטלס, אויס די לעבנסבאַשרײַבונגען פֿון די קירכנפֿעטער און הייליקע, אַרײַנגעפֿלאָכטן אין דער עבֿודה פֿון באַשטימטע טעג, וואָס זענען אינעם קאַטוילישן לוח פֿאַרבונדן מיט באַזונדערס וויכטיקע דאָגמעס, דאַטעס אָדער פּערסאָנאַזשן פֿון דער קריסטלעכער רעליגיע און פֿון דער געשיכטע אירער. ס'איז גענוג געווען אַרויסצוהייבן די איינצלנע פּערסאָנאַזשן און פֿונאַנדערצוטיילן די ראָלעס, ס'זאָל אַרויסקומען אַ דראַמאַטישע פֿאָרשטעלונג. דערצו נאָך — באַמערקט ה ײַ נ ר י ך  ק ו ר ץ — זענען מאַנכע עוואַנגעלישע פֿראַגמענטן מייסטנס געשריבן אין אַ דיאַלאָגישער פֿאָרעם, אַזוי אַז ס'האָט גרינג געקענט אײַנפֿאַלן, נישט איין מענטש זאָל זיי פֿירלייענען, נאָר זיי זאָלן פֿירגעטראָגן ווערן דורך אַ געהעריקער צאָל „אַקטאָרן" (אײַנפֿעדעמונג פֿון אינסצעניזאַציע).

2. אַ שטויס צו דעם דאָזיקן פּראָצעס האָט געגעבן אויך די שטרעבונג פֿון דער קירך אָפּצורײַסן די ברייטע פֿאָלקסמאַסן פֿון די

וועלטלעכע שפּילן און קורצווײַל־טרײַבערײַען, וואָס האָבן אָנגעהאַלטן בײַ זיי נאָך פֿונעם ווײַטן היידנישן עבֿר.

דער נײַער לעבנס־סדר, וואָס דאָס יונגע קריסטנטום האָט זיך געפּלײַסט צו פֿאַרפֿלאַנצן בײַ די אַדעפּטן זײַנע, איז נישט בכּוח געווען גובֿר צו זײַן אַלע מנהגים, טבֿעס און תּנועות פֿונעם אַלטן לעבנס־שטייגער בײַ די ברייטע מאַסן, דערונטער אויך נישט די געברויכן, טענץ, געזאַנגען און אַלערהאַנט שפּילן, וואָס זענען אַמאָל געווען פֿאַרבונדן מיט די היידנישע קולטן. דאָס פֿאָלק אין איטאַליע און אין די שכנותדיקע מדינות האָט די אַלע פֿאַרווײַלונגען און שימחות זײַנע בלויז אַריבער־געטראָגן אין זײַן פֿריש־איבערגענומענער רעליגיעזער פּראַקטיק. בשעת אַ חגא פֿלעגט מען זיך צונויפֿקומען לעבן קלויסטער, אויפֿשטעלן דאָרט געצעלטן פֿון צווײַגן און זיך משׂמח זײַן אויף גאָר אַ פֿרײַען אופֿן: מיט סעודות, געטאַנצערײַען, געזאַנגען. עס האָבן דערבײַ נישט געפֿעלט קיין היימישע פֿאַרשטעלטע, לוסטיקמאַכער און קאַטאָוועס־טרײַבער, און אויך קיין פּראָפֿעסיאָנעלע מוזיקאַנטן און וואַנדער־לצים, וואָס האָבן נישט דורכגעלאָזט די געלעגנהייטן צו פֿאַרדינען אַ פּאָר קלינגערס. געווען קאָמעדיאַנטן און בלאַזנס, וואָס האָבן בעת־מעשׂה זיך נישט געקווענקלט איבערצוטון זיך פֿאַר גײַסטלעכע, אַרײַנמאַכן זיך אין קלויסטער אַרײַן און שטיפֿן אינעווייניק זייערע אין כּלל אַרײַן געגנוג גראָבע און אויסגעלאַסענע שטיק, אַזוי אַז ס'האָט געקענט אַרויסרופֿן דעם אײַנדרוק: ס'איז אַ לעגאַלער טייל פֿון דער עבֿודה. ס'פֿלעגט אויך טרעפֿן, לײַכט־זיניקע כּומרים זאָלן בײַהעלפֿן בײַ דער דאָזיקער פּראָפֿאַנאַציע. די קירכלעכע מאַכט האָט זיך אין משך פֿון יאָרהונדערטער ענערגיש געווערט קעגן דעם הפֿקרות, אָבער אָן אַ פּעולה, ביז מע איז סוף־כּל־סוף געפֿאַלן אויפֿן שׂכל אַליין צו נעמען אין די הענט אַרײַן און קלעריקאַליזירן דעם פֿון דרויסן אַרײַנגעדרונגענעם עלעמענט: פּעבל האָט ליב אַקציע, זאָל ער זי באַקומען — אין אַן אַנדער געשטאַלט און פֿון אַן אַנדער שטאָף.

אַזוי צעוואַקסט זיך די קאַטוילישע עבֿודה און פֿורעמט זיך איבער, אַלץ מער און מער זיך דראַמאַטיזירנדיק, אָננעמענדיק דעם שניט פֿון אַ סצענישער פּראָדוקציע. תּחילת ווערט אַרײַנגעצויגן לויטער באַגאָטישער מאַטעריאַל (די הייליקע שריפֿט און די אַגדות, מיט וועלכע זי איז אין משך פֿון איבער אַ יאָרטויזנט אַרומגעוועבט געוואָרן; דער הון לעגענדעס וועגן די אומצייליקע הייליקע און מערטירער, און דעס גלײַכן). בהדרגה ווערן אָבער אויך אײַנגעזאַפּט („בתּורת אָרנאַמענטיק״, ווי ס'דריקט זיך אויס אַ דײַטשער פּאָפּולאַריזאַטער פֿון ליטעראַטור־

געשיכטע) באַנוי אַלע עלעמענטן פֿון דער פֿאָלקסטימלעכער דראַמאַטישער קונסט און פֿון די באַזונדערס פּאָפּולערע פֿאָלקס־פֿאַרווײַלונגען. די קירך רעכנט מיט אַזאַ קאָנצעסיע צו פֿאַרשטאַרקן און פֿאַרטיפֿן די ווירקונג פֿון דער ליטורגיע אויף די המונים, וואָס קענען נישט לייענען, פֿאַרשטייען בכלל קיין לאַטײַן נישט און זענען להוט נאָך עפֿעקטן. די הייליקע טעקסטן, פֿאַרוואַנדלט אין אַ געשפּילטער פֿאָרשטעלונג און מעסיק צוגעווירצט מיט פֿאָרמעל וועלטלעכע פּוענטעס, וועלן מער און בעסער רעדן צום געפֿיל און צו דער פֿאַנטאַזיע.

**3.** די טראַנספֿאָרמאַציע פֿון דער קאַטוילישער ליטורגיע זאָל האָבן פֿאָרגעקומען אין 11טן יאָרהונדערט (שפּאַניע), אין 12טן (איטאַליע, פֿראַנקרײַך, ענגלאַנד), אין 13טן (דײַטשלאַנד), — ווי פֿריִער און ווי שפּעטער (איבעריקנס, איז נישט תּמיד גרינג צו דערגיין גענוי דעם ערשטן אָנהייב).

די עוואָלוציע איז צוגעגאַנגען אויף אַזאַ וועג:

(א) די טעקסטן אויס דער הייליקער ליטעראַטור זענען איבעראַרבעט געוואָרן אין פֿערזן מיט אַלערהאַנט צוגאָבן;

(ב) עס זענען אײַנגעגלידערט געוואָרן געזאַנגען אויף דער פֿאָלקסשפּראַך (לידער מיט פֿאַרשידנאַרטיקסטן משקל) – דער דאָזיקער עלעמענט האָט זיך אַלץ פֿאַרגרעסערט אין פֿאַרנעם, און ביסלעכווײַז האָט ער פֿולשטענדיק אַרויסגעשטופּט די לאַטײַנישע טעקסטן (די ליטורגישע דראַמע איז אַזויערנאָך אויך נאַציאָנאַליזירט געוואָרן);

(ג) מע האָט צוגעלאָזט וועלטלעכע אַקטאָרן (מיט דער צײַט זענען די אויפֿפֿירונגען כּמעט אין גאַנצן אַריבער אין די הענט פֿון אַלערליי קאָרפּאָראַציעס: אין פֿראַנקרײַך זענען דאָס געווען „ברידערשאַפֿטן“, אין ענגלאַנד – די שטאָטישע צעכן און גילדיעס, אין פֿלאָרענץ – „חבֿרות פֿאַר פֿרומקייט“);

(ד) די דראַמאַטיזירטע עבֿודה (די „ליטורגישע דראַמע“) איז איבערגעטראָגן געוואָרן פֿונעם אינעווייניק קלויסטער אויפֿן אַטריום אַרויס, דערנאָך אויפֿן קלויסטערהויף, שפּעטער אויף די מערק און אַנדערע עפֿנטלעכע פּלעצער, היות אין בנין פֿון דער קירך און אַפֿילו אַרום האָט שוין נישט געקלעקט קיין אָרט פֿאַרן אַלץ אין גרעסערע מאַסן צושטראָמענדיקן פּובליקום (אונטערן פֿרײַען הימל פֿלעגן די שפּילן פֿאָרקומען אויף עקסטרע אויסגעבויטע שטעלאַזשעס, געשטעלן, בינעס).

אויף אַזאַ אופֿן האָט זיך אויסקריסטאַליזירט דאָס קריסטלעכע טעאַטער פֿונעם מיטלאַלטער, les miracles („די מופֿתים“ — די פֿראַנצייזישע אויפֿפֿירונגען אויף טעמעס אויסן לעבן פֿון די הייליקע),

(ענלעכע פֿאָרשטעלונגען מיט סוזשעטן אויס דער les mystères הייליקער שריפֿט); miracle plays („פֿאָרשטעלונג פֿון מופֿתים") — דער ענגלישער אַנאַלאָג); sacre rappresentazioni („הייליקע פֿאָרשטעלונגען" — אין איטאַליע); autos („אַקטן", „אַקציעס" — אין שפּאַניע); „ווײַנאַכטס-שפּילן", „פּאַסיאָן-שפּילן", „אָסטער-שפּילן" (אין דײַטשלאַנד).— אין דער ליטעראַטור און אין דער אייראָפּעיִשער אומגאַנגסשפּראַך האָט זיך פֿאַר די אַלע מינים אָפּגעשטעלט דער נאָמען: מ י ס ט ע ר י ע ס (פֿון פֿראַנצייזיש גענומען און פֿאַראַלגעמיינערט).

דאָס ערשטע באַקאַנטע שטיק פֿון דער אַרט אין ענגלאַנד און פֿראַנקרײַך איז די אַנגלאָנאָרמאַנישע (ד"ה אין תּוך פֿראַנצייזישע) דראַמע „אָ ד ם - ה ר א ש ו ן" (אויסלאָז פֿון 12טן יאָרהונדערט).

אין שפּאַניע האָט מען שוין אין 13טן יאָרהונדערט געגעבן אין די קלויסטערס רעליגיעזע פֿאָרשטעלונגען מיט מימיק און דיאַלאָגן אויף סיפּור-המעשׂהס אויס דער הייליקער שריפֿט אָדער אויסן לעבן פֿון די קריסטלעכע הייליקע.

**4.** אין 14טן יאָרהונדערט זעען מיר שוין דאָס דאָזיקע גײַסטלעך-וועלטלעכע צי וועלטלעך-גײַסטלעכע טעאַטער — די מיסטעריע — אין אַלע מערבֿ-אייראָפּעיִשע מדינות מיט דער קאַטוילישער קירך. אויסגעטראָגן פֿון דער לאַטײַנישער ליטורגיע, גייט עס אומעטום איבער צו דער פֿאָלקסשפּראַך (אין ענגלאַנד — צו פֿראַנצייזיש, וואָס איז געווען דאָס לשון פֿון די אַהין אַרײַנגעדרונגענע אײַנגעמער, די נאָרמאַנען, און עטלעכע יאָרהונדערט אויך די אָפֿיציעלע קולטורשפּראַך דאָרטן).

אין פֿ ל אָ ר ע נ ץ (דעם קינסטלערישסטן כּרך אין אייראָפּע דעמאָלט) קומט, פֿון יענעם יאָרהונדערט אָנהייבנדיק, צו אַ צונויפֿגאָס פֿון צוויי פֿאָרמען סצעניש קונסט. — פֿון איין זײַט איז דאָס געווען די דראַמאַטיזירטע ליטורגיע (devozione), באַזונדערס פֿונעם דאָנערשטאָג און פֿרײַטאָג אין דער לעצטער תּענית-וואָך פֿאַר פּאַסכע; פֿון דער אַנדערער — דער נאַציאָנאַלער פֿלאָרענטינער יום-טובֿ לכּבֿוד דעם הייליקן יאָהאַן, וואָס האָט זיך גערעכנט פֿאַרן פּאַטראָן פֿון שטאָט. — דער דאָזיקער לעצטער יום-טובֿ, וואָס האָט עקזיסטירט שוין אין 13טן יאָרהונדערט, און אפֿשר נאָך פֿריִער, איז געווען פֿאַרבונדן מיט גרויסאַרטיקע אויפֿצוגן, צו וועלכע מע האָט זיך געגרייט חדשים-לאַנג. אויף באַזונדערע רײַטוועגענער האָט מען געשפּילט פֿאַרשידענע רעליגיעזע סצענעס („די מלחמה פֿון מלאָכים", „דאָס באַשאַפֿן אָדם-הראשון", „דער נסיון", „דער גירוש פֿון גן-עדן", „משה-רבינו" וכ'); דורכפֿאָרנדיק די גאַסן פֿון דער שטאָט, פֿלעגט יעדער רײַטוואָגן דערנאָך געבן אַ פֿאָרשטעלונג אויפֿן פּלאַץ פֿון

דער סעניאַריע: אַ פּרעכטיקע פּאַנטאָמימע, כּמעט אָן ווערטער, אָבער מיט אַ שפּאָר ביסל מוזיק. איטלעכער קאַרדינאַל פלעגט אָרגאַניזירן זײַנעם אַ ספּעקטאַקל אַזעלכן. אין יאָר 1462 איז דער פּויפּס פּיוס דער צווייטער פּערזענלעך געקומען זען אַזאַ אויפפירונג. צונויפשמעלצנדיק די געשילדערטע מימישע יאָהאַן=פאָרשטעלונגען מיט דער גערעדטער קלויסטער־ליטורגיע, האָבן עס די פלאָרענטינער אַרויסגעבראַכט זייערע „הייליקע רעפּרעזענטאַציעס“ (שפּעטער האָט מען זיי אויך גערופן „מיסטעריעס“, צוליבן ענלעכקייט מיטן פראַנצייזישן זשאַנער), וואָס האָבן תּחילת דערלאַנגט אין אַ סצענישער פאָרעם די עיקרים פון דער רעליגיע אָדער קריסטלעכע לעגענדעס און זענען זיך אין גאַנג פון די יאָרצענדליקער ממשותדיק פונאַנדערגעוואַקסן, איבערגעאַנדערשט וואָס שייך אינהאַלט, כאַראַקטער, סטיל, שפּראַך און אָרט פון שפּיל.

די פלאָרענטינער הייליקע פאָרשטעלונגען פון 14טן יאָרהונדערט – און דערהויפּט פונעם 15טן – האָבן שוין אויסגעזען כּמעט פולשטענדיק ווי אַן אייגנאַרטיקער אָפּערן=ספּעקטאַקל[1], – ווײַזט ריכטיק אָן ראָמען ראָלאַן אין זײַן בוך „מוזיקער פון אַמאָל“.

די פּראָלאָגן (annunziazioni), די עפּילאָגן (licenze), די תּפילות וכ׳ פלעגן געזונגען ווערן מיט ספּעציעלע מעלאָדיעס. נאָכן זינגפּראָלאָג פלעגט גיין אַן אינסטרומענטאַלע פּרעלודיע (מיט פידלען, וויאָלן און לויטן). אין דער אויפפירונג פלעגן אַרײַנגעשטעלט ווערן שטיקלעך פון פאַרשידנאַרטיקסטן אינהאַלט און כאַראַקטער: פראַגמענטן פון דער קירכלעכער ליטורגיע און פון רעליגיעזע לידער (Te Deum אָדער Laudi), וועלטלעכע לידער און טאַנצמוזיק.

די אַנטראַקטן זענען געווען פיל=פיל לענגער, ווי די אייגנטלעכע אַקטן פון דער „הייליקער רעפּרעזענטאַציע“, און מע האָט זיי אָנגעפילט מיט רײַכע אינטערמעדיעס, וואָס זענען באַשטאַנען פון כּל=טובֿ: מע האָט פאָרגעשטעלט סצענעס פון טורנירן און געיעגסן, קאַמפן צווישן פוסגייער אָדער רײַטער; מע האָט געזונגען גײַסטלעכע לידער (laudi), קאַנצאָנעס (canzoni), סעודה=לידער, כאָרלידער און געוויזן אַלע מעגלעכע פאָלקסטענץ (באַלעט!).

פאַרשידענע עפעקטן פלעגן דערגרייכט ווערן מיט דער הילף פון קאָמפּליצירטע טעאַטער=מאַשינען, וואָס זענען דערפירט געוואָרן צו גרויס שלמות דורך די גרעסטע קינסטלער פון דער רענעסאַנס=עפּאָכע (גענוג אָנצורופן לעאָנאַרדאָ דאַ=ווינטשי!).

---

1 פון דעם דאָזיקן מין „הייליקע פאָרשטעלונגען“ האָט זיך טאַקע אין פלאָרענץ גופא פריי אויסגעשיילט די אָפּער (1474).

טראַגעדיע איז געווען אויסגעמישט מיט פּייעריעס. חוץ מענטשן, האָבן זיך אין די פּרעכטיקע ספּעקטאַקלען באַטייליקט אויך חיות: פֿאַנטאַסטיש־בוטאַפֿאָרישע (פֿײַערשפּײַענדיקע דראַכן, אַ שטייגער) און אויך רעאַלע (לייבן, לעמפּערטן, וועלף, בערן, הירשן, שלאַנגען).

אַרום־און־אַרום זענען די איטאַלענישע „הייליקע פֿאָרשטעלונגען" געווען אַ מוראדיקע אָנהויפֿענונג פֿון אַלץ, וואָס איר ווילט הערן און געדענקען, — פֿון אַלץ, וואָס האָט זיך געלאָזט זינגען און זאָגן, שפּילן און ווײַזן.

ענלעך ווערן געשילדערט די פֿראַנצייזישע „רעפּרעזענטאַציעס" (reprèsentations), „שפּילן" (jeux), „מופֿתים" (miracles) פֿונעם 14טן יאָרהונדערט און באַזונדערס די מיסטעריעס פֿונעם 15טן. אין יאָר 1380 האָט איינע אַן אויפֿפֿירונג פֿאַרן קיניג שאַרל דעם זעקסטן געהאַט 23 לאַנגע אַקטן. די צאָל ראָלן פֿלעגט דערגריין ביז צו עטלעכע הונדערט. איין פֿאָרשטעלונג פֿלעגט פֿאַרנעמען אַ פּאָר טאָג אָדער אַפֿילו וואָכן (אין יאָר 1536 איז אין איינער אַ פּראָווינצשטאָט אויפֿגעפֿירט געוואָרן אַ מיסטעריע מיט פֿינף הונדערט פּערסאָנאַזשן — האָם זיך דער ספּעקטאַקל געצויגן גאַנצע פֿערציק טאָג נאָכאַנאַנט!).

דאָס נעמלעכע — אין ענגלאַנד. אין יאָר 1409 איז דאָרטן אין איינער אַ שטאָט געשפּילט געוואָרן אַ „מיראַקל" (די שילדערונג פֿון מעשׂה־בראשית און פֿונעם וועלטאונטערגאַנג), האָט ער זיך געצויגן אַכט טאָג, און די צוקוקער, וואָס זענען בכּוח געווען אויסצוזיצן די גאַנצע פֿאָרשטעלונג־מאָנסטער, איז צוגעזאָגט געוואָרן „מחילת־עוונות אויף פֿולע טויזנט יאָר" (אַ ראַיה, אַז דאָס געפֿינען זיך אויף אַזאַ הייליקן ספּעקטאַקל איז נאָך באַטראַכט געוואָרן פֿאַר אַן אַקט פֿון עבֿודה, פֿאַר אַ חלק־נעמען אין דאַווענען בציבור).

שפּאַנישע „אַקציעס" (autos) פֿלעגן זיך אָנהייבן מיט אַ loa („לויבליד") — כּמו ווי אַ פּראָלאָג. ס'איז געווען אָדער אַ מאָנאָלאָג, אָדער אַ דיאַלאָג (שמועס צווישן די אַקטאָרן), אַמאָל אין פּראָזע: צוצוגרייטן די צוקוקער צום אינהאַלט פֿון דער דראַמע. נאָכן „לאָאַ" פֿלעגן גיין אינטערמעדיעס (entremeses) — קורצע פֿאַרסן (ווערסיפֿיצירט אָדער פּראָזיש) אויף אַמיזאַנטע סוזשעטן פֿונעם פֿאָלקסלעבן מיט געזאַנג און טענץ צום סוף. ערשט דערנאָך פֿלעגט קומען די אייגנטלעכע „הייליקע דראַמע".

אויך אין דײַטשלאַנד זענען די „גײַסטלעכע שפּילן" פֿון דער אייגענער עפּאָכע געווען שטאַרק באַרעדעוודיק און צעצויגן. אַ „פּיעסע" פֿלעגט פֿאַרנעמען אַ טאָג, צוויי און אַמאָל נאָך מער, געשפּילט פֿון

אינדערפרי ביז אינאָוונט. גלאַנץ איז געווען אָן אַן ערך ווינציקער, ווי אין די ראָמאַנישע לענדער.

הערה 1. — איינצלנע שריפטשטעלער אין מיטלאַלטער האָבן געפּרוווט צו באַארבעטן וועלטלעכע טעמעס אין דער פאָרעם, וואָס האָט זיך אײַנגעשטעלט און איז פּאָפּולער געוואָרן בײַ די מיסטעריעס.

אין פראַנקרײַך זענען באַקאַנט צוויי אַזעלכע ווערק אויסן 15טן יאָרהונדערט: איינס — וועגן דער אָרלעאַנער מויד — איז געשפּילט געוואָרן אין איר שטאָט, דאָס צווייטע — „חורבן טרויע“ — איז קיינמאָל נישט אויפגעפירט געוואָרן. נאָר אויף אַן אמתן באַווײַזן זיך דאָרט „וועלטלעכע מיסטעריעס“ צווישן 1548 און 1598, נאָך דעם, ווי די גײַסטלעכע מיסטעריעס זענען פאַרווערט געוואָרן דורכן פּאַרלאַמענט, און די אַקטאָרן זענען געצווונגען געווען צו זוכן אַן אַנדער רעפּערטואַר.

צו אַ ליטעראַריש-קינסטלערישער הייך זענען די גײַסטלעכע מיסטעריעס דערהויבן געוואָרן ערשט נאָכן מיטלאַלטער, אָבער נאָר אין איין מדינה: אין דעם אולטראַקאַטוילישן, עקסטרעם אומטאָלעראַנטן, אינקוויזיטאָרישן שפּאַניע — דורך די באַרימטע דראַמאַטורגן לאָפּע דע-וועגאַ (1562—1635), וואָס האָט חוץ זײַנע 1500 קאָמעדיעס (אין שפּאַנישן זין פון וואָרט [1]) פאַרפאַסט 400 „אַקציעס“ (autos) און אַן אַ שיעור „לאָאַס“ און אינטערמעדיעס, און פּעדראָ קאַלדעראָן (1600—1681), וואָס איז געווען דער אויטאָר פון 100 „אויטאָס“ און 200 „לאָאַס“ (חוץ 120 קאָמעדיעס).

הערה 2. — סוף 14טן יאָרהונדערט האָט מען אין די רעליגיעזע „מיסטעריעס“ אָנגעהויבן אַרײַנצופירן אַלעגאָרישע פיגורן (געזוכט כסדר אויפצוטון עפּעס נײַעס). זייער גיך האָט זיך דער דאָזיקער עלעמענט אויסגעטיילט באַזונדער, און ס'איז נולד געוואָרן אַ זעלבשטענדיקער דראַמאַטישער זשאַנער: la moralité („מוסר“, „מוסר-שטיק“) האָט ער געהייסן אין פראַנקרײַך, וואָס איז געווען זײַן געבוירנאָרט. אויך אין שפּאַניע און אין ענגלאַנד האָט דער מין שטאַרק אויסגענומען.

אין פראַנקרײַך זענען די „מאָראַליטעטן“ געוואָרן באַזונדערס פּאָפּולער נאָך 1548, ווען די פאַרשידענע „ברידערשאַפטן“ און אַנדערע אַקטאָרן האָבן זיך (ווי אָקערשט געדאַכט) געמוזט געזעגענען מיט די מיסטעריעס און ווענדן צו אַן אַנדער רעפּערטואַר. די „מאָראַליטעט“ האָט זיך אַלץ מער פאַרוואַנדלט אין אַ פּאַטעטישער דראַמע, וואָס פלעגט זיך

---

[1] „קאָמעדיע“ האָט אין שפּאַניע באַטײַט נישט דאָס זעלביקע, וואָס אין אַלט-גריכנלאַנד, נאָר איטלעכס דראַמאַטיש ווערק אין דרײַ אַקטן (אין דרײַ „כאָרנאַדעס“), אין פערזן געשריבן.

אין אַ שפּאַנישער „קאָמעדיע“ האָבן תמיד געמוזט זײַן האַרמאָניש צונויפגעשמאָלצן ביידע עלעמענטן: דער טראַגישער און דער קאָמישער; קיין איינער פון זיי האָט נישט געטאָרט פעלן אינעם שטיק, און איינער האָט נישט געטאָרט האָבן די איבערהאַנט איבערן אַנדערן.

צווײַלן אוזורפּירן דעם נאָמען „טראַגעדיע“. געווען „מאָראַליטעטן“ מיסטישע, פּעדאַגאָגישע אאַז״וו; אויך קאָמישע און פּאָליטישע (די לעצטע — מיט פּאַטריאָטישע טענדענצן און לעבעדיקער סאַטירע).

5. זייער פּרי האָט זיך אין אַלע פֿאָרמען פֿון דער קריסטלעכער דראַמע אומעטום אַרײַנגעכאַפּט דער ק אָ מ י ש ע ר עלעמענט, וואָס האָט זיך בעצם געמוזט אויסצייכענען מיט װ ע ל ט ל ע כ ן כאַראַקטער.

די פֿאָלקסטימלעכע פּערסאָנאַזשן פֿון די סוזשעטן אויס·דער הייליקער שריפֿט — סאָלדאַטן, פּויערן, הערטן וכ׳ — פֿלעגן געוויינטלעך אויפֿטרעטן אין אַ קאָמישדיקלעכן טאָן [1].

כּמעט דורך־און־דורך וועלטלעך זענען געווען די אינטערמעדיעס אין די פֿ ל אָ ר ע נ ט י נ ע ר „הייליקע רעפּרעזענטאַציעס“.

באַזונדערס נאָנט צו וועלטלעכער סוזשעטיק זענען צוגעגאַנגען די פֿ ר אַ נ צ י י ז י ש ע „מיראַקלס“ וועגן „נאָטרדאַם“ (ד״ה מאַדאָנע), אומגלייבלעך פֿאַרפֿלייצט מיט אַבסורדאַליטעט, גראָבקייט, אַפֿילו אוממאָראַלישקייט (דאָס איז שוין געווען דעגענעראַציע פֿונעם קולט). די מיסטעריעס װי״ער פֿון 15טן יאָרהונדערט אין פֿראַנקרײַך זענען נאָך מער פֿאַרמיסטיקט געווען מיט טריוויאַלן רעאַליזם און ציניש־ן בופֿאָנערײַ. „פֿאַר רעליגיע איז אין זיי פֿאַרבליבן פּונקט אַזוי פֿיל אָרט, וויפֿל די בורזשואַזע נשמה לאָזט פֿאַר איר איבער אין וועלטלעכן לעבן“, דריקט זיך אויס דער אויוון איין מאָל שוין געדאַכטער ל אַ נ ס אָ ן. דער מענטש פֿון אַ גאַנץ יאָר האָט פֿאַרלאַנגט, מע זאָל אים אינעם ספּעקטאַקל אונטער־

---

[1] מיט דער צײַט האָט זיך ווי־נישט־ווי אַרײַנגעריסן דאָס אָרדינערסטע פֿאַרשײַטקייט.

אין דײַטשלאַנד, למשל, פֿלעגט מען אין די קלויסטערס אויפֿפֿירן ספּעציעלע „ג ײַ י אָ ר ש פּ י ל ן“ מיט גײַסטלעכן אינהאַלט, האָט ער זיך אין גאָר אַ קורצער צײַט אָראָפּגעקײַקלט צו אַזאַ געמײַנעם אויסגעלאַסנקייט, אַז מע האָט די דאָזיקע ספּעקטאַקלען זייער גיך משלח געווען פֿונעם מקום־קדוש, און זיי האָבן זיך געמוזט זוכן אַן אַנדער דאַך איבערן קאָפּ.

אויך אין די איטאַלעניש „הייליקע פֿאָרשטעלונגען“ איז צום סוף פֿון 15טן יאָרהונדערט און אין אָנהייב פֿון 16טן אַרײַנגעדרונגען דאָס היידנישע הפֿקרות פֿון דער עפּאָכע. — אין דער פּיעסע „באַשאַפֿונג פֿון אָדם מיט חווה“, אין יאָר 1541 אין איינעם אַ פֿלאָרענצער קלויסטער געשפּילט, האָט דער מחבר, אַ גלח, אַליין אין דער ראָלע פֿון אָדם־הראשון אויפֿטרעטנדיק, געמאַכט אַ גרויסן פֿוראָר מיט באַווײַזן זיך פֿאַרן עולם אָדם־נאַקעט, צומאָל אָן דעם קלאַסישן פֿײַגנבלאַט. — מיט אַ פּאָר צענדליק יאָר פֿריִער נאָך, אין נעאַפּל, אין „שפּיל וועגן הייליקן פֿראַנציסק“, האָט זיך אַ מאָנאַך, אין דער הויפּטראָלע, נישט געשײַעט פֿירצושטעלן די באַקאַנטע דראַסטישע סצענע פֿון נסיון נאַקעטערהייט.

טראָגן נישט בלויז גאָטספּאָרטיקייט, באַגאָטישקייט, מופֿתים, נסים, סימבאָליק, אַלעגאָריעס און געשיכטע, נאָר אויך איצטיקייט, בילדער אויסן לעבן פֿון זײַן צײַט, פֿון זײַן מדינה, פֿון זײַן סבֿיבֿה — מיטן גאַנצן מיטל־אַלטערלעכן האַרבקייט, מגושמקייט און נאַקעטקייט, — און די מחברים פֿון די טעקסטן, די אינסצעניזאַטאָרן, רעזשיסערן און אַקטאָרן זענען אים ווילליק אַקעגנגעקומען. בײַם פּירשטעלן דאָס גיהנום, זינדער און חטאים איז געווען אַ ספּעציעל פּאַסיקע געלעגנהייט פֿאַר סאַטירע און ליצנות — דערבײַ איז קיינער נישט געשוינט געוואָרן: דער קיניג און זײַנע שופֿטים, דער פּויפּס און זײַנע קאַרדינאַלן, בישאָפֿן וכו׳ — יעדער האָט באַקומען די קערנדיקע און שאַרפֿע גאָב.

וועגן די „פֿאָרשטעלונגען פֿון מופֿתים" אין ענגלאַנד שרײַבט טשאַרל עדוואַרד טאַרנער: „די הייליקסטע פּערסאָנאַזשן זענען דאָרט אַרײַנגעפֿירט געווען און די סאַמע רעליגיעזע טעמעס טראַקטירט מיט נײַן מאָס רייד, — אַ זאַך, וואָס וואָלט אין אַ מער ציוויליזירטער צײַט געווען די עקסטע פֿאָרעם פֿון אומתּרבות. דער טײַוול פֿלעגט זיך שטענדיק באַווײַזן אין דער ראָלע פֿונעם נאַר אָדער לץ אינעם שטיק". אין דער עפּאָכע פֿון לוקסוס און אויסבערענגערײַ דאָרטן (דאָס 16טע יאָרהונדערט) איז געוואָרן אַ מאָדע, רײַכע לאָרדן און אַנדערע מאַגנאַטן זאָלן האַלטן בײַ זיך אין די שלעסער שטענדיקע געדונגענע טרופּעס; אַפֿילו מאָנאַסטירן און פּרעלאַטורן פֿלעגן פֿאַרבעטן „בלאָנדזשענדע שטערן" צו געבן ספּעקטאַקלען. דער קיניג היינריך דער זיבעטער (1485 — 1509) האָט געהאַט צוויי אייגענע אַנסאַמבלען, היינריך דער אַכטער (1509 — 1547) — גאַנצע דרײַ. אין דער מאָס, ווי די טעאַטער־פֿאָרשטעלונגען זענען געוואָרן אַ באַליבטע פֿאַרווײַלונג אינעם הויף, בײַ דער אַריסטאָ־קראַטיע, בײַ די באַלבאַטישע שיכטן און אַפֿילו בײַם קלער, האָט אין דער דראַמע כּסדר אָפּגענומען דאָס קריסטלעכע, דאָס רעליגיעזע, און ממשותדיק צוגענומען דאָס קאָמישע, עפּטערס דירעקט אויסן רעאַלן לעבן אַרויס־געכאַפּטע. פֿאַרן נײַעם אינהאַלט האָט שוין נישט געטויגט די פֿאָרעם פֿון „מיראַקלען" צי „מאָראַליטעטן", און דער וויציקער דזשאָן הייוואָוד (געשטאָרבן 1565) האָט זיך קונה־שם געווען מיט דער נײַער דראַמאַטישער טעכניק אין די „אינטערלודיעס", ווי ער האָט גערופֿן זײַנע גראָב־קאָמישע סצענעס פֿונעם פֿאָלקסלעבן. אָבער שפּילן פֿלעג מען זיי צווישן די אַקטן פֿון אַ מיסטעריע אָדער „מאָראַליטעט", און זיי האָבן פֿונעם ספּעקטאַקל אַרויסגעשטאַרצט ווי אַ פֿרעמדער פֿלעק, אַ זאַך פֿאַר זיך. פֿון דעם דאָזיקן פֿרישן זשאַנער האָט זיך גיך אויסגעוויקלט די עכטע קאָמעדיע— פֿון ניקאָלאַס יודל (Udall), פֿון דזשאָן סטיל און אַנדערע.

קאָמישע אינטערמעדיעס זענען געווען אַן אומבאַדינגטקייט אויך אין די שפּאַנישע „אַקציעס״.

אויך די דײַטשע „הייליקע שפּילן״ זענען באַלעבט און פּיקאַנטיזירט געוואָרן אַלץ מיט מיין לענגערע עפּיזאָדן, וואָס לאַ־די זיי האָבן נישט געהאַט קיין שום שײַכות צום ביבלישן טעקסט (און ממילא צום סוזשעט פון שטיק), נאָר אָפּטמאָל זענען זיי גאָר געשטאַנען אין אַ סתירה צו אים — באַזונדערס אין די קאָמישע צווישנשפּילן, וואָס פלעגן פּראָגרעסיוו פאַרכאַפּן אַלץ מער פּלאַץ און צײַט אינעם ספּעקטאַקל. אַקטועלע סאַטירע (אָפּשפּעטונג פונעם הויפישן לעבן, פון די העכערע קלאַסן, פונעם ריטערשטאַנד וכ׳) איז געווען דאָס שטענדיקע צוגעווירץ אין די אַלע „פּיעסעס״.

די אָקערשט כאַראַקטעריזירטע קאָמישע (און אינאײנוועגס פון זיך גופא וועלטלעכע) טענער, עפּיזאָדן, צווישנשפּילן זענען עס געוואָרן, האַלט מען, דער איבערגאַנג פון דער מיטלאַלטערלעכער מיסטעריע צו דער ריין־וועלטלעכער קאָמעדיע (מיט גאָר די אַרטן אירע), וואָס האָט חוץ דעם נישט ווינציק גענאָסן אויך פון אַנדערע מקורים.[1]

הערה. — אַפילו דעם קאַרנאַוואַל, וואָס איז געווען אַן אָפּקלאַנג פון די אַלטרײמישע סאַטורנאַליעס, האָט די קאַטוילישע גײַסטלעכע מאַכט זיך באַמיט צוצוגעבן אַ קריסטלעכן — אָדער לכל־הפחות קירכלעכן — כאַראַקטער. ס׳האָט קנאַפּ געהאָלפן: דער הײדנישער פּרצוף האָט נישט געקענט פאַרווישט ווערן. אינעם פרײלעכן צעלאָזנקייט פון די מאַסקאַראַדן זענען קאָפּויערגעקומען די אַלטרײמישע קאַריקאַטוראַל־קאָמישע און ווײַט נישט־צניעותדיקע מימישע טענץ און פאַרשטעלונגען. פון זיי האָט זיך עס שפּעטער אויסגעאַרבעט די איטאַלענישע פאָלקסטימלעכע (אימפּראָוויזירטע) קאָמעדיע (commedia dell‘arte).

---

[1] אין פראַנקרײַך, למשל, האַלט מען, אַז אויס די סעאַנסן פון די נידעריק־סאָרטיקע „זשאָנגלערס״ (פלעגן זינגען לידער פון די „טרוווערס״ מיט אַקאָמפּאַניאַמענט פון מוזיק) קומען יענע פאַרסן, ווו עס דאָמינירן די בלאַזנשע אָדער נישטאָנשטענדיקע פאַנטאָמימעס און מימישע אַטראַקציעס, און ווו דער דיאַלאָג טראָגט אַ צופעליקן כאַראַקטער, נישט געבונדן מיט קיין אויסגעהאַלטענער אַקציע, — האָט איין־און־איינציקן ציל: צו שיטן נאָכאַנאַנד מיט וויצן און חכמהלעך, אויף אַרויסצורופן וואָס מער געלעכטער בײַם עולם.

## קאַפּיטל II

אין דעם נאָר־וואָס באַשריבענעם גענעזיס פון דער טעאַטער־קונסט בײַ געוויסע פעלקער זענען שוין געווען מיטגעגעבן אויך די באַדינגונגען פאַר איר פאַרוואָרצלונג, וווקס און עקספּאַנסיע, ווײַטער: פאַר דער גרויסער ראָלע, וואָס זי האָט געשפּילט אין פאַרשידענע לענדער, ווי אַ נאַציאָנאַלער אינסטיטוט מיט ריזיקער השפעה אויף אַלע קלאַסן פון דער געזעלשאַפט.

### א

אין אַלט־גריכנלאַנד איז די רעליגיע געווען נאַציאָנאַל און מלוכיש. בײַ דעם דאָזיקן כאַראַקטער איז אויך פאַרבליבן דאָס טעאַטער, וואָס האָט זיך פון איר אויסגעוועבט און דערנאָך אַרויסגעהויבן צו דער פאָרעם און צו דער ווערדע פון אַן אינסטיטוציע פאַר זיך.

דער פּאָעט — תּחילת אויך אַנטרעפּרענער און רעזשיסער אין איין פּערזאָן — פלעגט אָפּמאַכן מיט דער מלוכה אויפצופירן אַ באַשטימטע צאָל דראַמעס פאַר אַן אָפּגערעדטער באַלוינונג. ביסלעכווײַז האָבן זיך די אַקטאָרן באַפרײַט פון אַזאַ פאַרמיטלונג, און דעם קאָנטראַקט אויף אַ ציקל ספּעקטאַקלען פלעגט שוין שליסן די טרופּע. צו צײַטן האָט די רעגירונג גענומען די אַנסאַמבלען אויף געהאַלט, און מיט זיי האָט דאָס געדאַרפט אַרבעטן דער דראַמאַטורג, וואָס זײַנע ווערק זענען אויסגעקליבן געוואָרן צום שפּילן. בײַם צוגרייטן די פאָרשטעלונג פון אַ טראַגעדיע בעת די גרויסע דיאָניסיעס האָט דער דיכטער געמוזט באַצײַטנס בעטן דעם אַרכאָנט־עפּאָנים, ער זאָל אים געבן אַ כאָר און באַשטימען אַ כאָרעג, ד״ה אַ כאָרמײַסטער (געוויינטלעך פלעגט מען דערצו נעמען אַן אָנגעזעענעם שטאָט־גביר). בכלל האָט די מלוכה־מאַכט שטענדיק געזאָרגט, די ספּעקטאַקלען זאָלן אויספאַלן ווי ווײַט מיגלעך שענער, אימפּאָזאַנטער.

דאָס אַטענער טעאַטער (געבויט אין משך פון אַ 156 — 168 יאָר) האָט געהאַט 30 טויזנט זיצפלעצער, דאָס מעגאַפּאָליסער — 44 טויזנט. נאָך מער — דאָס סיראַקוזער.

יעדער גריכישער בירגער האָט געהאַט רעכט אויף אַן אָרט בעת אַ פאָרשטעלונג. מיט דער צײַט איז אײַנגעפירט געוואָרן אַן אָפּצאָל פאַר אַרײַנגאַנג. אָבער בימי פּעריקל האָט מען, לויט זײַנער אַ פאַראָרדענונג, געטיילט די בירגער פון אַטען טעאַטער־געלט אויף צו קויפן בילעטן.

אַ מינהג איז געווען אין גריכנלאַנד איינצואָרדענען קאָנקורסן פֿאַר פּאָעטן־דראַמאַטורגן. דאָס זשורי פֿלעגט באַשטיין פֿון פֿינף דורך אַ גורל אויסגעווייילטע שופֿטים. דער אויטאָר פֿונעם פּרעמירטן ווערק האָט באַקומען דעם קראַנץ פֿון ניצחון און אַ באַשטימטע סומע געלט. די גרעסטע דיכטער האָבן זיך נישט געשעמט אָנטייל צו נעמען אינעם קונסט־טורניר, וויסנדיק, אַז זיי שרייבן פֿאַר מיליאָנען צוהערער און צוקוקער — פֿאַרן גאַנצן פֿאָלק.

אַזוי־אַרום האָט געקענט באַשאַפֿן ווערן די העכסטע קינסטלערישע פֿאָרעם פֿון טראַגעדיע — דורך עסכילן, סאָפֿאָקלען און עוורי־פּידן, די דריי ריזן, וואָס וועלן קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן ווערן פֿון דער מענטשהייט.

אַגבֿ, וואָס שייך דעם צווייטן פֿון די דריי אָנגערופֿענע, איז באַקאַנט, אַז אויף דער אויפֿפֿירונג פֿון זיינע פּיעסעס האָט די מלוכה אויסגעגעבן מער געלט, ווי ס׳האָט אָפּגעקאָסט די גאַנצע פּעלאָפּאָנעסער מלחמה.

אויך די אַלטגריכישע קאָמעדיע איז דערהויבן געוואָרן אויף אַ געוואַלטיקער קינסטלערישער הייך נאָר אין אַטען, — „און דאָ, זאָגט יאָהאַן שער, האָט זיך אין איר אויסגעדריקט דער אַבסאָלוט דעמאָ־קראַטישער גייסט, וואָס האָט מיט אומבאַגרענעצטער פֿרייהייט, פֿון וועלכער אַ פּראָסט גייט אונדז אַדורך דורך די ביינער (ביי אונדזערע השגות!), אַריינגעצויגן אין עיגול פֿון קאָמיזם, איראָניע, וויץ און שפּאָט אַלע געטלעכע און מענטשלעכע באַציִונגען און אויך די מלוכה, זי גופֿא און די איינצלנע פֿאַרטרעטער און פֿירער אירע, מאָלנדיק אָן רחמנות און שטראָפֿנדיק דאָס גאָרע פּאָליטישע, מאָראַלישע און גייסטיקע לעבן פֿון יענער צייט״.

די אַלטגריכישע טראַגעדיע איז — וואָס שייך דעם אינהאַלט, דער סוזשעטיק — ס׳רובֿ געווען, קענטיק, אַ המשך פֿון האָמערן און פֿון די ציקליסטן, שטייענדיק נאָנט צו די פֿאָלקסטימלעכע אַגדות און מיטן; מיר געפֿינען דאָרטן די זעלביקע טראַדיציאָנעלע נעמען און צווישנאַזאַ־מעדיקע שייכותן פֿון געטער און העלדן און דאָסאייגענע דרך־ארצדיקע פֿאַרהאַלטן זיך לגבי זיי. אָבער דער אופֿן באַאַרבעטן די טעמעס איז געווען אַ נייער, אין הסכם מיט דער וועלטלעכער איינשטעלונג פֿון דער געזעלשאַפֿט, מיט די מאָדערנערע רעליגיעזע, פֿילאָסאָפֿישע און עטישע אידייען.

די קאָמעדיע, ווידער, — דערהויפּט די אַריסטאָפֿאַנישע — האָט אונטערגעגראָבן אַלע טראַדיציאָנעלע יסודות פֿון דער אַלטגריכישער

וועלט, וועקנדיק דעם קריטישן זין און דעם גײַסט פֿון ספֿקות – לגבי אַלץ און לגבי אַלעמען.

## ב

**1.** די דאָמינירנדיקע שטעלונג פֿון דער קירך אין די מערבֿ־אייראָפּעיִשע מדינות בשעתן מיטלאַלטער – „דער קאַטוילישער פֿעאָדאַליזם", ווי מע רופֿט עס, – האָט, פֿאַרשטייט זיך, תּמיד געזיכערט פֿון פֿאָרויס, אין יעדן פּרט און פֿון אַלע זײַטן, איטלעכע אונטערנעמונג פֿונעם קלער „לשם פֿאַרגרעסערן דעם כּבֿוד פֿונעם רבונו־של־עולם". מכּל־שכּן האָט אויף קיין שום מניעות נישט געקענט טרעפֿן – אומגעוועוענדט: ס'האָט געמוזט געניסן פֿון אַלע מעגלעכע אונטערשטיצונגען און זכיותן – אַזאַ גאָטספֿאָרכטיקער אויפֿטו, ווי די דראַמאַטיזירונג פֿון דער עבֿודה (די „ליטורגישע דראַמע" אין 12טן און 13טן יאָרהונדערט). אויך אַלע ווײַטערדיקע מוטאַציעס, מעטאַמאָרפֿאָזעס און וואַריאַציעס אירע – די „מיראַקלען" וכ' (דאָס 14טע יאָרהונדערט), די „מיסטעריעס" אאַז"וו (דאָס 15טע און דאָס 16טע) – זענען כּסדר פֿאַרבליבן אונטער דער אָנפֿירונג און השגחה פֿון די העכסטע רעליגיעזע אויטאָריטעטן און אונטער זייער שוץ – אַפֿילו נאָך דעם, ווי די ספּעקטאַקלען האָבן זיך אַרויסגעטראָגן פֿונעם קלויסטער אַרויס אויף די מערק און אַנדערע עפֿנטלעכע פּלעצער אַריבער, אַ רשות־הרבים ווערנדיק און אַלץ מער זיך סעקולאַריזירנדיק. דער קאַטאָליציזם האָט געהעריק אָפּגעשאַצט און ממש אין אַ גיגאַנטישן פֿאַרנעם אויסגעניצט דאָס אומפֿאַרגלײַכלעך שטאַרקע און אומגעהײַערווירקעוודיקע מיטל, אין משך פֿון יאָרהונדערטער מאָנאָפּאָליסטיש צו הערשן איבער דער מענטאַליטעט און איבערן געמיט פֿון שטאַמען און פֿעלקער.

איז טאַקע דאָס מיטלאַלטער, דערהויפּט די לעצטע יאָרהונדערטער זײַנע (דאָס 14טע, דאָס 15טע און די ערשטע העלפֿט פֿון 16טן), פֿאַר דער קאַטוילישער מערבֿ־וועלט געוועזן אַ טעאַטער־עפּאָכע פּאַר עקסעלאַנס.

קיינמאָל דערנאָך קען קיין איין אייראָפּעיִש לאַנד נישט אויפֿווײַזן נאָכאַמאָל אַ טעאַטער, וואָס זאָל זײַן אַזוי דורך־און־דורך נאַציאָנאַל און פֿאָלקסטימלעך, אַזוי ענג געבונדן מיט אַלע שיכטן פֿון דער אומה, אַזוי טיף אַרײַנגעוואַקסן אין זייער לעבן, אַלע ווינקעלעך זײַנע אויספֿילנדיק.

**2.** נעמען מיר, למשל, פֿראַנקרײַך.

צום 15טן יאָרהונדערט איז שוין די גאַנצע מדינה געוועזן באַדעקט מיט געשטעלן און עסטראַדעס פֿאַר כּל מיני ערנצטע און קאָמישע שפּילן.

ספּעקטאַקלען פֿלעגן פֿאָרקומען בײַ יעדער געלעגנהייט: בשעת יום־טובֿים (ווײַנאַכט, די לעצטע וואָך פֿאַר פּאַסכע און אין די טעג פֿון פּאַסכע גופֿא). איטלעכער קלויסטער, איטלעכער מאָנאַסטיר האָט זיך אײַנגעאָרדנט פּעריאָדיש זײַנע אייגענע מיסטעריעס — לכּבֿוד דעם פּאַטראָן פֿונעם מקום אָדער פֿון די „ברידערשאַפֿטן" (confréries), צי סתּם־אַזוי: צו ווערן פּאָפּולער און צוציִען עולה־רגלניקעס. „פֿון גאָטס כּבֿוד וועגן צו באַלערן דאָס אָרעמע פֿאָלק" פֿלעגט מען שטעלן אַ הייליק שטיק — אָפּצוהאַקן די עפּידעמיע פֿון דער פּעסט אָדער צו באַדאַנקען דעם אייבערשטן פֿאַר אַ גוט גערעטעניש.

אין יאָר 1398 שוין האָט אין פּאַריז עקזיסטירט אַ שטענדיקע „אַסאָציאַציע ברידער פֿון דער פּאַסיע" (de la Passion, ד"ה פֿונעם נוצרים יסורים), באַשטאַנען פֿון באַלבאַטים און בעל־מלאָכות. אין יאָר 1402 האָט זי אַרויסגעקריגן בײַם קיניג שאַרל דעם זעקסטן אַ פּאַטענט מיט די פּריווילעגיעס פֿון אַ קאָרפּאָראַציע, וואָס דאַרף אָם מיינסטן פּאַוואָריזירט ווערן. די דאָזיקע עלטסטע שטאַבילע טרופּע האָט רעגולער יעדן זונטאָג און יעדן חגא־טאָג געגעבן אירע פֿאָרשטעלונגען אין אַ באַשטימטן לאָקאַל, וואָס איז אין פֿאַרלויף פֿון 150 יאָר סך־הכּל דרײַ מאָל געביטן געוואָרן.

אָן אַ שיעור אַנדערע געזעלשאַפֿטן האָבן זיך דעמאָלט פֿאַרנומען מיט דראַמאַטישער קונסט: אָדער „ברידערשאַפֿטן" (שטעטס אין אַ קאָנטאַקט מיט דער קירך), אָדער פּראָפֿעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס (האַנטווערקער־צעכן) אָדער ספּעציעלע שפּיל־פֿאַראיינען (ערנצטע צי שטיפֿערישע). אייניקע האָבן זיך אינטערעסירט נאָר מיט מיראַקלען, און שפּעטער מיט מיסטעריעס; אַנדערע — מיט „מאָראַליטעטן" (les moralités) — פּיעסעס מיט אַלעגאָרישע פּערסאָנאַזשן און מוסר־אידייען), מיט פֿאַרסן (קאָמישע פּיעסעס מיט דער אײנציקער באַשטימונג צו אַמיזירן), מיט נאַרשפּילן (les sotties) — סאַטירישע שטיק מיט גרויס דרייסטקייט און מיט אויסערגעוויינטלעך גראָבן לשון).

חוץ דעם האָט מיטן טעאַטער מיטגעלעבט אַ גרויסע אַרמיי סתּם ליבּ־האָבער. אַ פּאָר חדשים פֿאַר דער אויפֿפֿירונג פֿון אַ מיסטעריע פֿלעגט מען אויסשרײַען אויף די גאַסן און פּלעצער, עס זאָלן זיך מעלדן בעלנים צו שפּילן אַ ראָלע. עס פֿלעגן זיך אָפּרופֿן מענטשן פֿון אַלע קלאַסן, אויך פֿונעם קלער און אַמאָל פֿונעם אַדל (איטלעכן איינעם איז געלעגן געווען אַ גלאַנץ צו טון ווי אַן אימפּראָוויזירטער אַקטאָר). דערנאָך האָט מען זיך מיט התמדה געגרייט צו דער שפּיל, אײַנגעחזרט די טעקסטן, גענייט די קאָסטיומען, פֿאַרטיק געמאַכט דעם רעקוויזיט. גאַנץ שטאָט האָט זיך

געמיט, די אימפּרעזע זאָל אויספֿאַלן וואָס שענער, רײַכער, גרויסאַרטיקער. דער פּרינץ און דער קלויסטער, די ברידערשאַפֿטן און די קאָרפּאָראַציעס, דער מוניציפּאַליטעט און איינצלנע בירגער האָבן צושטײַער געגעבן אויף די הוצאות.

צום ספּעקטאַקל – ער האָט זיך געמעגט ציִען טעג צי וואָכן – פֿלעגט קומען די גאַנצע אײַנוווינערשאַפֿט, קיינער איז נישט געבליבן זיצן אין דער היים. די קראָמען פֿלעגן פֿאַרהאַקט ווערן, און ס׳האָט געגאָלטן אַן אָפֿיציעלער איסור צו טרײַבן דעמאָלט אַ וואָסער־נישט־איז אַרבעט. פֿון באַגינען ביז זון־אונטערגאַנג איז דאָס מקום געווען ליידיק, ווי אויסגעשטאָרבן: אַלט און יונג, פֿרוי און מאַן, קינד און קייט – אַלץ איז געווען פֿאַרזאַמלט אויפֿן שפּילפּלאַץ (צוגעקוקט זיך, אויב נישט אַליין „אַגירט“ אין דער פּיעסע). ס׳איז דורכויס נישט מגזם דער ליטעראַטור־היסטאָריקער, וואָס שרײַבט וועגן די דאָזיקע טעאַטער־פֿאָרשטעלונגען פֿון 15טן יאָרהונדערט:

— ...tout le monde y prenait part...

(ד״ה: די גאַנצע באַפֿעלקערונג האָט אָנטיילגענומען).

ס׳איז באמת געווען אַ פֿאָלקס־זאַך: פֿאַרן פֿאָלק – מיטן פֿאָלק און דורכן פֿאָלק.

וועגן אַפּאָגיי אירן דריקט זיך אויס אַן אַנדער פֿראַנצייזישער ליטעראַטור־פֿאָרשער:

— צווישן סוף פֿון הונדערטיעריקן קריג (1435) און דעם אָנהייב פֿון די רעליגיעזע מלחמות איז געלעגן אַ פּעריאָד פֿון אינעווייניקסטן שלום, ווען, ווייניקער געדריקט, ווייניקער באַאומרויִקט, מער רײַך אונטערן אַפּיטרופּסות פֿון אַ קיניגלעכער מאַכט, וואָס האָט זיך דערשלאָגן צו אומבאַגרענעצטקייט, האָט זיך די בורזשואַזיע מיט התלהבֿות צוגעבונדן צו דראַמאַטישע פֿאָרשטעלונגען... פֿון אַלע גײַסטיקע פֿאַרגעניגנס איז דאָס טעאַטראַלע דאָס צוטריטלעכסטע און דאָס שטאַרקסטע פֿאַר אַזאַ פּובליקום, וואָס איז גראָב און אײַנאַרטיק, באַשטייט דעריבער פֿון יחידים, אין וועלכע עס צאַפּלט גיכער די קאָלעקטיווע נשמה פֿון המונים, איידער דער אינדיווידועלער אײַנדרוק פֿון אַ פּערזענלעכער נשמה.

3. יענע מינים דראַמאַטישע קונסט, וואָס זענען אין מיטלאַלטער נישט פּ ר אָ ט ע ז ש י ר ט געוואָרן דורך דער קירך, האָבן געקענט טרײַבן אַ קיום נאָר אויף אַזוי פֿיל, אויף וויפֿל זיי זענען פֿון איר מינדסטנס ט אָ ל ע ר י ר ט געווען.

(א) אין די פֿ ר אַ נ צ י י ז י ש ע קלויסטערס זענען אַ געוויסע צײַט געדולדט געוואָרן בורלעסקע יום־טובֿים: fête de fous„ (יום־טוב פֿון

נאַראָנים״), fête de l'âne („יום־טובֿ פֿון אייזל״) – שטיפֿערישע און אויסגעלאַסענע פּאַראָדיעס אויף די רעליגיעזע צערעמאָניעס. ווען מע האָט זיי סוף־כּל־סוף געטריבן דעם וועג פֿונעם מקום־קדוש, האָבן זיי גענומען פֿירן אַ לעבן פֿאַר זיך, און פֿון זיי, רעכנט מען, זענען עס אַרויסגעקומען די פֿאַרסן[1] און די נאַרנשפּילן (les sotties), די ריין וועלטלעכע שפּילן, וואָס האָבן געהאַט אַזאַ סוקצעס אין 15טן יאָרהונדערט, דער רעפּערטואַר פֿון צוויי גרויסע לעגאַלע קאָרפּאָראַציעס: la Basoche („די פּאַלעסטרע״) און les Enfants sans souci („די קינדער אָן דאגות״) אָדער les Sots („די נאַראָנים״), און פֿון פֿיל אַנדערע אין גאַנצן לאַנד. די דאָזיקע טעאַטער־זשאַנערס האָבן אָבער געקאָנט האָבן אַ קיום נאָר דערפֿאַר, וואָס די קירך האָט זיי נישט באַקעמפֿט אַקטיוו, אויף וויפֿל זיי זענען נישט געקומען אין אַ קאָליזיע מיט דער רעליגיע.

(ב) ווען די דײַטשע נײַיאָר־שפּילן זענען פֿאַרטריבן געוואָרן פֿון די קלויסטערס, ווי זיי פֿלעגן תּחילת אויפֿגעפֿירט ווערן (זע אויבן, ז׳ 54), האָבן זיי ביסלעכווײַז געביטן די רעליגיעזע טעקסטן אויף וועלטלעכע, אָבער פֿון דעמאָלט אָן געפֿירט בלויז אַן אָרעמע און שוואַכע עקזיסטענץ.

(ג) אין 15טן יאָרהונדערט זענען אין דײַטשלאַנד נולד געוואָרן וועלטלעכע שפּילן – Fastnachtspiele („קאַרנאַוואַל־שפּילן״) האָט מען זיי גערופֿן. די מחברים פֿון אַ טייל זענען באַקאַנט: האַנס ראָזנבליט, האַנס פֿאָלץ. אַנדערע פּיעסעס זענען אַנאָנים. אַלע אינאייינעם האָבן אין פּרט פֿון פּאָפּולאַריטעט נישט געקענט אויסהאַלטן דעם פֿאַרגלײַך מיט די „גײַסטלעכע שפּילן״. מע פֿלעגט זיי אויפֿפֿירן נישט עפֿנטלעך, נאָר אין פּריוואַט־הײַזער: קלענערע אָדער גרעסערע גרופּעס שפּילער („יונגעלײַט פֿון בירגערשטאַנד״) פֿלעגן גיין פֿון שטוב צו שטוב, איבערגעטון אין פֿאַנטאַסטישע אָדער קאָמישע קאָסטיומען, און געבן די פֿאָרשטעלונגען, אָן אַ בינע, אָן דעקאָראַציעס, אָן וואָסערע־נישט־איז ספּעציעלע אײַנריכטונגען, באַקומענדיק פֿונעם באַלבאָס צו לוין כּיבוד און מסתּמא אויך עפּעס געלט.

כּדי אָפּצושאַצן דעם חילוק, דאַרף מען נעמען אין אַכט, אַז ווען די „מיסטעריעס״ (און ווי זיי האָבן דאָרט אַלץ געהייסן אין פֿאַרשידענע לענדער) זענען נישט אויפֿגעפֿירט געוואָרן אין קלויסטערס, פֿלעגט מען פֿאַר זיי אומעטום אויפֿשטעלן ספּעציעלע קאָמפּליצירטע בינעס. יעדער אַקט פֿלעגט געשפּילט ווערן אויף אַ באַזונדער טייל פֿון דער סצענע, די לעצטע האָט דעריבער געמוזט זײַן אָדער זייער ברייט (אין פֿראַנקרײַך, למשל, פֿון 30 ביז

---

[1] זע אויך אויבן, ז׳ 56, אָנמערקונג אונטערן טעקסט.

50 מעטער), אײַנגעטיילט אויף אַ סך קאַמערן (אויף 11 אין וואַלאַנסיען 1547, אויף 22 אין רואַן 1474); אָדער פּילגערנדיק (אין ענגלאַנד — דרײַשטאָקיק, אין מעץ 1427 — נײַנשטאָקיק). אין לוצערן, אין דער ערשטער העלפֿט פֿון 16טן יאָרהונדערט, פֿלעגט מען פֿאַר אַ גראַנדיעזער פּאַסכע־שפּיל פֿאַרנעמען עטלעכע שטאָטישע פּלעצער און גאַסן, באַדעקנדיק זיי מיט דער נייטיקער צאָל פּראָוויזאָרישע בינעס מכּל־המינים.

איצט — די טעאַטער־מאַשינען: אָן זיי פֿלעגט זיך נישט באַגיין קיין „מיסטעריע", סײַ ווען זי איז געשפּילט געוואָרן אין אַ קלויסטער און סײַ ווען מע האָט זי אויפֿגעפֿירט אונטערן פֿרײַען הימל.

אָט ווי ס'ווערט וועגן דעם דערציילט אין אַ שילדערונג פֿון אַ „הייליקער פֿאָרשטעלונג" אין איינעם אַ פֿלאָרענטינער קלויסטער:

— אונטערן געוועלב האָט זיך געדרייט, געפֿינקלט און געשײַנט מיט אָן אַ שיעור פֿײַערן אַ „הימל", פֿול מיט לעבעדיקע פֿיגורלעך. 12 קליינע באַפֿליגלטע מלאָכימלעך מיט גילדענע האָר האָבן זיך געהאַלטן בײַ די הענט און געטאַנצט, אונטערגעהאָנגען אין דער לופֿטן. דרײַ גירלאַנדעס פֿײַערן איבער זייערע קעפּלעך האָבן אויסגעזען ווי שטערן. ס'האָט זיך געדאַכט: די מלאָכימלעך גייען אַרום אויף וואָלקנס. דערנאָך האָבן זיך פֿונעם געוועלב אַראָפּגעלאָזט 8 קינדער, אויסגעשטעלט אַרום אַ שײַנענדיקן פּיעדעסטאַל, אויף וועלכן ס'איז געשטאַנען אַ מלאך פֿון אַ יאָר 15, אונטערגעהאַלטן דורך אַן אײַזערנעם, פֿאַרן אויג פֿאַרבאָרגענעם, זייער עלאַסטישן, די באַוועגונגען נישט שטערנדיקן מעכאַניזם. אָפּגערעדט דאָס זײַניקע, האָט זיך דער מלאך מיט אַ קרײַז זינגענדיקע באַלייטער צוריק אויפֿגעהויבן אויפֿן „הימל", און די מלאָכים האָבן געפֿירט אַ קאַראַהאָד אינעם חלל. מע האָט אויך געזען אויוון דעם רבונו־של־עולם, אַרומגערינגלט מיט מלאָכים, וואָס זענען געווען אונטערגעהאָנגען אונטערן קופּאָל. ספּעציעלע טירן אויף דיקע שטריק האָבן מיט אַ דונערדיקן גערויש געעפֿנט און פֿאַרמאַכט דעם „הימל".

אין אַן אַנדער פֿלאָרענטינער קלויסטער האָט מען אין 15טן יאָרהונדערט פֿאַר אַ „הייליקער פֿאָרשטעלונג" אײַנגעאָרדנט צוויי פֿירמאַמענטן: אויף איינעם האָט אַן עדה מלאָכים אַרויפֿגעטראָגן ישון; אויפֿן אַנדערן האָבן זיך געדרייט די עשׂר ספֿירות אינאיינעם מיט די שטערן, מיט חמרים פֿײַערלעך און מיט זיסע געזאַנגען.

אַמאָל פֿלעגן זיך פֿון דער הייך גיסן פֿלאַמען — אויפֿצושײַנען אויף די קעפּ פֿון די אַפּאָסטלס אָדער צו פֿאַרטיליקן די אומגלייביקע (אין יאָר 1471 האָט דערבײַ אויסגעבראָכן אַ שׂרפֿה אין קלויסטער פֿון הייליקן ספּיריטאָ; אין יאָר 1556, אין אַרעצאָ, בעת דער פֿאָרשטעלונג פֿון „נבוכדנצר", איז דער גאַנצער בוטאַפֿאָרישער גן־עדן פֿאַרברענט געוואָרן, אינאיינעם מיטן אַקטיאָר, וואָס האָט געשפּילט דעם בורא־עולם). קיין איין פּיעסע פֿון דעם מין אין איטאַליע איז זיך נישט באַגאַנגען אָן אַפּאָטעאָז, דערהייבונגען אויפֿן הימל, אײַנלייגן הײַזער דורך אַ בליץ און ענלעכע אַטראַקציעס, ווי בײַ אַ הײַנטצײַטיקער פֿייעריע.

אַזעלכע מין עפֿעקטן מיט דער הילף פֿון מאַשינען וכ' זענען געווען אַ ממשותדיקער טייל פֿון די ענלעכע ספּעקטאַקלען אויך אין פֿראַנקרײַך, שפּאַניע, דײַטשלאַנד.

# קאפיטל III

די וויַיטערדיקע געשיכטע פֿון דער סצעניִשער קונסט בײַ די מערבֿ־אייראָפּעיִשע פֿעלקער — נאָכן מיטלאַלטער שוין — באַווײַזט, אַז אויך דעמאָלט האָט זיך די דראַמאַטיק צווײַג פֿון גײַסטיקער קולטור געקענט האַלטן אויף אַ מער־ווייניקער ווערטיקן ניוואָ, עוואָלוציאָניזירן, הייבן זיך, זײַן אַ געזעלשאַפֿטלעכער כּוח און אויך שאַפֿן טראַדיציעס דערעיקרשט (אָדער אפֿשר טאַקע אויסשליסלעך) דאָרטן, וווּ זי האָט פֿאַרמאָגט אַ פּראָטעקטער, אויף אים זיך אָנצולייגן און בײַשטאַנד פֿון אים צו באַקומען.

אין דער ראָלע פֿון גיבער און באַשיצער זעען מיר (לויט דער מדינה נאָך און לויט דער עפּאָכע): דעם קיניגלעכן, הערצאָגישן צי פֿירשטלעכן הויף, אַריסטאָקראַטישע שלעסער, רײַכע שטעט, — קורץ: אַלעמאָל דעם אויוון (אָדער „אויבן", ווי ס'הייסט אין ליטוויש־ייִדיש), די פּאָליטיש, סאָציאַל, עקאָנאָמיש און קולטורעל העכערע קלאַסן.

## א

אין פֿראַנקרײַך איז די קאַטוילישע מיסטעריע אונטערגעגאַנגען זינטן יאָר 1542, ווען דער קיניגלעכער גענעראַל־פּראָקוראָר האָט זי פֿאַרווערט צו שפּילן ווען־נישט־איז — דערפֿאַר, וואָס זי האָט נישט קיין ליטעראַרישן און סצענישן ווערט און באַליידיקט די מאָראַל און די רעליגיע.

אין שפּאַניע, אָקעגן, איז פֿון די „אויטאָס" אויסגעוואַקסן דאָס נאַציאָנאַלע טעאַטער, אויך נאָכן אויסלאָז פֿון מיטלאַלטער בלײַבנדיק אין ענגער פֿאַרבינדונג מיטן רעליגיעזן קולט, אָבער שטאַרק זיך צעבליִענדיק אַדאַנק דער אַרבעט פֿון גרויסע דראַמאַטורגן (פֿ"גל אויוון, ז' 53) און ווערנדיק אומגעהײַער באַליבט בײַ דער גאָרער באַפֿעלקערונג. מע דאַרף געדענקען: ס'איז געווען אַן אולטראַ־קאַטוילישע געזעלשאַפֿט מיט אַ שאַרפֿן נאַציאָנאַלן שאָוויניזם, דער קיניגלעכער הויף האָט מיט זיך פֿאָרגעשטעלט די פֿינצטערסטע נעסט פֿון רעליגיעזן פֿאַנאַטיזם אין גאַנץ אייראָפּע, און די טאַלענטירטסטע מענער פֿון גײַסט דאָרטן האָבן זיך געגרנווויליק און אַפֿילו מיט התלהבֿות אײַנגעשפּאַנט אינעם רײַטוואָגן פֿון דער בלוטיקער אינקוויזיציע.

טעאַטער אין שפּאַניע פֿון 15טן, 16טן און 17טן יאָרהונדערט איז געווען אַן ענין פֿונעם גאַנצן פֿאָלק און דער אינטענסיווסטער טייל פֿונעם קולטורעלן לעבן. ס'איז פּשוט שווער זיך אויסצומאָלן זײַן אומפֿאַרגלײַכלעכע פּאָפּולאַריטעט בײַ גרויס און קליין, בײַ אָרעם און רײַך.

אַ נײַעס לגבי די מיסטעריעס האָט אַרויסגעבראַכט כואַן דעל אַ־ענצינאַ (1469 – 1534) אין זײַנע דיאַלאָגישע עקלאָגעס. ער האָט זיי פֿערזענלעך אויפֿגעפֿירט פֿאַרן אַדמיראַל פֿון קאַסטיליע און פֿאַר דער הערצאָגין אינפֿאַנטאַדאָ.

נישט האָבנדיק קיין פּרנסה, האָט נישט קיין אַנדערער, ווי מיגעל דע־סערוואַנטעס סאַאַוועדראַ (1547 – 1611), דער שפּעטערדיקער אומשטערבלעכער מחבר פֿון „דאָן־קיכאָט לאַמאַנטשער", גענומען שרײַבן פֿאַרן טעאַטער (פֿאַרפֿאַסט אַ 20–30 פּיעסעס,[1] פֿון וועלכע נאָר צוויי זענען אויפֿגעהיט געוואָרן), ווײַל דערפֿון האָט מען געקענט האָבן גרויסע הכנסה.

דערנאָך זענען געקומען די גאונים לאָפּע דע־וועגאַ און פּעדראָ קאַלדעראָן.

מע דאַרף נישט לאַנג ברײַען אויף אויסצוטײַטשן, וואָסער מעכטיקער באַזיס פֿאַרן קיום און וווקס פֿון דער שפּאַנישער דראַמאַטישער קונסט עס זענען געווען די שטענדיקע בינעס אין די גרעסערע שטעט, ווו ס'האָבן דעריבער געקענט שפּילן שטאַבילע טרופּעס. מאַדריד האָט צום סוף פֿון 16טן יאָרהונדערט (1579 און 1582) באַקומען אַזש צוויי נײַע טעאַטער־בנינים מיטאַמאָל. – דער מרה־שחורהניק פֿיליפּ II האָט אין יאָר 1598 טאַקע געאַסרט דראַמאַטישע פֿאָרשטעלונגען, אָבער שוין אין צוויי יאָר אַרום איז די גזירה בטל געוואָרן (בײַ פֿיליפּ III). פֿיליפּ IV, ווידער, האָט זייער ליב געהאַט די סצענע, געלאָזט זיך מאַכן אַ הויפֿטעאַטער אין פּאַלאַץ בוען רעטיראָ און מיט ברייטער האַנט געשטיצט דראַמאַטורגן.

בײַ אַזעלכע פֿאַרהעלטעניש איז פֿאַר אַ וווּנדערטאַלענט, ווי דע־וועגאַ, „די גאַנצע וועלט געשטאַנען אָפֿן". דעם סעקרעטער פֿון הערצאָג אַלבאַ איז משמעות נישט שווער געווען צו געפֿינען אַ וועג צו דער בינע. איין מאָל דאָרטן אויסגענומען, איז ער געוואָרן דער מלך פֿונעם שפּאַנישן טעאַטער. ער האָט באַהערשט אַלע סצענעס, און דער האָנאָראַר זײַנער פֿאַר דער ריזיקער צאָל אויפֿגעפֿירטע ווערק זאָל האָבן אויסגעמאַכט 86 טויזנט דיקאָטן (אַ גאַנצער אוצר פֿאַר יענער עפּאָכע). גלײַכצײַטיק איז ער געווען סעקרעטער בײַ פֿאַרשידענע הויכגעשטעלטע לײַט, דערנאָך אָנגענומען דעם אַמט פֿון אַ גלח און שפּעטער באַשענקט געוואָרן מיט אַ סינעקור בײַם הויפּטמאָנאַסטיר אין טאָלעדאָ. אין שפּאַניע

---

[1] שוין נאָכן האָבן אָנגעשריבן דעם וועלט־באַרימטן ראָמאַן האָט ער זיך אומגעקערט צו דער בינע און פֿאַרפֿאַסט נאָך 17 שטיק (8 קאָמעדיעס און 9 אינטערמעדיעס). זיי זענען יאָ דערגאַנגען צו אונדז.

האָט מען דעם אומגלייבלעך פּראָדוקטיוון דיכטער ממש פֿאַרגעטערט. ווען ער פֿלעגט גיין אין גאַס, האָבן אים המונים נאָכגעשטראָמט אַ קוק צו טון אויף אים, פֿרויען זענען אַרויסגעלאָפֿן אויף די באַלקאָנען, און דער קיניג אַליין פֿלעגט זיך אָפּשטעלן אים צו באַגריסן.

קאַלדעראָנס דראַמעס זענען זייער געפֿעלן געוואָרן דעם קיניג פֿיליפּ IV, און דער יונגער פּאָעט איז באַשטימט געוואָרן דירעקטאָר פֿון דער הויפֿבינע צו שרײַבן פֿאַר איר פּיעסעס און אָרגאַניזירן אַלער־האַנט פּרעכטיקע פֿאַרווײַלונגען. אָנגענומען אין אַ ריטעראָרדן און דער־נאָך אין גלחישן שטאַנד, פֿאַרזאָרגט אַזויאַרומער מיט חיונה ביז איבערן קאָפּ, איז דער דראַמאַטורג דאָך פֿאַרבליבן כּסדר דינען אין הויף. ס'איז זיך, דאַכט זיך, נישט מיגלעך פֿירצושטעלן גינסטיקערע באַדינגונגען פֿאַר שריפֿטשטעלערישער אַרבעט. איז טאַקע קיין חידוש נישט, וואָס קאַלדעראָן האָט פֿון זיך אַרויסגעגעבן דעם מאַקסימום, צו וועלכן גרויסער טאַלענט און נישט־מיטלמעסיקע בילדונג זענען מסוגל.

## ב

**1.** דער אָנהייב פֿון 16טן יאָרהונדערט איז אין איטאַליע געווען דער טריומף פֿון קלאַסישן אַלטערטום, דער ניצחון פֿון הומאַניזם. דער גײַסט פֿון דער גריכיש־רוימישער קולטור האָט רעוואָלוציאָניזירט אויך די קונסט. אין דער טעאַטערוועלט האָט זיך דאָס אויסגעדריקט אין דרײַ נײַעסן:

(א) אין דער פֿאַרוועלטלעכונג פֿון די „הייליקע רעפּרעזענטאַציעס“;

(ב) אין איטאַלענישע טראַגעדיעס, אויפֿן שניט פֿון די אַלט־גריכישע מײַסטערס געשריבענע;

(ג) אין דער קאָלאָסאַלער צאָל פֿאָרשטעלונגען אויף לאַטײַניש.

דאָס אויפֿלעבן די קונסט פֿונעם גריכיש־רוימישן אַלטערטום איז געווען אַ רעאַקציע קעגן דעם אָפּגעשטאַנענקייט פֿון די „גאָטישע קינסטלער“ און פֿון די „הייליקע פֿאָרשטעלונגען“, האַלט ראָמען ראָלאַן, וואָס כאַראַקטעריזירט זייער פֿאַרביק און איבערצײַגעוודיק די עפּאָכע, פֿאַררופֿנדיק זיך אַ סך אויף אַלעסאַנדראָ ד'אַנקאָנאַ. אין דער תּקופֿה פֿון די מעדיטשיס האָבן די געדאַכטע „מיסטעריעס“ שוין אויסגעזען ווי אַרכאַיִשע פֿאָרשטעלונגען; קיינער האָט זיי נישט געוומען ערנצט, דערהויפּט אין די אַריסטאָקראַטישע קלאַסן און אין דער קינסטלערוועלט, וואָס האָט אָנגעפֿירט מיט דער נײַער באַוועגונג. דאָס תּחית־המתים פֿון דער קלאַסישער קולטור האָט באַטײַט דערוואַכונג פֿון וועלטלעכן גײַסט. שוין אין

יאָר 1488, אין פלאָרענץ, בײַם אויפֿפֿירן פּלאַווטס „צווילינג“, איז צוגעגעבן געוואָרן אַ פּראָלאָג, ווו ס׳איז אָפֿן און בײַסיק אַטאַקירט געוואָרן דער קלער (דערציקרשט די מאָנאַכן). די הויכע גײַסטלעכע, נישט איבעריק דעמאָלט אָפּגעהיטן אין זאַכן פֿון באַגאָטישקייט, האָבן זיך נישט געשײַעט צוצושטיין צו דער אַנטיקלעריקאַלער פּראָפּאַגאַנדע.

בײַ דער דאָזיקער אידעאָלאָגישער רעפֿאָרעם אינעם איטאַלענישן טעאַטער האָט אַ מערסטן פּועל געווען לאָרענצאָ מעדיטשי, גערופֿן „דער פּרעכטיקער“ (il Magnifico) – געלעבט 1448 – 1492. סאַוואָנאַראָלע איז נישט ווײַט געווען פֿונעם אמת, פֿירוואַרפֿנדיק אים, אַז, וועלנדיק, „דער המון זאָל טראַכטן וועגן פֿאַרגעניגנס און נישט וועגן זײַן טיראַן, מאַכט ער אים פֿאַרשפּילן זיך מיט ספּעקטאַקלען און יום־טובֿים“.

דער טיראַן איז אָבער אַליין געווען נישט קיין מיטלמעסיקער קינסטלער און האָט געשאַפֿן נײַע מוסטערן, דורכגעבראָכן נײַע וועגן. אין דער פּראָצעסיע פֿון הייליקן יאָהאַן האָט ער גענומען אײַנפֿירן היידנישע טעמעס און העלדן (ריימישע קיסרים). דערנאָך האָט ער זיך אינאיינעם מיט זײַנע פּאָעטן פֿאַרנומען איבערצואַרבעטן די „גײַסטלעכע רעפּרעזענטאַציעס“ אין וועלטלעכן גײַסט. – אין יאָר 1489 האָט ער אַליין פֿאַרפֿאַסט אַ קלאַסישע טראַגעדיע, וואָס דערמאַנט די ווערק פֿון קאָרנעל, וועלכער האָט געלעבט מיט אַזוי פֿיל יאָר שפּעטער. – אונטערן אײַנפֿלוס פֿון דער דאָזיקער אַטמאָספֿער האָט לאָרענצאָס פֿרײַנט, פּאָליציאַן, אָנגעשריבן זײַן „אָרפֿיי“ (אויפֿגעפֿירט געוואָרן אין מאַנטוע, בײַם הויף פֿון די גאָנזאַגן), וואָס קומט פֿאָר ווי אַן איבערגאַנג פֿון דער פֿלאָרענטינער רעליגיעזער טראַגעדיע צו דער פּאַסטאָראַלער טראַגעדיע אויפֿן שטייגער פֿונעם קלאַסישן אַלטערטום.

לאַטײַנישע ספּעקטאַקלען זענען כּסדר געגעבן געוואָרן זינט דעם יאָר 1480 ביזן יאָר 1540 – אין רוים (בײַ די פּויפּסן סיקסט IV, אַלעקסאַנדער VI, לעאָ X), אורבינאָ, מאַנטוע, ווענעציע (ווו די אַריסטאָקראַטיע האָט זיך פֿאַר זיי ענטוזיאַזמירט), און באַזונדערס אין פֿעראַרע, ווו דער הערצאָג הערקולעס I ד׳עסטע (1433 – 1505) איז געווען אַזאַ ליידנשאַפֿטלעכער ליבהאָבער פֿון אַלטערטימלעכער קלאַסישער קונסט, אַז ער האָט אויסגעבויט בײַ זיך אין דער קרוינשטאָט אַ גרויסאַרטיקן טעאַטער־בנין מיט 5.000 פּלעצער (אין יאָר 1502 זענען דאָרט לכּבֿוד זײַן זונס חתונה אין איין וואָך אָפּגעשפּילט געוואָרן פֿינף קאָמעדיעס פּלאַווטס) און אויסגעהאַלטן אַ טרופּע באַרימטע

אַקטאָרן, מיט וועלכע ער פֿלעגט זיך נישט זשענירן אַרומצופֿאָרן אין איטאַליע צו ווײַזן זיי אין אַנדערע הייף.

בכלל איז עס געווען אַ הויפּישע זאַך — אָט די דאָזיקע נײַע טעאַטערקונסט, די איטאַליענישע ספּעקטאַקלען פֿון רײמישן נוסח און די פֿאָרשטעלונגען פֿון אַלטלאַטײַנישע קאָמעדיעס.

אין מילאַן איז זי פֿאַרפֿלאַנצט געוואָרן דורך דער טאָכטער פֿון פֿעראַרער הערצאָג, פֿרוי פֿון לודוויק מאָראָ, — בעאַטריטשע ד׳עסטע. אין יאָר 1483 האָט זיך קיין נישט אַנדערער, ווי לעאָנאַרדאָ דאַ־ווינטשי, דאָרט באַטייליקט אין צוגרייטן די ספּעקטאַקלען.

בײַ די דערמאַנטע פֿעראַרער לאַטײַנישע פֿאָרשטעלונגען פֿון יאָר 1502 זענען די דעקאָראַציעס געמאַכט געוואָרן דורך עטלעכע באַקאַנטע מאָלערס.

אין אורבינאָ, צווישן 1503 — 1508, איז בײַם הערצאָג גווידובאַלדאָ געגעבן געוואָרן אַן עשירותדיק אויסגעשטאַטער ספּעק־טאַקל פֿון טיפּ אָפּער־באַלעט.

צו דער פֿאָרשטעלונג פֿון אַריאָסטאָס „אונטערגעשטעלטע לײַט“ אין וואַטיקאַן (1518) זענען די דעקאָראַציעס געמאָלט געוואָרן דורך ראַפֿאַעלן.

דאָרט, ווו דאָס טעאַטער האָבן געבויט די רײַכסטע מאַכטהאָבער פֿון דער מדינה און ס׳זענען נישט געקאַרגט געוואָרן קיין געלטמיטלען אויף דער דאָזיקער געליבטער פֿאַראינטערעסירונג זייערער, האָט, פֿאַרשטייט זיך, דער זיכערער און אומבאַגרענעצטער פֿינאַנציעלער באַזיס געגעבן אַ מעגלעכקייט צו גרופּירן אַרום דער בינע די בעסטע שריפֿטשטעלער און די גרעסטע גאונים פֿון דער פּלאַסטישער קונסט אין יענער עפּאָכע.

**2.** אַרום 1530 איז דער גײַסט פֿון פֿרײַען רענעסאַנס אין איטאַליע געבראָכן געוואָרן דורך פּאָליטישע, סאָציאַלע און גײַסטיקע פּורעניותן.

אין יאָר 1527 האָט קאַרל V (זינט 1516 שפּאַנישער קיניג, זינט 1519 אויך דײַטשער קיסר) אײַנגענומען און אויסגערויבט רוים, מיט דרײַ יאָר שפּעטער איז דער זעלביקער צאָרן אויסגעגאָסן געוואָרן אויף פֿלאָרענץ.ביידע הויפּטשטעט פֿונעם האַלבאינדזל זענען געלעגן אונטערן יאָך.

די באַצווינגער האָבן דאָרט געטריבן זייער הפֿקרות; די קאַטוילישע קאָנטעררעפֿאָרמאַציע האָט אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ, און די פּילטויזנט־פֿינגערדיקע האַנט פֿון דער קעמפֿערישער קירך האָט זיך געלייגט אויף אַלץ און אויף אַלעמען, שטרעבנדיק צוריק צו באַצײַמלען די גאָרע

הערטשאַפֿט, וואָס איז שוין געווען „צו צעלאָזן“; אויך די קליינע פֿירשטלעך, די מיקראָסקאָפּישע טיראַנען, האָבן נאָכגעטאַנצט, באַמיט זיך פֿון זייער זײַט צו פֿאַרשקלאַפֿן דעם פֿרײַען געדאַנק פֿון דער איטאַליענישער אויפֿלעבונג. די קונסט האָט אויך נישט אויסגעמיטן קיין רדיפֿות: מיקל אַנדזשעלאָ איז אַרײַנגעלייגט געוואָרן אין אַ שם פֿון אַ כּופֿר־בעיקר און אַ פֿאַרשײַטלינג, וועראָנעזען האָט מען געשטעלט פֿאַרן מישפּט פֿון דער אינקוויזיציע, מאָלערײַ איז סתּם אַרונטערגעפֿאַלן אונטער אַ חשד, און דעם טעאַטער האָט מען פֿאַרמאַכט דאָס מויל.

אַפֿילו אויף די „הייליקע רעפּרעזענטאַציעס“ איז געוואָרפֿן געוואָרן אַן אומחן, אַ פּשיטא אויף די אַנטיקלעריקאַלע הויפֿקאָמעדיעס אין קלאַסישן סטיל. מע האָט דעמאָלט געמעגט שפּילן נאָר אַריסטאָקראַטישע קאָמעדיעס — בײַ פֿאַרמאַכטע טירן, פֿאַר פֿאַרבעטענע געסט. אָבער אויך נישט לאַנג: די שטימונגען פֿון דער בעסערער געזעלשאַפֿט זענען דאָ אויך צו אומזשעני̇רט געקומען צום אויסדרוק, און די פֿירשטן האָט דאָס פֿרײַדענקערײַ נישט געשמעקט. האָבן זיי אָנגעהויבן צו פֿאַוואָריזירן די אומשולדיקסטע פֿאָרעם פֿונעם אַלטערטימלעכן טעאַטער: די פּאַסטאָראַלע דראַמע, וואָס אַמאָל איז זי אויפֿגעפֿירט געוואָרן מיט כאָרן און אינטערמעדיעס, אַמאָל אָן זיי, כּמעט תּמיד מיט אומגעהערטן לוקסוס פֿון אויסשטאַטונג, אָבער שטענדיק אָן קראַפֿט פֿון ליידנשאַפֿט, אָן דער הויבנקייט פֿון געדאַנק, אָן פֿרײַהייט, אָן מוטיקן אויפֿריכטיקייט: זי איז יוצא געווען מיט ווערטלעכן לעבן, מיט בוכיקע, ראַפֿינירט־זינלעכע שטימונגען, מיט אַריסטאָקראַטישן טרוימערישקייט, מיט מוזיקאַלישקייט פֿון דער נשמה.

אין זין פֿון קונסט איז עס טיילווײַז געווען פּראָגרעס (די מוזיק געוואַלטיק אויסגעוואַקסן און אויך די פֿאַראינטערעסירונג מיט איר מצד דער געזעלשאַפֿט), אָבער אין כּלל אַרײַן — אַ מאָראַלישער באַרגאַראָפּ (ווײַל דער באַנקראָט פֿון איטאַליענישן רענעסאַנס), ווי ס׳פֿירט אויס ראָלאַן, בײַ וועמען כ׳נעם דעם גאַנצן שאַרפֿן אַנאַליז פֿונעם טעאַטער־לעבן אויפֿן האַלבאינדזל זינט 1540 אומגעפּער.

3. אין 17טן יאָרהונדערט האָט אויף דער איטאַליענישער בינע געקיניגט די אָפּער. פֿאַרוועבט איז זי געוואָרן נאָך אין סוף פֿונעם פֿריִערדיקן יאָרהונדערט (טאַסאָ, רינוטשיני), אונטער די פֿליגל פֿונעם פֿלאָרענטינער הערצאָגישן הויף, און פֿונאַנדערגעבליט האָט זי זיך דערנאָך אין רוים, אונטערן אַפּיטרופּסות פֿונעם מעצענאַטישן געזינד קאָלאָן און פֿון די דרײַ קאַרדינאַלן באַרבעריני (ברודערנזין פֿונעם

פויפּס אורבאַן VIII). די לעצטע האָבן אין זייער פּאַלאַץ אויסגעבויט אַן עקסטרע טעאַטער מיט איבער דריי טויזנט פּלעצער פֿאַר צוקוקער.[1]

## ג

**1.** אין קאַפּיטל II (ב, 1) איז שוין דערמאַנט געוואָרן די פּאַריזער „אַסאָציאַציע ברידער פֿון דער פּאַסיע" מיט די זכיותן, וואָס זי האָט געהאַט בחזקה אויפֿן סמך פֿון אַ לײַטזעליקן קיניגלעכן פּאַטענט.

די דאָזיקע קאָרפּאָראַציע האָט באַשטענדיק געהאַט אַן אייגן שפּילאָרט: פֿריִער אינעם פּאַרטערזאַל פֿון שפּיטאָל „טריניטע"; דערנאָך אין פּאַלאַץ „דע פֿלאַנדר", צום סוף אין פּאַלאַץ „דע בורגאָן". נאָך דעם, ווי מע האָט איר פֿאַרווערט אויפֿצופֿירן רעליגיעזע מיסטעריעס (1542), האָט זי פֿונדעסטוועגן די פּריווילעגיעס נישט אָנגעווירן, און ביז צום סוף פֿון 17טן יאָרהונדערט עקספּלואַטירט זי, פֿאַרדינגענדיק דעם לאָקאַל צו אַנדערע אַנסאַמבלען, וועלטלעכע. אַזוי, צ״בש, האָט אין דער צײַט פֿון לוי XIII (1601 – 1643) געשפּילט דאָרט אַ „קעניגלעכע טרופּע" (אַזוי איז געווען איר אָפֿיציעלער נאָמען).

אַ צווייטע שטאַבילע סצענע אין פּאַריז איז געווען דעמאָלט „דאָס טעאַטער פֿון זומפּ" (Le Thèâtre du marais), תּחילת אויף דער גאַס de la Poterie, זינט 1635 אויף rue Vieille-du-Temple (דאָ איז אויפֿגעפֿירט געוואָרן קאָרנעלס Cid).

חוץ דעם האָבן אין 17טן יאָרהונדערט אין פּאַריז און אין דער סבֿיבֿה עקזיסטירט פּריוואַטע טעאַטער-זעלער אין די פּאַלאַצן פֿון דער קעניגלעכער פֿאַמיליע און פֿון אַריסטאָקראַטישע שלעסער.

אין יאָר 1680 איז פֿאָרגעקומען די גרינדונג פֿון „קאָמעדיע פֿראַנסעז" אין פּאַריז דורך לוי XIV (1638 – 1715). דאָס נײַע טעאַטער (עקזיסטירט נאָך, הגם נישט אויף דעם זעלביקן אָרט) האָט באַקומען די פּריווילעגיע צו שטעלן טראַגעדיעס און קאָמעדיעס און אַ געלט-סובסידיע פֿון 12 טויזנט פֿראַנק אַ יאָר (די ערשטע צײַט איז עס

[1] מוזיק האָט דעמאָלט געוועלטיקט איבער דער גאָרער קולטורעלער געזעלשאַפֿט אין איטאַליע. אינטערעסאַנט: כּמעט אַלע גרויסע ווענעציאַנער מאָלער פֿון 16טן יאָר-הונדערט (דזשאָרדזשאָנע, טינטאָרעטאָ און אַנדערע) זענען געווען מוזיקער. דער פּויפּס לעאָ X האָט צוויי הויף-ווירטואָזן זײַנע באַשטימט פּונקט אַזאַ שׂכירות, ווי ראַפֿאַעלן; אַ לויטנשלעגער דזשיאַמאַריאַ (אַ ייִד) האָט פֿאַר זײַן קונסט באַקומען דעם טיטל גראַף און אַ שלאָס במתּנה; דער זינגער גאַבריעל מעריגאָ איז גאָמינירט געוואָרן אַרצבישאָף אין באַרי...

נאָר מיט דער הילף פֿון פּאָליציייִשע מיטלען בכּוח געווען צו באַקעמפֿן די קאָנקורענץ פֿון די מאַריאָנעטן־פֿאָרשטעלונגען אויף די גאַסן, פֿון די וואַנדער־אַקראָבאַטן און מאַרקזינגערס).

ספּעציעלע בינע־לאָקאַלן – אומעטום, ווו זיי זענען פֿאַראַן, – מוזן כּידוע באַטראַכט ווערן פֿאַר אַ באַווײַז פֿון אַ מער אָדער ווייניקער לעבעדיקן טעאַטער־לעבן. גלײַכצײַטיק זענען זיי אויך סטימולאַטערס זײַנע, – פֿאָר־תּנאַי פֿאַר קאָנטינויִטעט, באַזיס פֿאַר עוואָלוציע (בײַם פֿאַראַן־זײַן אויך פֿון אַנדערע באַדינגונגען).

**2.** נאָך אין דער צײַט פֿון די רעליגיעזע מיסטעריעס זענען באַלבאַטים איבער דער פֿראַנצייזישער וועלטלעכער דראַמאַטישער קונסט געווען כּלערליי פּריוואַטע געזעלשאַפֿטלעכע אָרגאַניזאַציעס (אין פּאַריז און אין פֿיל פּראָווינצשטעט).

אין דער קרויגשטאָט האָט זיך צעפּירט די הענט la Basoche du Parlement („באַסאָש" שטאַמט פֿון basilica „פּאַלאַץ") – פֿאַרבאַנד פֿון די קלערקס אויס די פּראָקוראָרישע קאַנצעלאַריעס פֿונעם פּאַרלאַמענט. אים איז אונטערגעוואָרפֿן געווען אַ צווייטער: la Basoche du Châtelet, ווו מיטגלידער זענען געווען די אָנגעשטעלטע בײַ די נאָטאַריוסן, פּראָקוראָרן אאַז"וו פֿון שאַטלע. געווען אויך l'Empire de Galilée (די קלערקס אויס די פּראָקוראָרישע ביוראָס פֿון דער פֿינאַנצ־קאַמער). די דאָזיקע פֿרײַלעכע אַסאָציאַציעס, וואָס האָבן געהאַט זייערן אַ „קעניג", זייערן אַ „קאַנצלער" וכ׳, פֿלעגן אײַנאָרדענען פּעריאָדיש פּאָמפּעזע יום־טובֿים, פּאַראַדן, דעפֿילאַדעס און דעסגלײַכן. צו די אַטראַקציעס האָבן דערבײַ געהערט אויפֿפֿירונגען פֿון מימישע מיסטעריעס, „מאָראַליטעטן" און פֿאַרסן.

געווען אין פּאַריז יענצמאָלט אויך אַן אַנדער טיפּ קאָרפּאָראַציע, וואָס ס'איז נישט גענוג קלאָר, פֿונוואַנעט זי האָט זיך גענומען: „די קינדער אָן זאָרג", „די נאַראָנים" (les Sots); זיי פֿלעגן זיך טראָגן אין אויסטערלישע קאָסטיומען: די מלבושים געל און גרין, אויפֿן קאָפּ אַ קאַפּטער, באַפּוצט מיט אייזל־אויערן און מיט קלימפּערלעך. דער רעפּערטואַר זייערער: נאַרנשפּילן (les sotties).

היות מע האָט געקענט זײַן אײנצײַטיק מיטגליד הן אין אַ „באַסאָש" הן בײַ די „אָנדאַגהניקעס", האָבן די אַלע אָרגאַניזאַציעס מיט דער צײַט זיך צונויפֿגערעדט צונויפֿצוגיסן זייערע רעפּערטואַרן אין איינס.

די „באַסאָש"־לײַט האָבן געוויזן „נאַרנשפּילן" אויפֿן מירמל־שטיינערנעם טיש פֿונעם יוסטיצפּאַלאַץ; די „קינדער אָן

זאָרג״ — אום פּעטן דינסטאָג אויפגעפירט אין די שטאָטהאַלעס נאַרנשפּילן מיט „מאָראַליטעטן״ און פּאַרסן אויפּאַמאָל.

דער סוקצעס האָט געמוזט זײַן גרויס, אויב אַקעגן דער מיט פון 15טן יאָרהונדערט האָבן די „ברידער פון דער פּאַסיע״ – געניטע געשעפטסלײַט – פאַרבעטן די לוסטיקע חברות אויפצוטרעטן אין זייער מאָנאָפּאָל־טעאַטער.

ווי שוין פאַרמערקט (אויוון, II, ב, 3), זענען די אַלע זשאַנערס פול געווען מיט סאַטירע, אויך מיט אַקטועל־פּאָליטישע אַקצענטן. מע האָט זיך אײַנגעשטעלט אַרײַנצוזאָגן ווען מע האָט געפונען פאַר נייטיק – אין די צײַטן פון שאַרל VII (רעגירט זינט 1422), לוי XI (1461 – 1483), שאַרל VIII (קעניג זײַט 1483). די sotie האָט אַטאַקירט אַלע קלאַסן פון דער געזעלשאַפט (אַן „אויסגעלאַסענער נאַר״ פלעגט זיך באַווײַזן אין אוניפאָרעם פון אַ זשאַנדאַר, אַ „קאָרומפּירטער נאַר״ – אין מונדיר פון אַ שופט וכ׳), באַרירט אַלע פּאָליטישע און סאָציאַלע פּראָבלעמען מיט אַ דרייסטקייט, וואָס מאַכט אַנטשטאַנען ווערן. די מאַכט האָט דאָס טאָלערירט, אָבער נישט תמיד. אַמאָל פלעגט פאַלן אַן עונש הן אויף די מחברים, הן אויף די אַקטאָרן. דער פּאַרלאַמענט און דער הויף האָבן אָפט געצווימט דאָס פרײַע אָפנקאַנטיקייט פון די עזות־פּענעמער. באַזונדערס האָט פראַנסואַ I (געהערשט פון 1515 אָן) געלאָזט זיי פילן זײַן האַרטע האַנט. אָבער ס׳האָבן זיך אין דער אייגענער תקופה געפונען אויך גינער און פירשפּרעכער. צום סוף פון פופצעטן יאָרהונדערט איז דער פּאָעט האַנרי באָד אײַנגעזעצט געוואָרן פאַר אַ צו סאַטירישער „מאָראַליטעט״, אָבער דער זעלביקער פּאַרלאַמענט, וואָס האָט אים אַזוי האַרב געקנסנט, איז דערנאָך אויפגעטרעטן ווי זײַן פאַרטיידיקער פאַרן הויף.

לוי XII (1462—1515) האָט די אַלע וועלטלעכע טרופּעס געגעבן די פולע פרײַהייט אָפּצולאַכן פון וואָס עס האָט זיך זיי נאָר געוואָלט: פון זײַנע מיניסטאָרן, פון זײַנע קעפּסוויַבער, אַ ביסל פון אים אַליין אויך. ער האָט געזען דעם כוח פון דער „באַסאָש״־חברה און פון די „נישט־זאָרגערס״ און געמאַכט זיי פאַר אַן אינסטרומענט פון זײַן פּאָליטיק, פאַר פירער און באַאַרבעטער פון דער עפנטלעכער מיינונג (אַ ראָלע, וואָס ווערט אין דער נײַערער צײַט אויסגעפירט דורך דער פּרעסע). בשעתן קאַמף מיטן פויפּס יוליוס II האָט ער זיי אויך אויסגעניצט ווי אַ כלי־זין: מיט זײַן היתר איז אויף דער עסטראַדע פון די שטאָטהאַלעס געוויזן געוואָרן אַ נאַרנשפּיל, ווו דאָס פויפּסטום איז געווען דער אָביעקט פון אָפּשפּעטערײַ.

3. דער ערשטער פּרווו צו באַשאַפֿן אַ קינסטלעריש נ אַ צ י אָ נ אַ ל־
פֿ ר אַ נ צ י י ז י ש טעאַטער אין קלאַסישן סטיל האָט געהערט צו ע ט י ע ן
ז ש אָ ד ע ל (1532 – 1573).

אונטערן איינפֿלוס פֿונעם איטאַליענישן רענעסאַנס האָט ער פֿאַרפֿאַסט די ערשטע פֿראַנצייזישע טראַגעדיע, אימיטירנדיק די מוסטערן פֿונעם קלאַסישן אַלטערטום: „ק ל ע אָ פּ אַ ט ע ר“ האָט זי געהייסן.

חוץ דעם האָט ער אָנגעשריבן די ערשטע מאָדערנע פֿראַנצייזישע קאָמעדיע (גיכער איז עס געווען אַ פֿאַרס): „ע ז ש ע ן“.

דער יונגער, העכסט טאַלענטירטער, נאָר נאָך מער צעלאָזענער, שריפֿטשטעלער, האָט געניאָסן די גנאָד פֿונעם קעניג ה אַ נ ר י II, און באַזונדערס פֿון זיין שוועסטער מ אַ ר ג ע ר י ט, און פֿאַרנומען די שטעלונג פֿון אַ הויפֿפּאָעט.

ביידע פּיעסעס זענען אויפֿגעפֿירט געוואָרן צום ערשטן מאָל אין יאָר 1552 פֿאַרן קעניג אַליין.

אין דער טראַגעדיע האָבן דעמאָלט געשפּילט ווי אַקטאָרן דער מחבר אַליין און עטלעכע פֿריינט זיינע. נאָכן ספּעקטאַקל איז אַראַנזשירט געוואָרן אַ גרויסאַרטיקער יום־טובֿ מיט אַטראַקציעס, וואָס האָבן געמאַכט דעם איינדרוק פֿון אַ היידנישן צערעמאָניאַל עפּעס און אַפֿילו אַרויסגערופֿן אַן עפֿנטלעכע פּאָלעמיק.

4. דער אמתער „פֿאָטער פֿון דער פֿראַנצייזישער טראַגעדיע“ איז געווען פּ י ע ר ק אָ ר נ ע ל (1606 – 1684), „דער גרויסער קאָרנעל“, ווי מע האָט אים גערופֿן אינעם פֿאָטערלאַנד זיינעם.

קיין איבעריק גליקלעך לעבן האָט ער נישט געהאַט, אָבער אין אָנהייב פֿון זיין דראַמאַטורגישער קאַריערע געווונען חן ביים אַלמעכטיקן קאַרדינאַל ר י ש ע ל י ע (דעם פּרעמיער־מיניסטער פֿון לוי XIII) און דערנאָך אויך ביים קיניג לוי XIV.

5. קאָרנעלס קאָנקורענט און יורש, דער צווייטער גרויסער פֿראַנצייזישער טראַגעדיען־שרייבער, ז ש אַ ן ־ ב אַ פּ ט י ס ט ר אַ ס י ן (1639 – 1699), האָט געלעבט ביים הויף פֿון לוי XIV, וואָס האָט אים פֿאַוואָריזירט פֿאַר די אָדעס און באַשאָטן מיט כּבֿוד און אויסצייכענונגען.

אין די געזעלשאַפֿטלעכע און ליטעראַרישע מחלוקתן, וואָס פֿלעגן אויסברעכן נאָך אייניקע ווערק ראַסינס, איז „דער פֿראַנצייזישער סאָפֿאָקל“, ווי מע האָט אים דעמאָלט אַ נאָמען געגעבן, אַפֿילו געשטיצט געוואָרן פֿונעם מעכטיקן פּראָטעקטער זיינעם (דאָס האָט, אַגבֿ, דאָך נישט געקענט פֿאַרמיידן, ער זאָל מוזן אויף גאַנצע צוועלף יאָר אָוועקגיין פֿון טעאַטער).

**6.** די אמתע פראַנצייזישע קאָמעדיע – מיט ווערק פון אַ וועלט־באַטײַט – איז די אומשטערבלעכע לעבנספרוכט פון זשאַן־באַפּטיסט פּאָקלען (פסיידאָנים: מאָליער), דעם דאָזיקן טאַפּעצירערישן זון, וואָס איז געוואָרן אַקטאָר, טעאַטער־דירעקטער און דראַמאַטורג אין איין פּערזאָן (1622 – 1673).

מיט אַן אייגענער טרופּע (l'Illustre Théâtre – „דאָס אויסגעצייכנטע טעאַטער") צוועלף יאָר נאָכאַנאַנד געוואַנדערט אין דער פּראָווינץ, האָט ער זיך אין פּעזענאַס צופעליק געטראָפן מיט אַ געוועזענעם הויכגעשטעלטן שולקאָלעגע, און פון דעם מאָמענט אָן איז דער נאָמען פונעם אַנסאַמבל געוואָרן: „קאָמעדיאַנטן פון פּרינץ דע־קאָנטי".

דורך דער פּראָטעקציע פונעם קעניגס ברודער איז מאָליער אין יאָר 1658 אָפּגעבאַכט געוואָרן קיין פּאַריז, אויפגעטרעטן דאָרט מיט סוקצעס אין לוווער, און דערנאָך געקריגן פון לוי XIV די פּריווילעגיע צו שפּילן שטאַביל אין טעאַטער „פּטי־בורבאָן" לעבן פּאַלאַץ.

ס'איז געקומען צו אַן התקרבֿות צווישן דעם קעניג און דעם קינסטלער, און מאָליערן איז עס פיל מאָל צוניצגעקומען.

שונאים האָבן אים נישט געפעלט, ווי יעדן געניאַלן נאָוואַטער. 1660 האָט מען אים, אָן דעם מאָנאַרכס וויסן, אַרויסגעהייסן פון דעם געדאַכטן טעאַטער־לאָקאַל, אָבער ווי נאָר לוי איז דערפון געוואָר געוואָרן, האָט ער באַלד באַפוילן איבערצוגעבן מאָליערן דעם „פּאַלע־רויאַל".

1663 האָט איינער אַן אַריסטאָקראַט מיט אַ וואָגיק־קלינגענדיקן בײַנאָמען דערלאַנגט צום טראָן אַן אָפענע מסירה, אַז זײַן ליבלינג האָט חתונה געהאַט מיט אַן אייגענער טאָכטער. דער ענטפער אויפן נידערטרעכטיקייט איז געווען, אַז דער קעניג מיט דער קעניגין האָבן אין עטלעכע חדשים אַרום איבערגענומען דאָס טויף־עלטערנשאַפט איבער דעם קינסטלערס בכור.

מאַנכע פּיעסעס מאָליערס האָבן אַרויסגערופן שטורמען פון קריטיק און כלערליי באַשולדיקונגען. קנאה און צבֿיעות, סאָציאַלע פײַנטשאַפט און טיפּשות האָבן זיך דערלאַנגט די הענט צו דערגיין די יאָרן דעם „צו הויך אויסגעוואַקסענעם" מײַסטער. אַמאָל האָט דער קעניג זיך געשטעלט אויף מאָליערס זײַט (אַזוי איז געווען נאָך „דער ווײַבערשולע", סוף 1662 און שפּעטער); אַמאָל פלעגט זיך שאַפן אַ גאַנץ קאָמפּליצירטע סיטואַציע, בײַ וועלכער דעם גערודפטן זענען אָבער נישט אָפּגעגאַנגען קיין מעכטיקע בײַשטייער.

אַזוי האָט די פּרעמיערע פֿון „טאַרטיף“ (דעם 12טן מײַ 1664) גורם געווען אַ ווילדן אויסבראָך פֿון פֿרומאַקישע פּראָטעסטן קעגן דעם אויטאָר פֿון דער קאָמעדיע, וואָס איז ביז אויפֿן הײַנטיקן טאָג געבליבן אַ שעדעווער אין דער וועלט־ליטעראַטור. לוי האָט געמוזט נאָכגעבן — פֿאַרווערן דאָס שטיק: צו פֿיל האָט שוין געטומלט און געליאַרעמט דער קלער, מיט וועלכן ער האָט פֿאַר יעדן פּרײַז געוואָלט לעבן בשלום, און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ פֿינפֿיעריקע מלחמה צווישן דער פֿרײַער קונסט און דער פֿינצטערער אומטאָלעראַנץ: מע לייענט פֿיר דאָס שטיק אין די פּריוואַטע סאַלאָנען פֿון פֿאַרשידענע אויפֿגעקלערטע פּערן אין פּאַריז; דער קיניג איז מבֿטל דעם איסור; די פּיעסע ווערט אויפֿגעפֿירט איין מאָל בײַם דוקס פֿון אָרלעאַן (דרײַ אַקטן), צוויי מאָל בײַ דער פּרינצעסין פּאַלאַטין (אין גאַנצן); מאָליערס אַנסאַמבל ווערט נתעלה צום נאָמען: „טרופּע פֿון קיניג“ (מיט אַ יערלעך געהאַלט פֿון 6.000 ליווער); דאָס שטיק מיטן הויפּטהעלד באַקומען שינוי־שם, די ערשטע עפֿנטלעכע פֿאָרשטעלונג ברענגט אָבער אַ פֿרישן פֿאַרבאָט (דאָס מאָל פֿון דער אַדמיניסטראַטיווער מאַכט); דער קיניג שאַפֿט אים אָפּ; דער אַרציבישאָף האַרדוען דעפּערעפֿיקס פֿאַרווערט אונטער אַ חרם צו שפּילן, הערן אָדער לייענען דאָס שטיק; „טאַרטיף“ ווערט געשפּילט בײַ קאָנדע, אין פּאַריז און אין שאַנטיי (1668); דער קאַמף ענדיקט זיך דאָך (1663) מיט מאָליערס טריומף (דער איסור ווערט בטל, און די פּיעסע פֿרײַ געשפּילט אין פּאַריז).[1]

**7.** די אָפּער איז איבערגעטראָגן געוואָרן פֿון אַפּענינישן האַלבאינדזל קיין פֿראַנקרײַך דורכן איטאַליענישן קאַרדינאַל מאַזאַריני (Giulio Mazarini, 1602 – 1661), וואָס איז אין יאָר 1639 אָנגענומען געוואָרן אין פֿראַנצייזישן בירגערשאַפֿט, לויט רישעליעס רעקאָמענדאַציע געוואָרן פּרעמיער־מיניסטער בײַ לוי XIII און געבליבן בײַ דעם דאָזיקן כּמעט דיקטאַטאָרישן אַמט אויך בײַ לוי XIV.

נאָך אין רוים האָט ער ליב געהאַט טעאַטער. ער איז דאָרט אַפֿילו אויפֿגעטרעטן אין רעליגיעזע ספּעקטאַקלען. אײַנגעאָרדנט זיך אין פּאַריז, האָט ער תּיכּף אויסגעשריבן אַהין ריימישע מוזיקאַנטן, דערהויפּט פֿונעם פּויפּסנס קאַפּעלע, אַריבערגעבראַכט די באַרימטע זינגערין לעאָנאָרע באַראָני (אין איר זענען געווען פֿאַרליבט און ס׳האָבן זי באַזונגען מילטאָן, דער פּויפּס קלימענט IX און אַלע דעמאָלטיקע דיכטער איטאַליענישע), דעם סריס־דיסקאַנט אַטאָ מעלאַני, טעאַטראַלע טעכניקער און מאַשיניסטן און מיט דער הילף פֿון די דערמאַנטע

---

[1] די קאַטוילישע רעאַקציע טראָגט אָבער נאָך די שׂינאה ביז צום קינסטלערס קבֿר. מיט גרויס מי קומט אָן צו פּועלן, מע זאָל מאָליערן באַגראָבן אויפֿן אָפֿיציעלן בית־עולם, דערבײַ מוז די קבֿורה פֿאָרקומען בײַנאַכט, און לסוף לייגט מען דעם פֿאַרפּײַניקטן גאון הינטערן פּאַרקן.

ברידער באַרבעריני (צו יענער צײַט פּאָליטישע עמיגראַנטן אין פֿראַנקרײַך) צוגעגרייט די ערשטע אויף די באַרטנס פֿון דער סצענע פֿאָרשטעלונג פֿון אַן עכטער אָפּער: שבת, דעם 2טן מערץ 1647 (אין אויסלאָז פֿון דער קאַרנאַוואַל־וואָך) איז אין „פּאַלע־רויאַל“ פֿאָרגעקומען די פּרעמיערע פֿון לויִדזשי ראָסיס „אָרפֿיי“ (דאָס ליברעטאָ האָט געהערט דער פּען פֿונעם ריימישן אַבאַט־דיכטער פֿראַנטשעסקאָ בוטי[1]).

ס'איז פֿאַר דער קרוינשטאָט געווען אַ סענסאַציע, ווי איטלעכס נײַיִקייט. מיין: ס'איז דערפֿון אויסגעוואַקסן אַ גרויסער פּאָליטישער סקאַנדאַל.

שוין 1644, באַלד נאָך לעאָנאָרעס אָנקום קיין פּאַריז, איז עפֿנטלעך גערעדט געוואָרן וועגן דעם, אַז מאַזאַריני האָט באַשײַמפּערלעך בדעה אָפּצוציִען דאָס אויפֿמערקזאַמקייט פֿון די פֿראַנצויזן מיט פֿאַרווײַלונגען און מיט די פֿאַרגניגנס, מיט וועלכע ער נעמט־אײַן די נשמה פֿון דער דאָזיקער אומה און פֿון דער קיניגין גופֿא[2] (די אַלמנה פֿון לויִ XIII, מוטער פֿונעם מינעריעריקן לויִ XIV).

די קיניגין האָט זיך באמת גענומען שטאַרק ענטוזיאַזמירן פֿאַר דער בינע און פֿאַר מוזיק. זי איז געווען אויף דער פּרעמיערע פֿון „אָרפֿיי“ און דערנאָך שוין נישט דורכגעלאָזט קיין איין פֿאָרשטעלונג. איין מאָל האָט זי געלאָזט שפּילן די אָפּער לכּבֿוד דער פֿרוי

---

[1] עס זענען פֿון יענער עפּאָכע באַקאַנט אויך אַנדערע געשטעלעכע מחברים פֿון וועלטלעכע ליברעטאָס.

אין יאָר 1646 זאָל אין דער בישאָפֿישער קאַמער פֿון דער שטאָט קאַרפּאַנטראַ האָבן געשפּילט געוואָרן „אַכעבאַר, דער מאָנגאָלישער קיניג“, אַ מין פֿראַנצייזישע אָפּער מיט ליברעטאָ און מוזיק פֿון אַבאַט מײַאַ.

נאָך פֿריִער האָט פֿאַר פֿאַרשידענע אָפּערס אין רוים געשריבן ליברעטאָס קאַרדינאַל ראָספּיליאָזי (1637, 1639, 1642).

[2] אַן אַלטער מוזיקער י. קונוי אין ראָמאַן Der Musicalische Quak-Salber, ד״ה „דער מוזיקאַלישער שווינדלער“ (לײַפּסק (1700), קאַפּיטל 13, האָט געשריבן:

— מוזיק ציט אָפּ פֿון ערנצטער אַרבעט. און דערפֿאַר פּראָטעזשירן איר פּאָליטיקער נישט אָן אַ מיין: זיי טוען עס פֿון מלוכישע מאָטיוון. אַ בײַשפּיל — איטאַליע: זײַנע פֿירשטן און מיניסטאָרן האָבן דאָס גאַנצע לאַנד אָנגעשטעקט מיט מוזיק, כּדי מע זאָל זיי נישט שטערן אין טון זייערן. —

(איך ציטיר נאָך ראָמען ראָלאַן).

און מאַזאַריני איז געווען אַן איטאַליענער.

פֿונעם דעניִשן אַמבאַסאַדער, דערנאָך צוויי מאָל לכּבֿוד דער הערצאָגין לאָנגוויל. לויִ XIV איז עטלעכע מאָל געקומען צו די ספּעקטאַקלען, אויך דער פּרינץ פֿון אועלס (שפּעטער טשאַרל II דער ענגלישער) איז געווען צווישן די צוקוקער.

די פֿאַקטן האָבן מוראדיק אויפֿגעבראַכט דעם פּאַריזער קלער, וואָס איז אין ענינים פֿון קונסט בכּלל געווען נישט אַזוי ליבעראַל, ווי די איטאַליענישע גײַסטלעכע, באַזונדערס לגבי וועלטלעכע דראַמאַטישע פֿאָרשטעלונגען. דערצו נאָך האָט זיך דאָס מחלוקת אָפּגעשפּילט אין דער צײַט פֿון דער קאַטוילישער קאָנטער־רעפֿאָרמאַציע. מער פֿון אַלץ איז מען געווען אין כּעס דערויף, וואָס די קיניגין, דעמאָנסטראַטיוו פֿרום (ווערנדיק רעגענטין אין יאָר 1643, נאָכן טויט פֿון לויִ XIII, זאָל זי האָבן אַפֿילו פֿאַרברענט אין פֿאָנטענבלאָ מער ווי אויף הונדערט טויזנט עקי געמעלער מיט אַ צו פֿרײַען אינהאַלט), האָט אָנגעהויבן אָפֿן זיך צו ווײַזן אין טעאַטער, הגם צופֿריער פֿלעגט זי דאָס געוויינטלעך טון בלויז בגנבֿה, אינקאָגניטאָ.

אויסגעגאַנגען איז דאָס אַלץ, נאַטירלעך, צום קאָפּ פֿונעם פּרעמיער־מיניסטער, וואָס האָט, ווי דער שטייגער איז, געהאַט נישט ווינציק אומפֿרײַנט אינעם נײַעם פֿאָטער־לאַנד זײַנעם.

אַ גלח — סען־זשערמען — איז אַרויס מיט אַן אָפֿענעם פּראָטעסט קעגן דער „אומצוכט". די קיניגין איז געוואָרן אומרויִק און אָנגעפֿרעגט בײַ די בישאָפֿן: יענע האָבן איר געראָטן, זי זאָל זיך גאָרנישט מאַכן פֿונעם טומל. דעם זעלביקן קנאי האָט זיך אָבער אײַנגעגעבן אַרויסצוקריגן בײַ זיבן דאָקטוירים פֿון דער סאָרבאָן אַ דעקלאַראַציע, אַז גערעכט איז ער: „קריסטן זינדיקן דערמיט, וואָס זיי גייען אין טעאַטער אַרײַן, און מלכים דאַרפֿן פֿאַרטרײַבן די אַקטאָרן פֿון זייערע מדינות". די קיניגין האָט געצוווּנגען אַנדערע 10 צי 12 דאָקטוירים פֿון דער סאָרבאָן מכריז צו זײַן, אַז אין טעאַטער שטעקט נישט קיין שום בייז פֿאַר געקריינגטע מושלים, און זיי מעגן אהין קומען.

מ אַ ז אַ ר י נ י האָט זיך דערשראָקן.

נאָך מער, ווי די תּרעומות פֿון דער קירך און פֿון די פֿרומאַקעס, איז געפֿערלעך געווען פֿאַר אים דער באַניץ, וואָס די פּ אָ ל י ט י ש ע אָ פּ אָ ז י צ י ע האָט געמאַכט פֿון דעם עפּיזאָד.

„אָרפֿיי" איז אויפֿגעפֿירט געוואָרן מיט עכט קיניגלעכן לוקסוס. די טרופּע האָט באַקומען אַ גרויסן לוין; די דעקאָראַציעס, די קאָסטיומען, די מאַשינען האָבן אָפּגעקאָסט אַ מטמון מיט געלט: אינאיינעם אַרײַן האָט דאָס פֿאַרוועלעניש פֿונעם מוזיקאַלישן קאַרדינ[?]ל בדלות געשטעלט דעם מלוכה־אוצר נישט מינער, ווי אויף דרײַסיק טויזנט עקי, — אין אַ צײַט, ווען דאָס לאַנד האָט געזונקען אין אומבאַשרײַבלעכן אָרעמקייט, און די עפֿנטלעכע שטײַערן האָבן פֿונדעסטוועגן געהאַלטן אין איין וואַקסן, דערגייענדיק אין יאָר פֿונעם רייצנדיקן ספּעקטאַקל צו דעם, ביז דענצמאָלט קיינמאָל נאָך נישט געהערטן סכום פֿון 142 מיליאָן. די מיטגלידער פֿונעם פּאַריזער פּאַרלאַמענט האָבן אײַנגעזען פֿאַר זייער חובֿ צו אינפֿאָרמירן די אויסגעהונגערטע מאַסן וועגן אומדערלאָזלעך־אויסברענגערישן באַגייען זיך

מיט זייער מאַרך און בלוט. אין דער פֿײַנטלעכער אַגיטאַציע איז די אויוון אָנגערופֿענע סומע, ווי ס'פֿירט זיך אין אַזעלכע פֿאַלן, ממשותדיק פֿאַרפֿילפֿאַכיקט געוואָרן: פֿון מויל צו מויל האָט מען איבערגעגעבן וועגן אַ שלל פֿון פֿיר צי פֿינף מאָל הונדערט טויזנט. דאָס פֿאָלק האָט געברענט פֿאַר צאָרן.

די קעניגין האָט זיך דאָס קנאַפּ גענומען צום האַרצן — גלײַך ווי ס'וואָלט גאָרנישט געשען, געהייסן גרייטן אַ נײַע פּרעמיערע. מ אַ ז אַ ר י נ י האָט זיך אָקעגנגעשטעלט און אויך אין אַ יאָר אַרום, מיט אייגענעם רשות, קעגן ווונטש פֿון הויף, קאַטעגאָריש פֿאַר־ווערט אַן ענלעכע פּראָיעקטירטע אויפֿפֿירונג, וואָס וואָלט פֿאַרשלונגען נאָך מער געלט, ווי „אָרפֿיי". ס'האָט אָבער קנאַפּ געהאָלפֿן: דער פּרעמיער־מיניסטער האָט פֿונעם איינמאָליקן לײַכטזיניקן מעצענאַטערײַ אויפֿן מלוכה־חשבון לאַנג נאָך דערנאָך געהאַט צו זינגען און צו זאָגן.

בעת דער „פֿראָנדע" — בירגערקריג אין די יאָרן 1648—1653 (לוי XIV איז געווען מינעריעריק, און ס'איז געקומען צו אַ קאָנפֿליקט צווישן דער קעניגין־רעגענטין און דער הויפּפּאַרטיי — מיטן פּאַרלאַמענט פֿון איין זײַט און דעם פֿעאָדאַלן אַדל, דעם געגענער פֿונעם מאָנאַרכיסטישן אַבסאָלוטיזם, פֿון דער אַנדערער) — האָט מען מאַזאַרינין פֿאָרגעוואָרפֿן דער־עיקרשט דאָס שלעכטע פֿינאַנציעלעווירטשאַפֿטן, און ווי אַ הויפּט־אילוסטראַציע האָט פֿיגורירט דאָס פֿאַרשפּאַנדירן פֿאַנטאַסטישע סומעס מלוכה־געלט אויפֿן „אָרפֿיי"־קאַפּריז. דער קאַרדינאַל איז געצוווּנגען געווען צוויי מאָל אַפּצוריכטן גלות מחוץ פֿראַנקרײַך.

צוריקגעקומען צום רודער, האָט ער ווײַטער פּראָטעזשירט די פֿראַנצייזישע אָפּערן־שרײַבער. צוויי חדשים פֿאַרן טויט האָט ער געלאָזט שפּילן „אָרפֿיי", אין זײַנע פּריוואַטע אַפּאַרטאַמענטן.[1]

**8. דאָס ערשטע אָפּערן־טעאַטער אין פּאַריז האָט געמאַכט מ אַ ר ק י ז ד ע ־ ס ו ר ד ע אַ.**

## ד

**1. מיר האָבן שוין פֿאַרצייכנט (אויוון, ז' 55), ווי פּאָפּולער טעאַטער איז געווען אין ע נ ג ל אַ נ ד זינטן סוף פֿון 15טן יאָרהונדערט: ק ע נ י ג ן, ר ײַ כ ע פּ ר י צ י ם, ג ײַ ס ט ל ע כ ע א י נ ס ט י ט ו צ י ע ס האָבן א ו י ס ג ע ה אַ ל ט ן א י י ג ע נ ע ט ר ו פּ ע ס אַ ק ט אָ ר ן.**

**ד ז ש אָ ן ס ק ע ל ט אָ ן — דער ה ו י פֿ ד י כ ט ע ר (Poeta laureatus) פֿון ה י י נ ר י ך VIII — שרײַבט אָן אַ „מאָראַליטעט", וואָס לגבי אַנדערע צייכנט זי זיך אויס מיט פֿיל אַלוזיעס אויף אַקטועלע געשעענישן און מיט פֿאָלקסוויצן.**

---

1 זע: ר אָ מ ע ן ר אָ ל אַ ן, Musiciens d'autrefois, ז' 73—129.

אַ ל אָ ר ד (סעקוויל) פֿאַרפֿאַסט בשותפֿות מיט אַן אַנדער שרייַבער די ערשטע ענגלישע טראַגעדיע אין אייגנטלעכן זין פֿון וואָרט (אין ווייַסע פֿערזן). זי ווערט אויפֿגעפֿירט (1561), נעמט אויס, רופֿט אַרויס נאָכטוער: פֿינף געלערנטע יוריסטן שאַפֿן צוזאַמען אַ טראַגעדיע אין סטיל פֿון קלאַסישן אַלטערטום (געשפּילט 1563).

די סצענישע קונסט ווערט אַלץ מער געלייַטזעליקט פֿונעם הויף און פֿונעם ברייטן עולם.

זי פּראָגרעסירט אויך אין טעכנישן זין. תּחילת פֿלעגן פֿאָרשטעלונגען געגעבן ווערן אויף פּראָוויזאָרישע סצענעס — אין קירכן און קאַפּעלן, אין אַפּאַרטאַמענטן פֿון מאַגנאַטישע פּאַלאַצן, אין געריכטסזאַלן און אין שול־לאָקאַלן וכ׳. 1576 עקזיסטירט שוין אין לאָנדאָן אַ שטענדיק טעאַטער, אייַנגעאָרדנט אין אַ טייל פֿונעם ליקווידירטן מאָנאַסטיר פֿון „שוואַרצע נזירים" און דערפֿאַר גערופֿן: Black-Friars-Theater (עס שפּילן דאָרט די אַקטאָרן פֿון גראַף ל ײ ס ט ע ר, דער קעניגינס פֿאַוואָריט). עס קומען אויף טעאַטערס אויך אין אַנדערע שטאָטקוואַרטאַלן. אין די צייַטן פֿון דער קעניגין ע ל י ז אַ ב ע ט (1533 – 1603, רעגירט זינט 1558) און פֿון דעם קעניג ד ז ש ע ק I (1566 – 1625, געהערשט זינט 1603) פֿאַרמאָגט שוין דער רעזידענץ־כּרך 17 שטאַבילע בינעס.

ביידע דערמאָנטע מאָנאַרכן האָבן געהאַט אייגענע הויפֿטרופּעס, צאָלנדיק זיי אַ רעגולערע גאַזשע און באַשענקענדיק מיט אַ סך פּריווי־לעגיעס. דערהויפּט ע ל י ז אַ ב ע ט איז געווען אַ ליבהאָבערין פֿון דער דראַמאַטישער קונסט. דראַמאַטורגן האָבן פֿאַר איר געשריבן הויף־קאָמעדיעס (צ״בש דזשאָרדזש א ו ע ט ס ט אָ ן, דזשאָן ל י ל י), פּרוּוונדיק אַרויסצובריינגען אַ סינטעז פֿון דער אַלטער דראַמאַטישער הויף־פּאָעזיע מיט דער פֿאָלקס־דראַמע. דער לעצטער האָבן זיך איבערגעגעבן דיכטער מיט טאַלענט, בילדונג און וויסן (אַ שטייגער טאָמאַס ק י ד י, דזשאָרדזש פּ י ל, ראָבערט ג ר י ן, קריסטאָפֿער מ אַ ר ל ו י). — ווילי‏אַם ש ע ק ס פּ י ר ס פֿאָרגייער, וואָס האָבן צוגעגרייט דעם וועג פֿאַרן גרעסטן דראַמאַטורג נאָך די אַלטגריכישע, פֿאַרן טיטאַן, וועגן וועלכן דער קאָנקורענט זייַנער, דער געלערנטער בען ד ז ש אָ נ ס אָ ן, האָט אין יאָר 1623 געשריבן כּהאי־לישנא:

— טריומפֿיר, מייַן ענגלאַנד, מחמת דו קענסט אָנווייַזן אויף אַ מענטשן, צו וועמען עס מוזן זיך בוקן אַלע סצענעס פֿון אייראָפּע! ער געהערט נישט צו א י י ן עפּאָכע, נייַערט עקזיסטירט פֿאַר אַלע צייַטן...[1]

---

[1] ציטירט לויט יאָהאַן ש ע ר, „אַלגעמיינע ליטעראַטור־געשיכטע", רוסישע איבער־זעצונג (מאָסקווע 1898), II, 31.

דער קאָלאָס פֿון סטראַטפֿאָרד האָט זיך באַין-אופֿן נישט געקענט קלאָגן דערויף, אַז „ער איז נישט קיין נביא אין אייגענעם פֿאָטערלאַנד". דער זון פֿון אַ זעמשער אין אַ פֿאַרוואָרפֿענעם העק איז בײַם לעבן געוואָרן, דער פּער פֿונעם ענגלישן קולטורלעבן. אַפֿילו מאַטעריעל איז אים גאָר נישט שלעכט געגאַנגען: יאָרנלאַנג האָט ער פֿאַרדינט צו 400 פֿונט אַ יאָר (אין הײַנטיקער וואַליוטע וואָלט עס אויסגעמאַכט פֿיל מער, ווי 2000).

**2.** נאָך דעם, ווי דער קעמפֿער פֿאַר רעפּובליקאַנישע אידייען און פֿאַרן רעליגיעזן פּוריטאַניזם – קראָמוועל – האָט גובֿר געווען די אַלטע מאַכט און געקעפּט דעם קיניג טשאַרל I (1600 – 1649, רעגירט זינט 1625), איז געקומען אַן עק אויך צו דער בליצײַט פֿון דער ענגלישער דראַמאַטישער קונסט.

דאָס „פֿריילעכע אַלטענגלאַנד" (merry Old-England) איז געשטאָרבן. צום וואָרט קומען רעליגיעזע פֿאַנאַטיקער און טרוקענע מאָראַליסטן. די פֿאַרביסענע קנאים נעמען איבער די השגחה איבער די נשמות, מיִען זיך מיט צוואַנגס-מיטלען צו פֿאַרפֿלאַנצן גאָטספֿאָרכטיקייט, פֿרומקייט, שטרענגע מידות. אַלע טעאַטערס ווערן פֿאַרמאַכט, אַקטאָרן שמײַסט מען מיט ריטער.

**3.** נאָך דער רעסטאַווראַציע פֿון דער מאָנאַרכיע ווערן רעהאַביליטירט אויך די רעכט פֿונעם געמיט, – פֿריילעכקייט און קורצווײַל. טעאַטער איז צוריק די געליבטע פֿאַרווײַלונג פֿון די העכערע קלאַסן, באַזונדערס פֿאַוואָריזירט פֿון קעניג טשאַרל II (1630 – 1685). דער פֿינאַנציעלער באַזיס – אידעאַל. דראַמאַטורגיע ווערט די בעסטנס באַצאָלטע ליטעראַרישע אַרבעט. דער פּיפּיקער דזשאָן דרײַדען (1631 – 1700) נעמט דעריבער פֿאַרפֿאַסן פּיעסעס. מע לייגט מער אַכט אויף דער טעכנישער זײַט פֿון דער בינע: וויליאַם דעווענאַנט (1605 – 1668) זאָרגט פֿאַרן מאַקסימום גלאַנץ און אילוזיע אויף דער סצענע. עס באַווײַזן זיך אַרטיסטינס (ביז יענער צײַט פֿלעגן פֿרויען-ראָלעס אויסגעפֿירט ווערן דורך איבערגעטוענע מאַנצלײַט).

דער ליטעראַריש-עסטעטישער, אידעאָלאָגישער און מאָראַלישער ווערט פֿון דער דאָזיקער דראַמאַטורגיע איז גאָר נישט פֿויגלדיק: דאָס טעאַטער האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ נעסט פֿון אומבאַגרענעצטן פֿאַרשײַטקייט און ציניסטער פּאָרנאָגראַפֿיע. נאָר דאָס האָט שוין געשטעקט אינעם גײַסט פֿון דער עפּאָכע: נאָך אַ צײַט פֿון דעספּאָטיש אָנגעוואָרפֿענעם אַסקעטיזם קומט געוויינטלעך תמיד און אומעטום אַ רעאַקציע אין די צעלאָזנסטע, אומגעצוימטסטע פֿאָרמען.

## ה

די עטנאָגראַפֿיש דײַטשע פּראָווינצן פֿון מערבֿ- און מיטל-אייראָפּע, יענע, וואָס קענען באַצייכנט ווערן מיטן אַלגעמיינעם נאָמען **גערמאַניע**, אַרומנעמענדיק עלזאַס און שוואָבן, בײַערן און עסטרײַך, זאַקסן און די איבעריקע, קלענערע טעריטאָריעס, זענען אין דער לאַנגער צײַט זינט אויסלאָז מיטלאַלטער און ביז דער צווייטער העלפֿט פֿון 18טן יאָרהונדערט (ד״ה ביז **לעסינגן**[1] און **קלינגערן**[2] צי ענדער ביז **געטען**[3] און **שילערן**[4]) אַ קלאַסישע אילוסטראַציע, ווי **נישטיק** **די דראַמאַטישע קונסט פֿון אַן אומה קען זײַן יאָרהונדערטער נאָכאַנאַנד, ווען ס׳פֿעלט איר די גינציקע האַנט פֿון אַן אונטערהאַלטנדיקן און שפּײַזנדיקן אויוון-אָן.**

די קירכלעכע מחלוקתן און די פּאָליטישע און סאָציאַלע קאַמפֿן, וואָס האָבן אויסגעפֿילט דאָס 16טע יאָרהונדערט און די ערשטע העלפֿט פֿונעם 17טן אין צענטראַל-אייראָפּע, זענען פֿאַר די דײַטשישע לענדער – דער שאָכברעט פֿון די פֿאַרביטערטע געראַנגלען – געווען אין יעדן מעגלעכן זין אַ חורבן.

צום סוף פֿון דרײַסיקיעריקן קריג (1648) האָט זיך דאָרט אָפּגעשטעלט קוים אַ צענט-חלק פֿון דער באַפֿעלקערונג (נײַן מאָל אַזוי פֿיל איז אומגעקומען פֿון שווערד, פֿײַער, הונגערנויט און מגפֿות); די מאַטעריעלע רויִן איז געווען מוראדיק ביז אין-לשער.

אין פֿראַנקרײַך האָט זיך צו יענער צײַט שוין אויסגעוויינטלעך געשטאַרקט די קיניגלעכע מאַכט לגבי די פֿעאָדאַלע מאַגנאַטן, און די מלוכה איז מער-ווייניק קאָנסאָלידירט געוואָרן, ווערנדיק איינער פֿון די גרעסטע כּוחות אין דער דעמאָלטיקער אינטערנאַציאָנאַלער וועלט. אין דער תּקופֿה פֿון לוי XIV האָבן אויפֿגעבליט די ליטעראַטור, די פּאָעזיע און אויך דאָס טעאַטער (**קאָרנעל**, **ראַסין**, **מאָליער**). – גלײַכצײַטיק איז **ענגלאַנד** אויסגעוואַקסן צו אַ וועלטמאַכט, שפּרײַזנדיק מיט פֿעסטן גאַנג צו אַ פּאָליטיש-דעמאָקראַטישער אָרדענונג, און דאָס 16טע יאָרהונדערט איז געווען די גילדענע עפּאָכע פֿון בריטישן טעאַטער (**שעקספּיר**!), פּונקט ווי דאָס 17טע אין דער אינדזל-אימפּעריע איז דאָס געווען פֿאַר דער פּאָעזיע (**פּאָפּ**), פֿאַר דער סאַטירע (**סוויפֿט**), פֿאַר דער פֿילאָזאָפֿיע (**לאָק**). – די דײַטשע מדינות נאָכן דרײַסיקיעריקן קריג

---

[1] גאָטהאָלד-אפֿרים לעסינג (1729—1781). [2] מאַקסימיליאַן קלינגער (1752—1831).

[3] יאָהאַן-וואָלפֿגאַנג געטע (1749—1832). [4] יאָהאַן-כריסטאָף-פֿרידריך שילער (1759—1805).

שטעלן מיט זיך פֿאַר אַ בילד פֿון עקסטער צעבּרעקלונג. די צענדליקער פֿירשטן זענען אויפֿגעריכט געוואָרן אַ דאַנק דעם קירכלעכן האָב־און־גאָב, וואָס זיי האָבן צערויבּט פֿאַר זיכס וועגן, און אַדאַנק דער גרויסער טובֿה, וואָס מאַרטין לוטער האָט זיי געטון, פֿאַרבינדנדיק זיך מיט זיי קעגן די אויסגעדייוועטע און אין לעצטן דלות אָפּקומענדיקע פֿאָלקסמאַסן און אויך קעגן דעם קייזערלעכן טראָן, וואָס קען שוין ווײַטער טרײַבן בלויז אַן אילוזאָרישע עקזיסטענץ. די קולטור האָט זיך אָפּגעשטעלט אין איר עוואָלוציע.

ל ו ט ע ר, אַ באַגרענעצטער טעאָלאָג און רעליגיעזער פֿאַנאַטיקער אָן אַלגעמיינער בילדונג, — אַ מענטש, וואָס האָט ערלעך געגלייבּט אין מציאת־השדים און אין כּישוף און מכשפֿות, — האָט נישט בלויז גאָרנישט געגעבּן פֿונעם הומאַניזם, וואָס איז אַזוי שיין פֿאַרזייט געוואָרן אין זײַן פֿאָטערלאַנד דורך יאָהאַן ר ײ כ ל י ן (1455—1522), דעזידעריוס ע ר אַ ז ם (1467—1536) און או ל ר י ך פֿ אָ ן־ג ו ט ן (1488—1523), נײַערט נאָך גורם געווען, דער יונגער דײַטשער רענעסאַנס זאָל פֿאַרפֿאַלבּט ווערן און אָפּשטאַרבּן פֿאַר דער צײַט. אין די ווירבּל־שטורעמס פֿון דער עפּאָכע, וואָס איז אין דער דײַטשער געשיכטע באַקאַנט אונטערן אַלגעמיינעם נאָמען: „ד י ר ע פֿ אָ ר מ אַ צ י ע", זענען געווען אויסגעמישט, צו צײַטן אויסשטרעקנדיק זיך די הענט און צײַטנווײַז זיך באַקעמפֿנדיק, די פֿאַרשידנסטע באַוועגונגען, וואָס דער ציל זייערער לאָזט זיך פֿאָרמולירן, ווי: סאָציאַל־עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און גײַסטיקע באַפֿרײַונג פֿון די פֿאָלקס־מאַסן. ל ו ט ע ר ן איז געגאַנגען קודם־כּל און דערעיקרשט אין אַ קירכלעכער (און אין אַ געוויסער מאָס אויך רעליגיעז־דאָגמאַטישער) רעפֿאָרעם, און איר צוליב האָט ער דאָס איבעריקע מפֿקיר געווען, און נישט קיין קלייניקייטן, נאָר: דאָס פּאָליטיש־מלוכישע אַחדות פֿון דער אומה, די דעמאָקראַטיזירונג פֿון דער אָרדענונג אין רײַך, אײַנפֿירונג פֿון מער סאָציאַלן יושר, מאָדערניזירונג פֿון דער קולטור.

אַזוי כאַראַקטעריזירט איינער אַ דײַטשער ליטעראַטור־היסטאָריקער[1] די קולטורעלע פֿאַרהעלטענישן אינעם היימלאַנד זײַנעם זינט דעם צווייטן פֿערטל פֿון 16טן יאָרהונדערט ביזן צווייטן פֿערטל פֿונעם 17טן:

— ...בײַ אַזוינע אומשטענדן האָט די ליטעראַטור נישט געקענט געדײַען, און בשעת אין ענגלאַנד, איטאַליע, שפּאַניע און אַפֿילו אין פּאָרטוגאַל (שעקספּיר; אַריאָסטאָ און טאַסאָ; לאָפּע דע־וועגאַ און סער־

---

[1] Heinrich K u r z, Leitfaden zur Geschichte der deutschen Litteratur (Leipzig 1878) 109 ff.

וואַנטעס; קאָמאָענס) הייבט זיך דער נאַציאָנאַלער גייסט, די ליטעראַטור דערגייט צו העכסטער בליִונג, פֿאַלט זי אין דייטשלאַנד אַלץ נידעריקער און האַלט זיך צומאָל נישט אויף דער שטופֿע, אויף וועלכער זי איז געשטאַנען אין דער צופֿויערדיקער צייט.[1] דערצו איז נאָך צוגעקומען דער כּסדר אָנהאַלטנדיקער אינדיפֿערענטיזם פֿון די פֿירשטן, פֿון דער אַריסטאָקראַטיע און פֿון די געלערטע צו דער פֿאָטער־לענדישער ליטעראַטור, וואָס איז אינגאַנצן אַרײַנגע־פֿאַלן אין די הענט פֿון די עלעמענטן אָן בילדונג,[1] ביי וועלכע דאָס ענגהאַרציקייט פֿון די רעפֿאָרמאַטאָרן האָט אַ תּל געמאַכט פֿונעם איינציקן מיטל העכער צו אַנטוויקלען די כּוחות זייערע — פֿון אַ גרויסן נאַציאָנאַלן אויפֿפֿלי... אַזוי ווי דאָס גייסטיקע טון איז דעמאָלט געקומען פֿון דער רעפֿאָרמאַציע, פֿון די רעפֿאָרמאַטערס און זייערע אָנ־הענגער, האָט די ליטעראַטור געטראָגן דערעיקרשט אַ פּראָטעסטאַנ־טישן כאַראַקטער; די קאַטוילן האָבן זיך מיט איר קנאַפּ אינטע־רעסירט, מכּל־שכּן אַז דאָס פֿאַרהאַלטן זיך זייערס צום נײַעם גאַנג, און אַפֿילו צו דער שפּראַך, איז געווען פֿײַנטלעך, — זענען טאַקע די ווערק זייערע ס׳רובֿ גאָרנישט ווערט... —

ווענן דײַטשן טעאַטער אין יענע צײַטן שרײַבט ער:

— דאָס ליבשאַפֿט צו דראַמאַטישע פֿאָרשטעלונגען האָט כּסדר געשטיגן און פֿאַרשפּרייט זיך איבער גאַנץ דײַטשלאַנד, אָבער פֿון דער געוואַלטיק גרויסער צאָל פּיעסעס, וואָס זענען אָנגעשריבן געוואָרן אין 16טן יאָרהונדערט, האָט מען בלויז פֿון געציילטע געוווּסט מחוץ די גרענעצן פֿון זייער וווינאָרט, אַזוי אַז קיין איין דיכטער, צומאָל קיין איינער פֿון די בעסטע, האָט נישט געקענט האָבן די מינדסטע השפּעה אויף די אַנדערע. נישט גענוג, וואָס ס׳איז נישט געמאָלט געווען אויף דעם אופֿן קיין שטויס צו אַ ריוואַליזאַציע צווישן די דיכטער, האָט חוצטהאַלבן די אַמביציע אויך נישט געקענט זיי שטופּן צו גרעסערע אָנשטרענגונגען — איבערן פֿעלן פֿון אַ גרויס געבילדט פּובליקום[1]... —

1. די וועלטלעכע דײַטשע דראַמאַטיק איז, ווי געזאָגט (קאַפּ׳ II, ב, 3; ז׳ 62 א״וו), רעפּרעזענטירט געווען אין 15טן יאָרהונדערט דורך די קאַרנאַוואַל־שפּילן („פֿאַסטנאַכט־שפּילן“). זיי זענען ביז טיף אין 16טן יאָרהונדערט אַרײַן געלעגן אין די הענט פֿון די בעל־מלאָכות.

---

[1] שפּאַצירט פֿון מיר.

אויך די מחברים פֿון די פּיעסעס, וואָס זענען נישט אַרויס אַנאָנים, האָבן נישט געהערט צו די הויפּלײַט: האַנס ראָזנבליט פֿון נירנבערג (אין יאָר 1431 שוין געשריבן און נאָך 1460 אויכעט) — אַ וואַנדערנדיקער „וואָפּן־דיכטער"; האַנס פֿאָלץ אויס וואָרמס (צווישן 1447 און 1482)— באַלבירער און ווונדנהיילער; פּאַמפֿילוס גענגנבאַך אויס באַזל (אַקטיוו 1509 — 1522) — בוכדרוקער; האַנס זאַקס אויס נירנבערג (1494 — 1576) — זון פֿון אַ שנײַדער און אַליין אַ האַנטווערקער; ניקלויס מאַנועל אויס בערן (1484 — 1530) — קונסטמאָלער אאַז"וו.

אין די הונדערט יאָר צווישן דעם צווייטן פֿערטל פֿונעם 16טן יאָרהונדערט און דעם צווייטן פֿערטל פֿונעם 17טן האָט מען זיי געשפּילט ווי פֿריִער — אין פּריוואַטע דירות אָדער אין שענקען (פּ"גל אויוון, ז' 62).

(פֿאַר די „גײַסטלעכע שפּילן" האָט דער צעך מײַסטערזינגער אין נירנבערג אויפֿגעשטעלט אין יאָר 1550 אַן אַמפֿיטעאַטראַליש געבויט שטענדיק טעאַטערהויז אָן סופֿיט און דאַך; אויגסבורג האָט שפּעטער נאָכגעטון).

די קאַרנאַוואַל־שפּילן האָבן נישט געהאַט קיין שום ליטעראַרישן צי קינסטלערישן ווערט (פּונקט ווי די „מיסטעריעס"). אין כּלל אַרײַן זענען דאָס געווען רויע שקיצן — צומאָל אָן אַ פּלאַן: פּשוט אַ קייט דיאַלאָגן, מאָנאָלאָגן און איבעררעדענישן אָן וואָסער־נישט־איז דראַמאַ־טישער אַקציע, אָבער כּמעט שטענדיק מיט אַ געשלעג ווי דער הויפּטקערן פֿון דער פֿאָרשטעלונג. סוזשעט: מעקלערײַ בײַ זנות, סקאַנדאַלן צווישן מאַן־און־ווײַב, קאָמישע יריד־עפּיזאָדן, שטיפֿערישע שפּיצלעך, שווינד־לערישע שטיקלעך וכ'. די שפּראַך ביז גאָר גראָב און פֿול מיט ניבול־פּה (פּאָרנאָגראַפֿיע איז געווען דער נאַטוראַליזם פֿון יענע פּרימיטיווע מענטשן, וואָס אין זין פֿון גײַסט זענען זיי בכלל נאָך נישט ווײַט אַוועק פֿון דער סטאַדיע „נאַטור־שבֿט").

אַזוי זעט אויס די קונסט, כּל־זמן די פֿאָלקסמאַסן, אויף וועלכע זי איז אָנגעוויזן און בײַ וועלכע אין די הענט זי שטייט אײַן, זענען נאָך נישט געוואָרן זייער אייגענער סוווערען, דאָס אייבערשטע פֿון שטייסל, דער אויוון אָן אין דער געזעלשאַפֿט.

**2.** נאָך דער רעפֿאָרמאַציע, וואָס האָט ממשותדיק פֿאַרדינערט די מחיצה צווישן גײַסטלעכן און וועלטלעכן, איז די דראַמאַטיק אין די דײַטשע לענדער מער שוין נישט געבליבן קיין מאָנאָפּאָל פֿון די בעל־מלאָכות.

דאָס גרויסאַרטיקע פֿונאַנדערבליִען זיך פֿונעם ענגלישן טעאַטער

אין 16טן יאָרהונדערט האָט דאָרט דערפֿירט צו אַן איבערפּראָדוקציע פֿון אַקטאָרן. פּראָפֿעסיאָנעלע טרופּעס האָבן זיך דעריבער אָנגעהויבן אַריבער־צוכאַפּן אויף גאַסטראָלן אויך אויפֿן קאָנטינענט; אין דער ערשטער העלפֿט פֿון 17טן יאָרהונדערט טרעפֿט מען אַזעלכע וואַנדער־אַנסאַמבלען אין בעלגיע, מערן, פּוילן און, פֿאַרשטייט זיך, אין דײַטשלאַנד אויך – אין די פֿירשטלעכע הייף און אין אַלע רײַכסשטעט. מע האָט די ענגלישע טרופּעס געוויינטלעך גערופֿן: „ענגליש־נידערלענדישע" אָדער סתּם „נידערלענדישע", ווײַל זיי פֿלעגן ס'רובֿ אָנקומען דורך האָלאַנד. תּחילת האָבן זיי געשפּילט אויף ענגליש, דערנאָך אויסגעלערנט זיך דײַטש. צו זיי זענען אויך צוגעשטאַנען אַ סך האָלענדישע און דײַטשע אַקטאָרן, און לסוף האָבן אַלע טרופּעס שוין געשפּילט דײַטש. די ענגלישע קאָמפּאַניעס, וואָס פֿלעגן מיטברענגען אַן אייגענעם רעפּערטואַר, האָבן שטאַרק באַאײַנפֿלוסט צום גוטן די אָרעמע דײַטשע דראַמאַטיק, מיטהעלפֿנדיק איר צו ווערן אַ ביסל בעסער (לכל־הפּחות צו פּרוּוון געבן אַקציע און פֿאַרטיפֿן זי, צייכענען לײַדנשאַפֿטן און פּסיכאָלאָגיש זיי אויפֿוויקלען וכ׳).

אין יאָר 1605 האָט הערצאָג היינריך יוליוס פֿון ברוינ־שווייג אויסגעהאַלטן אַן אייגענע שטאַבילע טרופּע (דאָס איז, ווײַזט אויס, געווען דאָס עלטסטע הויפֿטעאַטער אין דײַטשלאַנד). ער האָט אַליין אויך געשריבן פֿאַלקסטימלעכע שטיק לויטן מוסטער פֿון די ענגלישע קאָמעדיעס, אָבער זייער שוואַכע.

אויך די דאָזיקע – נײַערע – דראַמאַטיק איז, הייסט עס, געלעגן אין פּריוואַטע הענט (פֿון די אַקטאָרן אָדער אַנטרעפּרענערס). אויב אַ טרופּע האָט אַמאָל געפֿונען חן אין די אויגן פֿון אַ פּראָווינציעל פֿירשטל און געגאָסן דערפֿון מאַטעריעל, האָט עס קיין געזעלשאַפֿטלעכן באַטײַט נישט געקענט האָבן. קיין אָרגאַניזירט טעאַטער־לעבן מיט אַ צענטראַלן באַווירקפּונקט, קיין טעאַטער ווי אַ נאַציאָנאַלע אינסטיטוציע האָט דײַטשלאַנד אויך דעמאָלט נישט געהאַט: נישט געווען ווער עס זאָל עס פֿאַרלאַנגען און שאַפֿן.

---

## קאַפּיטל IV

אויס די פֿריִערדיקע דרײַ קאַפּיטלען איז שוין גענוג קלאָר, אַז נאָר אין אַזאַ סבֿיבֿה האָט די דראַמאַטישע קונסט געקענט באַקומען אַ ברייטערן (צי גאָר ברייטן) און טיפֿערן (צי גאָר טיפֿן) סאָציאַל־געזעלשאַפֿטלעכן באַטײַט, ווו טעאַטער איז געשאַפֿן –

אָדער לכל־הפּחות געשטיצט און געשיצט – געוואָרן פֿון דעם אויוון־
אָן, ד״ה פֿון יענער מאַכט, וואָס האָט אין דער געגעבענער צײַט
געהאַלטן אין אירע הענט דאָס גאָרע קאָלעקטיווע לעבן (ווי די
קאַטוילישע קירך אין מיטלאַלטער) אָדער אַ וויכטיקע צווײַג זײַנע (די
פּאָליטישע און אַדמיניסטראַטיווע קאָמפּעטענץ וכ׳).

ס׳וועלן אָבער צוניצקומען נאָך אַ פּאָר באַמערקונגען אויף דער
דאָזיקער טעמע. אינאײַנוועגס זאָל בולטער אַרויסגעבראַכט ווערן די
ראָלע פֿון דער בינע בײַ סאָציאַל־פּאָליטישע און געזעל־
שאַפֿטלעך־קולטורעלע קאַמפֿן אין דער עפּאָכע, וואָס אינטערע־
סירט אונדז ספּעציעל אין פֿאַרבינדונג מיט דער ענגערער טעמע וועגן
ייִדישן טעאַטער.

מיר וועלן זיך נעבנטער צוקוקן צו דער סצענע, ווי צו אַ קאַמפּס־
פּלאַץ צווישן אידייען, וואָס האָבן זיך געראַנגלט אינעם כּלל־לעבן,
צווישן היפּכדיקע טענדענצן און שטרעמונגען פֿון באַשטימטע תּקופֿות, –
אויך דאָרט, ווו דער דראַמאַטישער קונסט איז אָפּגעגאַנגען אַ פּראָטע־
זשירנדיקער פֿאַקטאָר, און זי איז אָנגעוויזן געווען בלויז אויף זיך
אַליין און אויפֿן פֿרײַען און לויזן אינטערעס פֿון די נישט־אָרגאַניזירטע,
ווינציק קולטורעלע און קנאַפּ אײַנפֿלוסיקע פֿאָלקסמאַסן.

## א

אין אַלטן גריכנלאַנד איז טעאַטער, ווי געזאָגט, געווען דער
באַשאַף פֿון דער גאַנצער אומה: אין גאַנג פֿונעם וואַקסן, אומפֿורעמען
זיך, רײַכער, ניואַנסירטער און שענער ווערן אַלץ מער באַאַפּיטרופּוסט
פֿון דער נאַציאָנאַל־פּאָליטישער קיום־רעם אירער (פֿון דער מלוכה), האָט
עס זיך מיט די שפּיצן זײַנע טאָקע אויפֿגעהויבן ביז צום סאַמע הימל
פֿון דער אַלמענטשלעכער גײַסטיקער קולטור.

1. פֿריניך איז געווען דער ערשטער אַלטגריכישער דראַמאַטורג,
וואָס האָט זיך שוין נישט גענוגנגעלאָזט מיט לויטער היסטאָרישער
סיוזשעטיק, זי איז דורך אים אויפֿגעפֿרישט געוואָרן מיט געשעענישן
פֿון זײַן צײַט. דאָס גאַנצע טעאַטער אין אַטען האָט זיך באַגאָסן מיט
טרערן אויף דער פֿאָרשטעלונג, ווו דער דיכטער האָט געוויזן דאָס פֿאַלן
פֿון מילעט. באַלד דערנאָך איז פֿאַרווערט געוואָרן צו שפּילן דאָס שטיק
און דעם מחבר האָט מען געקאַנסנט מיט טויזנט דראַכמעס פֿאַר דער־
מאַנען אויף אַזאַן אופֿן די מיטבירגער דאָס אומגליק, וואָס זיי האָבן
אָקערשט געהאַט געליטן. אָבער דעם אײַנדרוק איז, פֿאַרשטייט זיך, שוין
נישט מיִגלעך געווען צו פֿאַרווישן.

2. אויף דעם דאָזיקן פֿאָרגייערס וועג האָט זיך געהאַלטן דער גענֿיאַלער ע ס כ י ל אין דער טראַגעדיע „די פּערסן“, שילדערנדיק אין איר אַ געשעעניש, אין וועלכן ער האָט זיך אַליין באַטייליקט ווי אַ זעלנער, — קסערקסעס אָנפֿאַל אויף גריכנלאַנד און די מוראדיקע מפּלה זײַנע. ס'איז געווען אַ פּיעסע וועגן אַ נאַציאָנאַלן טריומף, אָבער אָן שאָוויניסטישן באַרימערײַ, להיפּוך: מיט אַ גרויסער מאָראַלישער אידייע. דער פּאָעט חנפֿעט נישט די געווינער: דער האָפֿערטיקער האָט געמוזט פֿאַרשפּילן. גוט איז, וואָס מע איז אַרויס מיט אַ ניצחון פֿון אַ קריג, וועלכן מע האָט נישט געוואָלט, אָבער געדענקען דאַרף מען, אַז דאָס העכסטע גליק פֿאַר אַ פֿאָלק ליגט אין שלום, אין האַרמאָנישער פֿונאַנדערוויקלונג פֿון די פֿיזישע און גײַסטיקע כּוחות.

די גאַנצע שאַפֿונג עסכילס (פֿון אים זענען דערגאַנגען בלויז זיבן טראַגעדיעס, הגם פֿאַרפֿאַסט האָט ער מיסתּמא מער ווי זיבעציק) איז דורכגענומען מיטן געדאַנק, אַז איבער דער וועלט הערשט דאָס געזעץ פֿון העכסטן גערעכטיקייט.

דאָס מערקווירדיקסטע ווערק פֿון דעם דראַמאַטורג, וואָס האָט געלעבט מיט איבער 2400 יאָר צוריק, — איינע פֿון די גרעסטע דער=גרייכונגען אין דער וועלטפּאָעזיע בכלל, — איז זײַן „געשמידטער פּראָמעטײ“, אַ קינסטלערישע באַאַרבעטונג פֿונעם מאָטיוו וועגן מקדמונים עקזיסטירנדיקן און קיין באַשייד קיינמאָל נישט געפֿינענדיקן קאָנפֿליקט צווישן פֿרײַהייט און מוז, צווישן דעם מענטשנס שטרעבונגען און דעם באַגרענעצט=זײַן פֿון דער נאַטור זײַנער. אַן אייביק פּראָבלעם (פֿיל, פֿיל שפּעטער האָט עס נישט געלאָזט רוען אַ סך גרויסע מערבֿ=אייראָפּעיִשע שרײַפֿטשטעלער, דערונטער אַזעלכע, ווי געטע און בײַראָן).

3. דער יורש פֿון דעם דאָזיקן ווײַרעכדיק=שווערן פּאָעט, וואָס האָט זיך געפֿלײַסט אַ גאַנץ פֿאָלק אויפֿצוהייבן אויף די פֿאַרנעפּלטע הייכן פֿון רעליגיעז=פֿילאָזאָפֿישן סימבאָליזם, — ס אָ פֿ אָ ק ל — האָט אָנגעשריבן אַ 113 פּיעסעס, פֿון וועלכע בלויז זיבן זענען אויפֿגעהיט געוואָרן פֿאַר דער נײַער צײַטס וועגן. געלעבט אין פּ ע ר י ק ל ס פֿרײַדענקערישער תּקופֿה מיט אירע הומאַניסטישע טענדענצן, איז ער נישט אַזוי אונטער=געוואָרפֿן געווען דער סאַקראַמענטאַלער טראַדיציע פֿונעם אַלטגריכישן טעאַטער, — דאָס מיסטישע איז בײַ אים נישט אַזוי ווײַט פֿון דער ערד, דער סיפּור=המעשׂה צייכנט זיך אין כּלל אַרײַן אויס מיט מער רעאַליזם, די העלדן זענען פּשוטער (נישט לויטער געטער און טיטאַנען). זײַן פּאָעזיע איז נאָך פֿול מיטן געהויבענעם אידעאַליזם, וואָס איז געווען

עסכילס אייגנשאַפֿט, אָבער עס קלינגען שוין אָפּ אין איר ראַציאָנאַליסטישע טענער אויך. דער ראָמאַנטיקער האָט אינעם גײַסטיקן לעבן פֿון דעריערנדיקער איבערגאַנגס=צײַט פֿאַרנומען אַ גאָר בכּבֿודיק אָרט.

4. דעם דריטן און לעצטן גרויסמײַסטער פֿון דער אַלטגריכישער טראַגעדיע, עוריפּידן (אויטאָר פֿון אַ 75 – 92 פּיעסעס, פֿון וועלכע נאָר 18 זענען נישט פֿאַרלוירן געגאַנגען אינעם שטראָם פֿון דורות), – סאָקראַטעס אַ תּלמיד, איז אויסגעקומען צו לעבן אין אַן אויסערגעוויינטלעך אומרויִקן פּעריאָד – די סאָציאַלע און די פּאָליטישע פֿאַרהעלטענישן אין אַטען, די רעליגיעזע גלייבונגען, ווי די גאָרע גײַסטיקע קולטור, זענען דעמאָלט אויפֿגעשאָקלט און אויפֿגערודערט געווען פֿון אַ טיפֿן, קעסלגרוביק עקבערנדיקן קריזיס. דער דיכטער, בטבֿע אַ פֿילאָזאָף און ליבהאָבער פֿון שטילן התבודדות, האָט דעם גאַנצן אַרומיקן קאָך דאָך אַרײַנגענומען אין זײַנע ווערק, געווען אַ צד דערבײַ, אַ „טענדענציעזער שרײַבער", ווי מע וואָלט עס הײַנטצוטאָג אָנגערופֿן, אַ העראָלד פֿון נײַע אידייען, און מיטגעהאָלפֿן, דאָס טעאַטער, וואָס איז ביז אים אַלץ געווען אַ טעמפּל, זאָל זיך פֿאַרוואַנדלען אין אַ פּאָליטישן קלוב, מיט אַ 2350 יאָר צוריק אויספֿירן די פֿונקציע פֿון אַ נאָך נישט=פֿאַראַנענער פּרעסע.

ער האָט זיך אַרײַנגעמישט אין אַלע עפֿנטלעכע קאַמפֿן – צי מיט טראַגעדיעס, צי מיט סאַטירישע פּיעסעס, – תּמיד אַקטועל און רעאַליסטיש, סוביעקטיוו און סקעפּטיש, דער פּעסימיסטישער שפּיגל פֿון אַ גרײַלעך אינטערעסאַנטער עפּאָכע אידעאָלאָגישע רעוויזיעס און בילבול=המוחות.

5. די קאָמעדיע האָט מען אין אַלטגריכנלאַנד תּחילת נישט געהאַלטן פֿאַר אַזוי וויכטיק אין געזעלשאַפֿטלעכן זין. זי איז טאַקע דערגאַנגען צו שלמות שפּעטער, ווי די טראַגעדיע. עס האָבן זי דעמאָלט געשמידט אייניצײַטיק: קראַטין (פֿון זײַנע ווערק זענען באַקאַנט בלויז קליינע פֿראַגמענטן), קראַטעס (אויך פֿון זײַנע קאָמעדיעס זענען ניצול געוואָרן נאָר שטיקלעך), עופּאָליד, אַריסטאָפֿאַן. אַלע זענען זיי געווען אין זייער צייט באַרימט.

דער ערשטער האָט נײַן מאָל געוווּנען די טראַדיציאָנעלע קאָנקורסן; זײַן עובֿדא איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט דערפֿירט די קאָמעדיע צו אַ העכערן ניוואָ, פֿאַרנומען זיך אין איר מיט עטישע און פּאָליטישע פּראָבלעמען.

עופּאָליד איז געווען אַ ליידנשאַפֿטלעכער סטיגאָטער, באַניצנדיק

די סצענע פֿאַר אַ פּאָליטישער טריבונע און נישט שווינענדיק די העכסטע פּערזענלעכקייטן.

וועגן אַריסטאָפֿאַנען איז שוין געווען אַ רייד אין קאַפּיטל II, א (אויוון, ז׳ 58). ער האָט געהאַט אַ ביסל מער מזל, ווי זײַנע קאָלעגן: פֿון די 50 קאָמעדיעס, וואָס ער זאָל האָבן פֿאַרפֿאַסט, זענען גאַנצע 11 דערגאַנגען צו אונדז. אין זיי ווערן באַרירט אַלע הויפּט־פּראָבלעמען פֿונעם אַטענער געזעלשאַפֿטלעכן לעבן אין יענער צעשטרידלטער און צעפֿאָרענער תּקופֿה, וואָס איז געמאָלט געוואָרן אויך דורך עוריפּידן. אַריסטאָפֿאַן דער שריפֿטשטעלער איז געווען דורך־און־דורך פּאָליטישער דיכטער און פּאַרטיימענטש; בײַסיק און שטעכיק אָפּשפּעטנדיק פֿון דער סבֿיבֿה, איז ער גלײַכצײַטיק אירס אַ לײַבלעך קינד און אַ מיטצעשטערער פֿון אירע פֿונדאַמענטן און צוימען.

פֿאַר דער עפּאָכע איז אויך געווען כאַראַקטעריסטיש, וואָס פֿאַר דער שנײַדיקער בײַטש פֿון דער קאָמעדיע זיך צו באַשערעמען, האָבן די אַטענער תּקיפֿים אײַנגעפֿירט טעאַטער־צענזור. ס׳איז פֿאַרבאָטן געוואָרן צו ווײַזן אויף דער בינע קאָנקרעטע לעבעדיקע מענטשן (פֿריִער האָט דאָס געגאָלטן: עופּאָליד, צ״בש, האָט גיפּטיק אויסגעלאַכט אַלקיביאַדן; אַריסטאָפֿאַן – סאָקראַטן, עוריפּידן). די גזירה זאָל נאָך האָבן געטראָפֿן דעם מחבר פֿון „די רײַטער“ און פֿון „די פֿרעש“: דאָס איז צו דערקענען אין זײַן „פּלוטוס“.

6. די שפּעטערדיקע גריכישע קאָמעדיע האָט דערפֿון געליטן אין זין פֿון פּאָליטישער אַקטואַליטעט און געזעלשאַפֿטלעכן אײַנפֿלוס. די דראַמאַטורגן האָבן זיך געמוזט אָפּגעבן בלויז מיט אַלגעמיין־טיפּישע שטריכן פֿון מענטשלעכן כאַראַקטער, און ס׳איז גענומען געוואָרן צו הילף די אַלעגאָריע, וואָס געהערט נישט צו די ווירקעוודיקסטע קינסטלערישע מיטלען. מוסטערן: אַנטיפֿאַן, אַלעקסיס.

די נײַערע אַלטגריכישע קאָמעדיע (אין פֿערדן און דריטן יאָרהונדערט פֿאַר דער קריסטלעכער ערע) איז שוין געווען פֿולשטענדיק פֿרײַ פֿון פּאָליטישער באַפֿאַרבונג. זי האָט געהאַט צו טון מיט די געוויינטלעכע נאַרישקייטן און לעכערלעכע דערשײַנונגען פֿון דער געזעלשאַפֿט, און דאָס עיקרדיקע אין איר איז געווען די אינטריגע, געשטיצט אויף פּריוואַטע צי מישפּחהדיקע באַציִונגען. דער באַרימטסטער פֿאַרטרעטער פֿון דעם זשאַנער: מענאַנדער (342–290 פֿאַר קריסטוסנס געבוירן). מיט אים האָט ריוואַליזירט פֿילעמאָן (געשטאָרבן 262 פֿאַר דער קריסטלעכער צײַטרעכענונג).

7. אויב די אַלטע גריכן זענען נישט פֿאַרגעסן געוואָרן דורך דער מענטשהייט, ווי פֿיל אַנדערע פֿעלקער פֿונעם אַלטערטום, האָבן זיי דאָס צו פֿאַרדאַנקען נאָר זייער קולטור, וואָס איז זינט דער רענעסאַנס־עפּאָכע געוואָרן אויך דער יסוד פֿון דער נײַער אייראָפּעיִשער, און אין

דער דאָזיקער גײַסטיקער ירושה פֿאַרנעמט אפֿשר דאָס אָנגעזעענסטע אָרט דאָס טעאַטער, וואָס, יאָרהונדערטער לאַנג אַ פּערמאַנענטער, געוואַלדיק עקספּרעסיווער און דינאַמישער פֿאַקטאָר אינעם נאַציאָנאַלן לעבן פֿון דער העלענישער אומה, איז עס געוואָרן אויך אַן אומשטערבלעכע קרוין אויף איר געדעכעניש.

## ב

די קריסטלעכע טעאַטערקונסט פֿון מיטלאַלטער איז, ווי שוין אויוון (קאַפּיטל I, ד) אָנגעמערקט, געווען דער פּראָדוקט פֿון אַ פּשרה צווישן דער קאַטוילישער קירך און דער וועלטלעכער, בײַ די ברייטע מאַסן באַליבטער דראַמאַטיק, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט נאָך פֿון די אַלט־ריימישע צײַטן.

דער קאָמפּראָמיס, וואָס איז געקומען ערשט נאָך אַ זייער לאַנגער, פֿאַנאַטיש־פֿאַרביטערטער מילחמה פֿון די קירכלעכע אויטאָריטעטן קעגן טעאַטער – און בכלל קעגן אַלע פֿאָרמען פֿון דראַמאַטישער קונסט, – האָט אין תּוך פֿאַרגעשטעלט אַ פֿאַרמאַסקירטע קאַפּיטולאַציע פֿון די קלעריקאַלע כּוחות מיט דער פֿאַרבאָרגענער האָפֿענונג צו אונטעריאָכן דעם „שׂטן" דורך מקרבֿ זײַן אים צו זיך. די צונויפֿשמעלצונג פֿון ליטורגיע און טעאַטער איז אָבער נישט בכּוח געווען אָפּצושאַפֿן דעם קאַרדינאַלן אַנטאַגאָניזם צווישן פֿרײַען וועלטלעכקייט און אוניפֿאָרמירטן, מיט אונדז אָנגעוואָרפֿענעם און אונטערגעהאַלטענעם באַגאָטישקייט. דער קאַמף איז אָנגעגאַנגען ווײַטער – אין דער קירכלעכער דראַמאַטיק, ווי אויף אַנדערע סעקטאָרס פֿונעם מיטלאַלטערלעכן לעבן, און האָט סוף־כּל־סוף דערפֿירט דערצו, אַז די וועלטלעכע עלעמענטן זענען געוואָרן דער דאָמינאַנט אין די אַלע מיני „הייליקע שפּילן", פֿאַסטערנדיק אַזוי־אַרום אין משך פֿון יאָרהונדערטער אַלץ פּעולהדיקער אַ וועג פֿאַר דער פֿרײַער הומאַניסטישער דראַמאַטיק פֿון דער נײַער צײַט.

ווי מיר זעען, איז דאָס מיטלאַלטערלעכע קריסטלעכע טעאַטער אויף אַזאַ אופֿן געווען אַ סאָרט place d'armes פֿאַרן גרויסן היסטאָרישן געראַנגל צווישן ריימישן קלעריקאַליזם און פֿאָלקסטימלעכן וועלטלעכקייט.

1. דער אָנהייב פֿון דער ריימיש־איטאַלישער דראַמאַטישער קונסט האָט אויך געטראָגן אַ רעליגיעזן כאַראַקטער, וואָס איז ביסלעכווײַז אויסגעוועפּט געוואָרן (פּונקט ווי בײַ אַנדערע פֿעלקער). אין רוים פֿון די קייסרים איז די סצענע, פֿאַרשטייט זיך, נישט געווען בעסער און שענער, ווי דאָס גאַנצע לעבן: זי האָט געוויזן נאָר זנות און בלוטדאָרשט. אין

ערשטן יאָרהונדערט פֿון דער קריסטלעכער ערע האָט די הויפּטראָלע אין איינער אַ טראַגעדיע געמוזט שפּילן אַ צום טויט פֿאַרמישפּטער פֿאַר־ברעכער: אין פֿינאַל האָט מען אים לעבעדיקערהייט פֿאַרברענט אויף דער בינע פֿאַר די אויגן פֿונעם פּובליקום, וואָס האָט זיך געלאָבט מיט דער שוידערלעכער אַטראַקציע. אומבאַשרייַבלעך איז געווען דאָס אויס־געלאַסנקייט, וואָס איז געשטיפֿט געוואָרן אויף די אַלטע טעאַטער־ברעטער אין די צייַטן פֿון זייער ירידה, אין פֿערדן, פֿיפֿטן און זעקסטן יאָר־הונדערט, באַזונדערס אין די מיזרח־פּראָווינצן פֿון דער רוימישער אימפּעריע.

ביז אין מיטלאַלטער אַרייַן האָבן זיך געהאַלטן די רוימישע מימישע שפּילן, אויסגעפֿורעמט אין גראָבע, ס'רובֿ שרעקלעך פֿאַרשייַטע מאַסקאַראַדן און פֿאַרסן, וואָס זענען געווען דער רעפּערטואַר פֿון כּל־מיני לצים (joculatores אין אַלטן רוים) – „זשאָנגלערס" אין פּראָוואַנץ, „יאָגלאַרן" אין שפּאַניע, „מינסטרעלן" אין נאָרמאַנישן ענגלאַנד.

**2.** די קירכנפֿעטער זענען דעריבער געווען דם־שונאים פֿון טעאַטער און דראַמע.

קווינט־סעפּטימיוס־פֿלאָרענס טערטוליאַן (געבוירן אַרום 160), נעאָפֿיט, גלח און טעאָלאָג, האָט אין ווערק De spectaculis מיטן גאַנצן ברען פֿון זייַן אַפֿריקאַנער טעמפּעראַמענט אַטאַקירט די סצענישע קונסט.

יאָהאַן דער גילדנלעפּציקער (347–407), אויך אַ נעאָפֿיט און הויכער גייַסטלעכער, האָט ענערגיש געפֿאָדערט, ס'זאָלן אויפֿהערן די בלוטיקע צירק־פֿאַרווייַלונגען. ער איז אָבער געווען אויך אַ געגענער פֿונעם דעמאָלטיקן טעאַטער אין אַלגעמיין, היות די אינסטיטוציע די דאָזיקע האַלט אונטער דעם היידנישן קוק אויף דער וועלט און די פּראַקטישע פּרינציפּן פֿון עבֿודה־זרה. די בינעס פֿון זייַן צייַט האָט ער כאַראַקטעריזירט ווי „באַוווינונגען פֿון שטן, ספּעקטאַקלען פֿון אויסגעע־שעמטקייט, אַודיטאָריעס פֿון פּעסטילענץ און גימנאַזיעס פֿון זנות".

ענלעך האָבן געשריבן און געפּרעדיקט אַנדערע קריסטלעכע לומדים און לערער אינעם ערשטן יאָרטויזנט פֿון דער נייַער ערע. סינאָדן (צונויפֿפֿאָרן פֿון די גייַסטלעכע – ס'רובֿ אויס אַ באַשטימטן בישאָפֿטום) האָבן אָפֿט (נאָך אין 7טן און 9טן יאָרהונדערט) מיט אַלע מיטלען געשטיצט דעם קרייצצוג קעגן דראַמאַטישער קונסט. קללות און חרמות האָבן זיך געשיט אויף די טעאַטראַלע ספּעקטאַקלען, אויך אויף די אַקטיאָרן און אַקטריסעס.

די כּוונה איז געווען: אויסצומעקן בײַ די נײַגעוווּנענע און כּסדר וואַקסנדיקע חמרים פּראָזעליטן אַלע רעשטלעך פֿון דער פֿריִערדיקער מענטאַליטעט און פֿונעם אַלטן לעבנס־אופֿן — די געוווינשאַפֿטן, תּנועות, השגות, מידות, באַדערפֿענישן און פֿאַרווײַלונגען, וואָס פֿון דעם אַלעמען איז די פֿאַרוואָרצלטע דראַמאַטיק, אַ ירושה פֿונעם דיאָניס־קולט און פֿון די סאַטורנאַליעס, געווען אַ פֿרוכט און אַ שפּיגל, אַ קאָנסערוואַטער און פֿאַרשטאַרקער.

**3. אָבער עס זענען געגאַנגען יאָרהונדערטער נאָך יאָרהונדערטער, און די היידנישע קולטור האָט דאָך נישט אָנגעווירן דאָס לעבנס־פֿעיִקייט, — אומגעווענדט: ענג זיך צונויפֿגעשווייסט מיט דער נײַער רעליגיע, אַרויפֿלייגנדיק אויך אויף איר דעם אַלטראָמאַנישן חותם.**

ס׳איז נייטיק צו געדענקען, אַז דער גאַנצער פּראָצעס אין מערבֿ־אייראָפּע האָט זיך אָפּגעשפּילט אין די ווילדע תּקופֿות פֿון כאַאָס און חושך־מצרים, ווען אויף די חורבֿות פֿון לאַטײַנישן רוים און פֿאַררײמישטן קאָנסטאַנטינאָפּל האָבן זיך ערשט גענומען אויסבילדן נײַע מלוכות פֿון באַרבאַרישע, אויס דער פֿרעמד געקומענע שבֿטים, וואָס האָבן מיט זייער פּרימיטיווער קולטור דערשטיקט די אַלטערטימלעכע, פֿײַן פֿונאַנדערגעבליטע, און בלויז מיט מי אַדאַפּטירט די גאַנץ פֿאַרבליבענע רעשטלעך פֿון דער לעצטער: דאָס וווּלגאַרע לאַטײַן (אין גאַליע, אין איבעריע, אין דאַציע, טיילווײַז אויך אין גערמאַניע) און שפּילטערס פֿונעם קולט, פֿון די מנהגים, פֿון דער לעבנסאַרט, פֿון דער מאַטעריעלער ציוויליזאַציע. פֿון דעם אַלעם אינאיינעם איז אַרויסגעקומען אַ האַלב־מעכאַנישער קאָנגלאָמעראַט, וואָס פֿיל דורות האָבן געדאַרפֿט פֿאַרגיין, און גרויסע אויפֿוויגענישן זענען געווען נויטווענדיק, זײַנע באַשטאַנדטיילן זאָלן זיך באַהעפֿטן אין אַן אָרגאַנישער מאַטעריע, וואָס איז מסוגל צו יערונג, פֿונאַנדערוווּקס, בלומגיבונג און פֿרוכטברענגשאַפֿט.

ווי אַלמעכטיק דאָס קריסטנטום איז נישט געווען, אײַננעמענדיק לאַנד נאָך לאַנד, פֿאָלק נאָך פֿאָלק, האָט עס לאַנג נאָך געהאַט צו טון מיט זיך אַליין, מיט אייגענע אינעווייניקסטע שוועריקייטן, מיט דאָגמאַטישע חילוקי־דעות, מיט שפּאַלטונגען אויף נוסחאות און סעקטעס. דאָס אָרגאַניזאַציאָנעלע באַהערשן אַזויפֿיל צעוואָרפֿענע טעריטאָריעס און פֿאַרשידענע אומות פֿון אַ האַלבן קאָנטינענט איז אויך נישט געווען קיין גרינגע זאַך בײַם יענצײַטיקן פֿעלן פֿון גוטע און זיכערע וועגן און פֿון באַקוועמע און וואָלוועלע פֿאַרמיטלען. די נײַע רעליגיע האָט זיך דעריבער אָנגענומען מער אין דער ברייט, ווי אין דער טיף. די קירך האָט געמוזט פֿאַר ליב נעמען אויווענאויפֿיק פֿרומקייט און ווי־נישט־איזיק האַלטן דעם פֿאָרמעלן ריטואַל, אוועקקוקנדיק דערפֿון, וואָס דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן פֿון די פֿריש־געבאַקענע אַדהערענטן פֿלייצט מיטן אַלטן היידנישן געלעגער, און אַפֿילו די קריסטלעכע גלייבונגען ווערן דורכגעזאַפּט מיט דער פֿאַרדומפּענער געצנדינערישער אַטמאָספֿער.

דערצו נאָך איז דער מענטשן־מאַטעריאַל פֿונעם קלער גופֿא געווען ביז גאָר מינערווערטיק. אַזאַ טערטוליאַן און נאָך אים אַנדערע קירכלעכע אויטאָריטעטן פֿון זײַן מאָס האָבן

געוואָרפֿן דאָס קריטישע וואָרט, אַז וויסן איז איבעריק און שעדלעך, בעת ס'איז פֿאַראַן דער חיובֿ פֿון גלייבן בלינד. די אומשטענדן האָבן מיטגעהאָלפֿן, די דאָזיקע אַפּאָלאָגיע פֿון עם-הארצות זאָל אויף אַן אמת טריומפֿירן. דאָס וויסנשאַפֿט, וואָס איז באַשאַפֿן געוואָרן פֿון די אַלטע גריכן, דערנאָך אַ ביסל דערגאַנצט פֿון די רוימער, איז שוין לאַנג געפֿאַלן אַ קרבן פֿון פֿאַרגעסנקייט; קיין נייעס איז נאָך נישט נולד געוואָרן, חוץ דער סכאָלאַסטישער טעאָלאָגיע, און אויך זי איז צוטריטלעך געווען בלויז פֿאַר די פֿירשטן פֿון דער קירך. דער גאָר גרויסער טייל כּלי-קודש איז ביז איבערן מיטלאַלטער (און אַ שכּאָ־ שטיק צייט אויך דערנאָך) געזונקען אין איגנאָראַנץ, פֿאַרגרעבטקייט און צעלאָזנקייט פֿון יעדן מין. האָט טאַקע אין דער גראַנדיעזער אָרגאַניזאַציע פֿונעם קאַטאָליציזם אונטערן שפּינוועבס-הייטל פֿון אויסווייניקסטער כּמו-ווי-דיסציפּלין געוועלטיקט אַנאַרכיע מכּל-המינים.[1]

**4. די פֿאַרניפּטיקערע און געזעצטערע פֿירער פֿון דער קירך – צו זאָגן: פּעדאַגאָגן און פּאָליטיקער (אפֿשר אַ ביסל דעמאַגאָגן אויך), – זענען לסוף געקומען צום שׂכל, מודה געווען: אַ לעבעדיקער מענטש איז נאָר אַ בשׂר-ודם, די פּראָפּאַגאַנדע פֿון עקסטרעמען אַסקעטיזם קען אין**

---

[1] ס'איז געמאָלט געווען, דאַנטע אַליגיערי (1321—1265) זאָל זיך אין „טראַקטאַט וועגן מאָנאַרכיע" אָפּן אַרויסזאָגן קעגן דער וועלטלעכער מאַכט פֿון דער קירך און פֿאַר וועלטלעכן מלוכה־שאַפֿט, און אין דער „געטלעכער קאָמעדיע" קריטיקירן די חסרונות פֿון דער קירך און דאָס פֿאַרדאָרבנקייט פֿון די גייסטלעכע מיטן פּויפּס בראָש (דער גרויסער דענקער און דיכטער איז אונטער די אויגן פֿאַר-מישפּט געוואָרן פֿאַרברענט צו ווערן לעבעדיקערהייט, אָבער נישט דערפֿאַר, נאָר פֿאַר פּאָליטישע סיכסוכים, אין וועלכע ער האָט זיך אַקטיוו געמישט).

ס'האָט געגאָלטן, דזשיאָוואַני באָקאַטשיאָ (1375—1313) זאָל אין „דעקאַמעראָן" שיטן מיט קאַטאָוועסלעך און חוזק אויף דעם איטאַלענישן קלער, אויסלאַכנדיק זיין נאָכגיין נאָך תּאוות און דאָס צבֿיעות זיינס, און דעם מחבר זאָל דערפֿאַר קיין הערלע נישט אַראָפּפֿאַלן פֿון קאָפּ. — ער האָט געשאַפֿן אַ שולע: איטאַלענישע נאָוועליסטן האָבן כּמעט גאַנצע צוויי הונדערט יאָר נאָך אים געלעבט מיט פּיינטלעכער סאַטירע אויף די קאַטוילישע גייסטלעכע.

ס'איז אָנגעגאַנגען, אַן איטאַלענישער אַרציבישאָף, מאַטעאָ באַנדעלאָ (1562—1480), זאָל פֿאַרפֿאַסן אָן אַ שיעור העכסט אוממאָראַלישע און בפּירוש שענדלעך שמוציקע דערציילונגען, און אים זאָל נאָכטון אַ קאַנאָניק, אַניאָלאָ פֿירענצואָלאַ (1548).

אין שפּאַניע, ווידער, האָט אַ גלח, כואַן רויז (געבוירן אין אָנהייב פֿון 14טן יאָרהונדערט), געשריבן עראָטישע לידער און – אָפּגעשפּעט אין אַ ראָמאַן פֿונעם קאַטוילישן קלער פֿאַר זיין געלטגייציקייט (אַפֿילו אין פּויפּסלעכן הויף קען מען פֿאַר געלט קויפֿן אַלץ, מחילת עוונות און עולם-הבא דערונטער).

דעם געשילדערטן מיליע אויסנעמען נאָר בײַ אַ נישטיקער צאָל יחידים,– איז אַ מוז צוצופּאַסן די טאַקטיק צו די רעאַלע פֿאַרהעלטענישן, אויב ס׳איז קלאָר ווי דער טאָג, אַז מיט האַרבקייט וועט מען גאָרנישט אויפֿטון. ס׳איז דאָך נישט שכיח, למשל, אַזויפֿיל און אַזויפֿיל טויזנטער אַקטאָרן, קונצנמאַכערס, אַקראָבאַטן, לצים, מוזיקאַנטן, זינגער און דעקלאַמאַטערס כּסדר צו שמײַסן אָדער פֿאַרשפּאַרן אין תּפֿיסות; נאָך ווינציקער איז געמאָלט צו טון דאָס מיט די מאַסן, וואָס זענען להוט אויסצולעבן זיך אין די תּענוגים פֿון עולם־הזה (די אינקוויזיציע איז אײַנגעפֿעדעמט געוואָרן אין יאָר 1183 אין ווע ר אָ נ ע עקסטרע צו פֿאַרטיליקן די אײַנגעקשנטע מינים, וואָס האָבן נישט געוואָלט אומקערן זיך צו דער אָפֿיציעלער קירך; אין יאָר 1233 איז זי אײַנגעפֿירט געוואָרן קעגן דער סעקטע אַ ל ב י ג ו י ע ר אין דרום־פֿראַנקרײַך; אין 13טן יאָרהונדערט און שפּעטער האָט זי אָפּגעטון מעשׂים־תּעתּועים אין א י ט אַ ל י ע און ש פּ אַ נ י ע – איבער אָפּטריניקע פֿון קריסטנטום, איבער נישט־זיכערע נעאָפֿיטן, איבער „מכשפֿות" און מאַגיקער, וועלכע מע האָט חושד געווען אין פֿערהאָבן מיטן טײַוול; פֿאַר נאָכגיין „דעם נסיון פֿון דער ראיה" און די „פֿלייש־לעכע תּאוות" האָט זי נישט פֿאַרברענט, ווײַל ס׳וואָלט אויסגעקומען אָנצוהייבן מיט שײַטערהויפֿנס קודם־כּל פֿאַר גלחים און מאָנאַכן, בישאָפֿן און פּויפּסן...).

די אַלמעכטיקע וואַטיקאַנער שטול, פֿאַר וועלכער פֿירשטן, מלכים, קיסרים האָבן זיך געבויגן, האָט, הייסט עס, פֿאַרשפּילט צום רויען המון־עם. און ס׳האָט זיך באַקומען אַ פּאַראַדאָקסאַלע לאַגע: פֿון איין זײַט האָבן די קאַטוילישע אויטאָריטעטן, הויכע גײַסטלעכע און סינאָדן, גאָר געגומען פֿ אָ ד ע ר ן, מע זאָל אָרגאַניזירן „גײַסטלעכע פֿאָרשטעלונגען", באַשר זיי וועלן סאַנקציאָנירט ווי אַ פֿאָרעם פֿון ריטוס; פֿון דער אַנדערער זײַט זענען פּויפּסן און בישאָפֿן נאָך אין 13טן און 14טן יאָרהונדערט געצוווּנגען געווען אָן אויפֿהער אַרײַנצומישן זיך מיט השתּדלותן, די „הייליקע רעפּרעזענטאַציעס", אין קלויסטער בתּורת תּפֿילה געשפּילט, זאָ ל ן נ י ש ט אַ ז ו י פֿ אַ ר א ו מ ו ו ע ר ד י ק ט ווערן מיט פּ אָ ר נ אָ ג ר אַ פֿ י ע און נ י ב ו ל ־ פּ ה.

5. נישט די „גלייביקע" און נישט די מאַסע קלענערע כּומרים האָבן זיך עפּעס געמאַכט דערויס, – מכּל־שכּן נאָך דעם, ווי די מיס־טעריעס זענען אַרויס פֿון די קירכלעכע בנינים, און די פּאַקטישע אַדונים איבער די ספּעקטאַקלען אויף גאַס און מאַרק זענען געוואָרן וועלטלעכע אָרגאַניזאַציעס פֿון בירגער, בעל־מלאָכישע צעכן וכו׳.

בלויז די שפּאַנישע „אויטאָס" און די דײַטשע „גײַסטלעכע שפּילן" (באַזונדערס די ערשטע) זענען נאָך געהאַלטן געוואָרן אויפֿן ניוואָ פֿון אַ וואַסער־נישט־איז רעליגיעזער פּיעטעט. די איטאַליענישע און פֿראַנצייזישע האָבן זיך געבאָדן אין גבֿלות און צווײַלן פּשוט אין גאָטלעסטערונג.

אויף אַזאַ מין דרך האָט דאָס פֿרײַע וועלטלעכקייט גובֿר געווען די קלעריקאַלע אונטערדריקונג, ווי ראָסט צעפֿרעסן די קייטן פֿון פֿרוּמאַקישקייט, צבֿיעות און רעאַקציע. אין היסטאָרישן פֿאַרמעסט פֿון דער קירך קעגן דער דראַמאַטיק, האָט מנצח געווען די לעצטע: תּחילת זיך אַרײַנגעריסן אין דער ליטורגיע; פֿאַרכאַפּט דעם קלויסטער גופֿא; דערנאָך פֿון אים זיך עמאַנציפּירט, אַרויסשפּרײַזנדיק אין דער ברייטער וועלט אַרײַן; אויף דער פֿרײַ אַלץ מער דערטרענקען דאָס רעשט ביסל ריטוס, די תּפֿילות, הימנען וכ׳, אין אַ מבֿול פֿון וועלטלעכקייט, קאָמיזם, געלעכטער, וווּלגאַריטעט און פֿאַרשײַטקייט; צום סוף (אין אַלע קאַטוילישע לענדער, חוץ שפּאַניע) אויף טויט קאָמפּראָמיטירט דעם ענין „מיסטעריע" גופֿא, בלײַבנדיק אויפֿן שלאַכטפֿעלד דער איינציקער פּרעטענדענט אויפֿן עתיד, הגם אַליין אויך געענוג צעמזיקט און פֿאַרקריפּלט, פֿאַרוואָרלאָזט און פֿאַרגרעבט.

**6.** ווי וווּנדערלעך דאָס זאָל נישט אויסקוקן, איז עס פּאָרט געווען אַזוי: די אַנאַרכיע, וואָס איז ביז אויסלאָז מיטלאַלטער געווען אַ כאַראַקטעריסטישער סימן פֿון יענע צײַטן אויף פֿאַרשידענע פֿעלדער פֿון לעבן און אין פֿאַרשידענע ווינקלען זײַנע, איז פֿאַר דער פֿאָלקס־דראַמאַטיק געוואָרן דער סוראָגאַט פֿון פֿרײַהייט און אַ באַשיצער פֿון קיום.

היות אָבער ס׳איז באַין־אופֿן נישט געווען די אָרגאַניזירטע, אויפֿגעקלערטע און צילבאַוווסטע פֿרײַהייט פֿון אַן אַלטגריכישן אַטען, האָבן אויך די רעזולטאַטן נישט געקענט זײַן די זעלביקע.

די מיטלאַלטערלעכע פֿאָלקסדראַמאַטיק האָט געהאַט מער מעגלעכקייט צו צעשטערן, ווי צו בויען. איר היסטאָרישער אַקטיוו לאָזט זיך דעריבער אַזוי פֿעסטשטעלן: זי האָט מיטגעהאָלפֿן אונטערצושווענקען די יסודות פֿון דער קאַטוילישער קירך דורך פּראָפֿאַנירן די ליטורגיע און עמאַנציפּירן זיך פֿון איר אַפּיטרופּסות, ווי אויך דורך דער סאַטירע אויפֿן קלער, פֿון די וואַנדער־מאָנאַכן די זולל־וסובֿאַניקעס און נואפֿים אָנהייבנדיק און ביז צו דער טיאַרע אַרויפֿקלעטערנדיק.

## ג

**1.** אַ קאָמפּסטריבונע מיט געזעלשאַפטלעך־מוסרנדיקע אָדער פּאָליטישע טענדענצן זענען געווען די פאָרשטעלונגען פון מאָראַליטעטן און „סאָטיס" אין פראַנקרייך, דערהויפּט אונטערן שוץ פון לוי XII (אויוון, ז' 72).

די רעליגיעזע מחלוקתן פון 16טן יאָרהונדערט זענען אויך נישט געבליבן אָן אַן אָפּקלאַנג אינעם פראַנצייזישן וועלטלעכן טעאַטער: פון 59 „מאָראַליטעטן", וואָס זענען באַקאַנט פון יענער עפּאָכע, טראָגן 15 אַ פּאָלעמישן כאַראַקטער מיט פלאַמיקער סימפּאַטיע פאַר דער רעפאָרמאַציע.

**2.** אַ באַסטיאָן פון רענעסאַנס אין דער אָפּענזיווע קעגן מיטל־אַלטערלעכן פינצטערניש און עם־הארצות און קעגן דעם קלעריקאַלן דרוק אויפן פרייען געדאַנק און געוויסן האָבן אויפן אַפּענינער האַלבאינדזל מיט זיך פאָר־געשטעלט די אויפפירונגען פון איטאַליענישע טראַגעדיעס, אויפן שניט פונעם קלאַסישן אַלטערטום געשריבענע, און פון לאַטייַנישע פּיעסעס, לויט דער איניציאַטיוו און אונטערן אַפּיטרופּסות פון טאָסקאַנער און לאָמבאַר־דישע הערשער־הייף און פונעם פּויפּסלעכן טראָן (זע קאַפּ' III, ב, 1).

**3.** אין אָנהייב פון 16טן יאָרהונדערט זענען די ענגלישע „מאָראַליטעטן" (moral-plays) איבערגעגאַנגען פון אַלעגאָריע צום רעאַלן לעבן מיט זייַנע אַקטועלקייטן.

איינס אַ שטיק אַזוינס — Hycke-Scorner („דער בייזער אָפּשפּע־טער") שילדערט סאַטיריש דאָס אומזויבערע לעבן אין דער תּקופה פון הײנריך VIII.

אַנדערע „מאָראַליטעטן" האָבן געשעפּט שטאָף פון דער פּאָלעמיק פאַר און קעגן פּראָטעסטאַנטיזם.

**4.** געזעלשאַפטלעך און אידייִש קעמפעריש — אין ברייטערן, אין אַלמענטשלעכן זין — איז געווען דאָס מאָליער־טעאַטער. באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש אין דעם פּרט זעט אויס דער קאַמף אַרום „טאַרטיף" (זע: קאַפּ' III, ג, 6).

**5.** טעאַטער פלעגט אָבער האָבן אויך אַ שלעכטע השפּעה אויף דער געזעלשאַפט.

אַ שנייַדיקער בייַשפּיל: די שפּאַנישע סצענע אין לאָפּע דע־וועגאַס און פּעדראָ קאַלדעראָנס צייַטן. צום אומגליק זענען

ביידע שרײַבער געווען גרויסע דראַמאַטורגן (אויספירלעכער – אויוון, זז׳ 53,
65 א״וו), אָבער פאַנאַטישע קאַטוילן, ביזן מאַרך פון די ביינער דורכ=
גענומען מיטן גײַסט פון פראָזעליטיזם, מיט פאַנאַטישער אומטאָלעראַנץ אין
זאַכן פון אמונה, דם=שׂונאים פון פרײַען געדאַנק און אוממענטשלעכע
אכזרס. ד ע = וו ע ג אַ, למשל, האָט אין דער דראַמע El niño inocente
de la Guardia מיט טײַוולאָנישן קנאות געמאָנט, מע זאָל אויסראָטן
אַלע יִדן אָן יוצא מן=הכלל, און ק אַ ל ד ע ר אָ ן פאַלט אַרײַן אין אַ ווילד
התלהבות דערפון, וואָס מע האָט די אַלביגויער אַמאָל געברענט אויף
אויטאָ=דאַ=פֿעס, און דער „הייליקער קעניג״ האָט פערזענלעך צוגע=
לייגט אַ האַנט צום מוראדיקן אַכזריות. ביידע שריפטשטעלער, וואָס האָבן
מיט זייערע ווערק אין משך פון אַ הונדערט יאָר געוועלטיקט אין שפּאַנישן
טעאַטער, זענען אַזויערנאָך געווען ט אָ ר ק וו ע מ אַ ד ע ס משרתים, מיט=
העלפער בײַם פאַרשקלאַפן און פאַרדאַרבן די נשמות פון די פאָלקסמאַסן,
בײַם פאַרסאַמען זיי מיט אויסטערלישסטן אַבערגלויבן און נידריקסטער
מענטשן=שׂינאה. אינאיינעם מיטן הויף, מיט דער אַריסטאָקראַטיע און
מיט דעם קלער זענען ביידע אין אַ נישט קליינער מאָס מיטשולדיק
פאַרן מאַראַזם, אין וועלכן די אַמאָל מעכטיקע אומה איז אַרײַנגעפאַלן
אונטער דער פירונג פון אַזוינע דערציִער און לערער.

אין ע נ ג ל אַ נ ד האָבן מאַנכע דראַמאַטורגן אין דער
ע ל י ז אַ ב ע ט = ע פּ אָ כ ע פאַרשוועכט די בינע=ברעטער מיט ניבֿזיקדיקן
חניפה=טרײַבערײַ אויפן אַדרעס פון דער קיניגין. אַ מוסטער: „דער
מישפּט איבער פאַריסן״ פון ד ז ש אָ ר ד ז ש פּ י ל.

**5.** אַן אינסטרומענט פון פּאָליטיש=געזעלשאַפטלעכער רעאַקציע איז
געווען די איטאַלענישע פּ אַ ס ט אָ ר אַ ל ע ד ר אַ מ ע (dramma pastorale),
אויסגעפּיקט זיך אין דער מיט פון 16טן יאָרהונדערט, ווי אַן איבער=
גאַנג פון אַלטקלאַסישער קאָמעדיע צו ריינער אָפּער און צוגלײַך ווי
אַ מיטל צו ליקווידירן דעם אינטערעס צו די באַפרײַערישע אידייען פון
דער רענעסאַנס=רעוואָלוציע, לענקענדיק אים אין דער ספערע פון
נייטראַלער, קוויעטיסטישער עסטעטיק. זע קאַפּ׳ III, ב, 2.

מ אַ ז אַ ר י נ י „האָט מיט גרויס פּעולה געצוווּנגען מוזיק און מוזיקער צו דינען
זײַן רעגירונג״ – שרײַבט ראָלאַן. טאַקע כּדי צו אילוסטרירן, וויאַזוי טעאַטער קען אַמאָל אויפן
משונהדיקסטן אופן פאַרשאַטן דעם פּראָטעקטער זײַנעם, נישט זײַענדיק די סיבה און דאָך
ווערנדיק אַ הויפּטגעווער אין אַ שווערן פּאָליטישן פאַרוויקלעניש, האָב איך אויוון (קאַפּ׳ III, ג, 7)
באַשריבן דעם „אָרפיי״=קאָנפליקט, טוענדיק דאָס, אייגנטלעך, מער אויספירלעך, ווי די רעם
פון דער איצטיקער אַרבעט וואָלט דאַרפן פאַרטראָגן. בײַם אַרויסגעהייסן ווערן פון פראַנקרײַך
וואָלט דער אַלמעכטיקער קאַרדינאַל – מאַכט אַ פײַנע באַמערקונג זײַן סעקרעטער נ אָ ד ע –

געקענט איבערחזרן וועגן זיך דאָסאייגענע, וואָס פּובליוס אָווידיוס נאַזאָ האָט מיט אַ זיבעצעטהאַלבן הונדערט יאָר צופֿריער אויסגערופֿן:

— O, nimis exitio nata theatra mea!

(„אָ, שווערער גירוש, וואָס די סיבה זײַנע איז מײַן טעאַטער!").

און, צווישן אונדז געשמועסט, איז די אָפּער גראָד געוועזן אַן אומשולדיקע, פּאָליטיש אינדיפערענטע און אויך פֿון מאָראַלישן שטאַנדפּונקט גאַנץ קאָרעקטע פֿאָרשטעלונג, — איבעריקע הוצאות, ווידער, האָט מען בײַם מאָנאַרכיסטיש-אַבסאָלוטיסטישן רעזשים געמאַכט איבערגעגנוג חוץ דעם אויך.

## ד

געזעלשאַפֿטלעכע און פּאָליטישע אַקצענטן האָט געהאַט אַפֿילו די נישטיקע דײַטשע דראַמאַטיק, וואָס איז געשילדערט אויבן, אין די קאַפּיטלען I (ד, 4 און 5) און III (ה), — עס זענען אָבער, נאַטירלעך, פּרימיטיווע און אָרעמע ספּאָראַדישקייטן.

1. דער צוויי מאָל שוין דערמאַנטער פֿון מיר האַנס ראָזנבלאַט האָט אין זײַנע קאַרנאַוואַל-שפּילן געשמיסן די גײַסטלעכע פֿאַר אויסגעלאַסנקייט און דעם אַדל פֿאַר מיאוסער לעבנספֿירונג. אַקעגן, האָט ער זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר אַ פֿרײַנט פֿון די שטעט און פֿונעם בירגערטום.

2. נאָך פֿאַר דער רעפֿאָרמאַציע האָבן אירע טענדענצן זיך שוין אַרויסגעריסן בײַם מילהויזער גלח טעאָדאָריך שערנבערק (1480) אין: „אַ שיינע שפּיל פֿון פֿרוי יוטע", וואָס זאָל, לויט אַ לעגענדע, האָבן געוועזן זײַן פּויפּס אין רוים און דאָרט געגאַנגען צו קינד אויפֿן טראָן.

1522 איז אין בערן דורך ליבהאָבער, זין פֿון אָרטיקע באַלבאַטים, אויפֿגעפֿירט געוואָרן די פּאָלעמישע „פֿאַסטנאַכט-שפּיל" פֿון ניקלויס מאַנועל: „פֿון דעם אונטערשיד צווישן דעם פּויפּס און כריסטוס יעזוס", שטאַרק זידלעריש לגבי דער „הייליקער שטול" מיט אירע פּרעלאַטן. — אין אַן אַנדער שפּיל פֿון דעם זעלביקן מחבר („די טויטנפֿרעסער") ווערט סאַטיריש דערציילט וועגן געלטגײַציקייט פֿון די גלחים, וואָס שינדן אָפּ די הויט פֿאַר לוויות-מאַכן, און אינאיינעם דערמיט גייט אין דעם שטיק אַ שאַרפֿע קריטיק פֿונעם גאַנצן קלער (פֿונעם לעצטן בעטל-מאָנאַך אָנהייבנדיק און מיטן פּויפּס בכבֿודו ובעצמו אויסלאָזנדיק).[1]

1 „אויך אין שפּעטערדיקע גײַסטלעכע שפּילן טרעטן אַלץ שאַרפֿער אַרויס די בירגערלעכע און רעפֿאָרמאַטאָרישע עלעמענטן" (קורץ, 81).

3. די קאַטוילישע פּאַרטיי איז אויך נישט געשלאָפֿן. 1531 איז רעפּרעזענטירט געוואָרן אַ „באָקשפּיל“ (אָפּחוזקונג פֿון לוטערן און זײַנע נאָכגייער); 1534: „דער ווידוי פֿון דניאל פֿאָן־זעסט“ (אויך אַן אַנטי־פּראָטעסטאַנטיש שטיק).

---

# קאַפּיטל V

דאָס אין די פֿריִערדיקע פֿיר קאַפּיטלען באַהאַנדלטע איז אין עצם בלויז אַן אַרײַנפֿיר צו די איבעריקע, אין וועלכע מיר וועלן זיך פֿאַרנעמען מיט דער אייגנטלעכער טעמע פֿון דער אַרבעט:

— פֿאַרוואָס איז דאָס ייִדישע טעאַטער אויפֿגעקומען אַזוי שפּעט?

ווי פֿאַר אַן הקדמה וואָלט עס אין פֿלוג געקענט אויסזען אַ ביסל צו לאַנג, ווען נישט דער אומשטאַנד, אַז אָן פֿאַרגלײַכנדיקן מאַטעריאַל איז גאָר נישט שכיח ווי געהעריק צו פֿאַרענטפֿערן די געפֿרעגטע קשיא. חוץ דעם זאָל גענומען ווערן אין אַכט, אַז אין די פֿיר צופֿויערדיקע קאַפּיטלען שטעקן שוין געננוג אָנזעעוודיק די אויסגאַנגס־ און שטיץ־פּונקטן פֿאַר דער תּשובֿה, וואָס וועט זיך אויטאָמאַטיש אויספֿורעמען אין די ווײַטער שקיצירטע באַטראַכטונגען.

אין דעם איצטיקן קאַפּיטל — דעם פֿיפֿטן — וועלן מיר רעדן וועגן דעם, פֿון וואָס עס וואָלט זיך בײַ אַ גינסטיקער היסטאָרישער קאָניונקטור יאָ געקענט אויסבילדן אַ ייִדישע טעאַטער־קונסט, און פֿון וואָס נישט.

## א

צוערשט — אַ ביסל פּאָלעמיק.

בײַ די ייִדן אין בבֿל איז געווען אַ מינהג „משוורתא דפוריא“: פֿיר־פֿינף טאָג פֿאַר פּורים פֿלעגן בחורים מאַכן אַ הילצערנע טאָק, וואָס האָט געדאַרפֿט פֿאָרשטעלן המנען, צובינדן זי מיט אַ שטריק צו אַ רייף און אום פּורים אַרויפֿשטעלן אויף אַן אונטערגעצונדענעם שײַטערהויפֿן, אַרומטאַנצן אַרום דעם פֿײַער מיט געזאַנג און שטיפֿערײַ, אַלע רגע וויגנדיק די רייף מיט דער המן־פֿיגור איבער די פֿלאַמען, אַזוי לאַנג, ביז דער שטריק האָט זיך אָנגעכאַפּט, און די טאָק איז אַראָפּגעפֿאַלן אויף דעם פֿלאַקערנדיקן האָלץ און פֿאַרברענט געוואָרן.

לויט אַ דאָקומענט פֿון יאָר 408 און לויט שפּעטערדיקע ידיעות פֿלעגן די ייִדן אין דער מיזרח־רוימישער אימפּעריע פּורים נאָך

דער מגילה אויפֿשטעלן אויפֿן שולהויף אַ תּליה און בײַ שפּאָט־געשרייען פֿונעם פֿאַרזאַמלטן עולם אויפֿהענגען אויף איר אַ טאָק, וואָס האָט געזאָלט פֿאָרשטעלן המנען. דערנאָך פֿלעגט מען מאַכן פֿײַער און פֿאַרברענען די תּליה אינאיינעם מיט דער פֿיגור.

נתן בר יחיאל פֿון רוים אין „ספֿר ערוך השלם" (פֿאַרענדיקט אין יאָר 1100, דערגאַנגען צו אונדז אין דעפֿעקטן צושטאַנד) באַשרײַבט דעם זעלביקן מינהג פֿאַר די איטאַליענישע ייִדן פֿון זײַן צײַט.

דער באַרימטער קלונימוס בן קלונימוס דערציילט אין זײַן „מסכת פורים" (פֿאַרפֿאַסט מסתּמא אין רוים צווישן 1319 – 1332) פֿון אַ פּורים־שפּיל „אירא" (פּשט?) בײַ די איטאַליענישע ייִדן: די קינדער פֿלעגן זיך אויסשטעלן אין צוויי קריגס־שורות קעגנאַנאַנדער און באַוואַרפֿן זיך מיט ניס, די דערוואַקסענע האָבן דערווײַל מיט צווײַגן פֿון טענענביימער אין די הענט אַרומגעריטן אויף פֿערד איבער די גאַסן אָדער פֿרייליך אַרומגעפּילדערט בײַם געהילכערײַ פֿון טרומייטערס און פּאָזוינען אַרום אַ טאָק (אין אָריגינאַל: „אָדם"), וואָס האָט געדאַרפֿט פֿאָרשטעלן המנען און איז געשטאַנען אויף אַ הויכן געשטעל; דערנאָך פֿלעגט מען מיט גרויס אויפֿצוג פֿאַרברענען די טאָק אויף אַ שײַטערהויפֿן.[1]

דער בבֿלישער פּורים־מינהג איז – מיט אַ געוויסן וואַריאַנט – געווען באַקאַנט אויך די ייִדן אין מצרים, ווי ס'איז צו זען פֿון אַ דאָקומענט, וואָס איז געפֿונען געוואָרן אין דער קאַירער גניזה.[2]

אויס אַ פּרעמיסלער דאָקומענט פֿון יאָר 1743 ווערט מען געוואָר פֿון אַזאַ מין מינהג דעמאָלט בײַ די ייִדן (צי בלויז אין דער איינער שטאָט? צי אויך נאָך ווו אין גאַליציע?)–פּורים פֿלעגט מען נקמה נעמען אָן המנען אויף אַזאַ סימבאָלישן אופֿן: דינגען אַ קריסט און מיט טריומף־געשרייען, פֿירן אים איבער די גאַסן און שלאָגן, שיטנדיק דערבײַ מיט וויצן, שפּאָט און זידלערײַ.

ענלעכע פּורים־מינהגים (מיט אָדער אָן אַ שײַטערהויפֿן) גילטן בײַ די תּימנער און קאַווקאַזער ייִדן נאָך ביז אויף הײַנטיקן טאָג.[3]

---

1 M. Güdemann, Geschichte des Erziehungswesens und der Cultur der Juden in Italien (Wien 1884) 211.

2 פֿאַרעפֿנטלעכט אין Genizah Studies (ניו־יאָרק 1909), פֿון דאָרט איבער־געדרוקט דורך י. שאַצקי אין „טעאַליט" (ניו־יאָרק 1924) נ' 3, ז' 30, און דורך ש. ערנסט אין „אַרכיוו פֿאַר... טעאַטער"..., I, 34.

3 ש. ערנסט, דאָרט, 35.

איינער פֿון די אויסגערעכנטע פֿאַקטן (דער פֿון יאָר 408) איז געווען באַקאַנט יאָהאַן-יאַקאָב שודטן,[1] וואָס האָט אים געהאַלטן פֿאַרן מקור פֿון די יידישע פּורים-שפּילן.[2]

י. שיפּער, אָפּשטעלנדיק זיך אויפֿן אָקערשט רעפֿערירטן מאַטעריאַל, פֿרעגט אָפּ דעם דאָזיקן אויספֿיר:[3]

— פֿון די ידיעות, וועלכע מיר האָבן ביזן סוף מיטלאַלטער וועגן דעם באַהאַנדלטן פּורים-מינהג,[4] איז צו זען, אַז די דראַמאַטישע עלעמענטן, וואָס זענען אין אים פֿאַראַן, שטעלן מיט זיך פֿאָר נישט מערער, ווי אַ טאַנץ-פּאַנטאָמימע מיט אַ קאָנקרעטן אינהאַלט,[4] וועלכער באַלאַנגט צו המנס מפּלה. ווײַטער איז די אַנטוויקלונג נישט געגאַנגען!

אַפּילו אויפֿן סמך פֿון די ידיעות, וועלכע מיר האָבן פֿון פּוילן, און וועלכע באַלײַכטן דעם מינהג בעת דעם 18טן יאָרהונדערט, איז אוממעגלעך צו מאַכן אַן אויספֿיר וועגן אַן איבערגאַנג פֿון פּאַנטאָמימע צו דראַמע.

...מיר זעען, אַז דער המן-מאַנעקען האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַן אייגנס-אָנגעדונגענעם מענטש, אַ קריסט; מיר דערוויסן זיך ווײַטער, אַז די נקמה איבער המנען ווערט פֿון דער „ווײַסער חבֿרה“ אויסגעדריקט אין דער פֿאָרעם פֿון שפּאָט-ווערטער, זידלערייען און וויצן.[4] וואָלט מען געקענט אין פֿלוג מיינען, אַז דאָס שטומקייט פֿון דער פּאַנטאָמימע איז צעשטערט... ווײַזט זיך אָבער אַרויס...

אויב די דראַמע זאָל זײַן אַ פּאַרטיקע, מוז זיך דאָס לשון אַנטפּלעקן אין דער פֿאָרעם פֿון וואָרט און קעגנוואָרט,[4] דהײַנו אין דער פֿאָרעם פֿון אַ דיאַלאָג.[4] ביידע צדדים מוזן רעדן! אין אונדזער פֿאַל אָבער בלײַבט דער הויפּטראָליסט פֿונעם שפּיל, ווי אין די אַלטע צײַטן, אַ שטומער.[4] עס מאַכט ווייניק אויס,

---

1 Jüdische Merkwürdigkeiten (Frankfurt a. Main 1714).

2 מאָריץ שטײַנשנײַדער חזרט עס איבער ווי אַן השערה. זע זײַן Purim und Parodie אין Monatsschrift für Geschichte und Wissenschaft des Judentums, Breslau 1893. אַרומגערעדט אין מײַן אַרטיקל „די יידישע בינע אין דײַטשלאַנד“, טעאַטער-וועלט, אַ וואַרשעווער וואָכנבלאַט, נ׳ 6 (19) פֿון 18טן פֿעברואַר 1909.

3 געשיכטע פֿון יידישער טעאַטער-קונסט און דראַמע, III (וואַרשע 1928) 7—19.

4 שפּאַצירט אינעם אָריגינאַל.

וואָס מע האָט אויפֿן אָרט פֿונעם אַמאָליקן מאַנעקען אַרײַנגעפֿירט אַ לעבעדיקן מענטש. דער דאָזיקער מענטש איז אין תּוך געבליבן אַ מאַנעקען: ער שפּילט די ראָלע פֿון אַ מאַנעקען, ער איז אַ קריסט און פֿאַרשטייט אַפֿילו נישט די ווערטער פֿון זײַנע ייִדישע פּאַרטנערן. –

שטעלט זיך שיפּער די קשיא: „איבער וועלכע סיבות האָבן די קערנדלעך פֿון דראַמע, וואָס זענען געווען פֿאַרזייט אין דעם באַהאַנדלטן פּורים־מינהג, נישט געקענט אויסרייפֿן ביזן סוף, הגם ס'האָט שוין נישט ווײַט געהאַלטן ביז צום דראַמאַטישן בלײַצכטס?“ און פֿאַרענטפֿערט זי מיט אַזאַ השערה: די מניעה זאָל האָבן געשטעקט אין אַזויגערופֿענע „פּורים־שפּילן“, וואָס די ייִדן אין דײַטשלאַנד האָבן זיך „נישט שפּעטער ווי אין 15טן יאָרהונדערט“ געשאַפֿן אין אַ פֿאָרעם, וואָס האָט קאָפּירט „די דײַטשע מיסטעריעס און פֿאַסטנאַכט־שפּילן“.

— אויף אַזאַ אופֿן – פֿירט ער אויס – האָט זיך אויפֿן נאַטירלעכן וועג, מיט וועלכן עס איז געגאַנגען די אַנטוויקלונג פֿון דעם באַוווּסטן פּורים־מינהג, אָפּגעשטעלט אַ פֿרעמד מוסטער, וואָס האָט געצויגן אויף זיך דאָס אויפֿמערקזאַמקייט פֿון די פּרימיטיווע ייִדישע פֿאָלקסשיכטן... האָבן די אָריגינעלע ייִדישע קערנדלעך פֿאַרלוירן זייער אַמאָליקן ווערט... —

קעגן דער גאַנצער קאָנצעפּציע לאָזט זיך דערווידערן וואָס ווײַטער קומט:

(א) אויב אינעם פּורים־מינהג, וואָס האָט עקזיסטירט שוין אין בבֿל, לאָזט זיך ערשט מיט אַן אַנדערטהאַלבן יאָרטויזנט שפּעטער, ספּאָראַדיש– אין אַן איינצלנעם פֿאַל – פֿעסטשטעלן אַזאַ מינימאַלע ענדערונג, ווי דאָס בײַטן די הילצערנע פֿיגור אויף אַ לעבעדיקן מענטשן (דערבײַ אַזעלכן, וואָס קען אין דער צערעמאָניע גאָר נישט זײַן אַנדערש ווי שטום), איז אַ בפֿירושע פֿאַנטאַזיע צו רעדן אויף דעם נישטיקן סמך וועגן אַ „נאַטירלעכן וועג, מיט וועלכן עס איז געגאַנגען די אַנטוויקלונג פֿונעם באַוווּסטן פּורים־מינהג“. 15 הונדערט יאָר נאָכאַנאַנד איז דאָך קיין סימן פֿון „אַנטוויקלונג“ נישט צו באַמערקן! (שוין צו פֿאַרשווײַגן, אַז עס פֿעלט אויך די מינדסטע ראַיה אויף אַ וואָסער־נישט־איז קרובֿעשאַפֿט צווישן דעם פּרעמיסלער מינהג פֿון יאָר 1743 און די אַמאָליקע ייִדישע פּורים־שפּילערײַען אין בבֿל, מיצרים, ביזאַנץ, איטאַליע מיט דער תּליה, מיטן שײַטערהויפֿן, מיטן שפּרינגען איבערן פֿײַער און מיטן פֿאַרברענען די המן־פֿיגור).

(ב) דעריבער איז אפֿשר גלײַכער נישט צו רעדן וועגן „קערנדלעך פֿון דראַמע, וואָס זענען געווען פֿאַרזייט אין דעם באַהאַנדלטן פּורים־

מינהג״. „קערנדלעך״, פֿון וועלכע עס שפּראָצט גאָרנישט אויס אין משך פֿון 1500 יאָר, זענען זיכער נישט קיין זריעה. אַ פּשיטא איז אַבסאָלוט אומבאַרעכטיקט די פֿאַרזיכערונג, אַז „ס׳האָט שוין נישט ווײַט געהאַלטן ביז צום דראַמאַטישן בליִעכטס״ (ווי איז כאָטש אַ שאָטן באַווײַז דערויף ? !).

(ג) אין דער אמתן האָט דער פּורים־מינהג בכלל נישט געהאַט אין זיך קיין זעלכע דראַמאַטישע עלעמענטן, פֿון וועלכע ס׳זאָל זיך קענען אויסוועבן טעאַטער־קונסט. נישט פֿאַראַן דעריבער קיין יסוד צו זוכן אַן אַנאַלאָגיע מיט די אַלטגריכישע צי מיטלאַלטערלעך־אייראָפּעיִשע פּרעצעדענטן, ווי מימישע פּאַנטאָמימע־טענץ זענען געוואָרן איבערגאַנג צו דראַמע, נאָך דעם, ווי ס׳איז אין זיי אַרײַנגעפֿלאָכטן געוואָרן דיאַלאָג.

אין העלאַדע האָט זיך די דראַמאַטישע קונסט (טראַגעדיע, קאָמעדיע, סאַטירישע פֿאָרשטעלונג), ווי אויוון (קאַפּ׳ I, א ; II, א) שוין אָנגעוויזן, באמת אויף אַ נאַטירלעכן וועג פֿון אָרגאַנישער עוואָלוציע אַרויסגעוויקלט אויס די יום־טובֿים, וואָס פֿלעגן פּעריאָדיש געהאַלטן ווערן אין פֿאַרבינדונג מיט אַן אַלגעמיינעם נאַציאָנאַלן קולט און האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט אַ קאָמפּליצירטן פּראָגראַם. בײַ די קאַטוילישע אומות, ווידער, איז דאָס מיטלאַלטערלעכע טעאַטער געווען אַ לײַבלעך קינד פֿון דער קירכלעכער ליטורגיע. דער אַלטפֿרענקישער פּורים־מינהג אונדזערער, אַקעגן, דאַרף פֿאַרשטאַנען ווערן, ווי אַ פּרימיטיווער אויסבראָך פֿונעם נקמה־אינסטינקט בײַם דערמאַנען זיך אָן אַ געוויסן היסטאָרישן פֿאַקט.

(ד) ענדלעך: אין די דיאָניס־יום־טובֿים, אויך אין דער קאַטוילישער קירכלעכער ליטורגיע (און שפּעטער אין די מיסטעריעס), פֿלעגט זיך אין דער אָדער יענער פֿאָרעם באַטייליקן דאָס גאָרע גלייביקע פֿאָלק. דער ייִדישער פּורים־מינהג מיטן פֿאַרברענען אַ המן־פֿיגור איז געווען אַן עסק פֿאַר בחורים און קינדער, דערוואַקסענע האָבן דערצו כמעט קיין שײַכות נישט געהאַט (אַ זייער וויכטיקער חילוק!).

(ה) דער אויספֿיר: ווען נישט די „פּורים־שפּילן״, ווי נאָכטועכטס די דײַטשע „פֿאַסטנאַכט־שפּילן״ וכו׳, וואָלט פֿונעם באַשריבענעם אַלטיִדישן פּורים־מינהג סײַ־ווי צומאָל קיין עיבור פֿון דראַמאַטישער קונסט נישט פֿאַרוועבט געוואָרן: נישט געווען פֿון וואָס!

ב

און נאָך אַ לעק דיסקוסיע.

ייִדישע קולטור־היסטאָריקער האָבן אויפֿן סמך פֿון מיטלאַלטערלעכע מקורים צונויפֿגעקליבן אַ בינטל ידיעות וועגן פֿאַרצײַטיקשע חתונה־מינהגים בײַ ייִדן.

למשל: אין די מיזרח־לענדער פֿלעגט מען חתן־כּלה פֿירן איבער די גאַסן, טראָגנדיק שטורקאַצן פֿון פֿאָרנט. אין באַגדאַד פֿלעגט זיך די פּראָצעסיע מוזן אַ פּאָר מאָל אָפּשטעלן, מחמת עולם פֿלעגט פֿון פֿאַרשידענע זײַטן ברענגען לעבעדיקע שעפּסן און אַוועקלייגן זיי פֿאַרן חתנס פֿיס; דער חתן האָט געמוזט אָנטרעטן אויף יעדן שעפּס, און די אַרומיקע לײַט האָבן דערבײַ אַ געשריי געטון: „קרבן!“ — אין מצרים פֿלעגט די כּלה מיט אַ מיליטעריש היטל אויפֿן קאָפּ און מיט אַ שווערד אין דער האַנט טאַנצן בראָש פֿון דער חתונה־פּראָצעסיע; דער חתן און די פֿרײַנט זײַנע, אין ווײַבערישע מלבושים אָנגעטון, האָבן מיטגעטאַנצט מיט דער כּלה. — אין שפּאַניע פֿלעגט די חתונה־פּראָצעסיע געפֿירט ווערן פֿון אַ גרופּע רײַטער, וואָס האָבן, אויף די פֿערד זיצנדיק, אויסגעפֿירט אַ שפּיל אין שפּיזנוואַרפֿן. — אין פֿראַנקרײַך און דײַטשלאַנד פֿלעגן נאָך איז 13טן יאָרהונדערט דעם חתן צו דער חופּה באַלייטן זײַנע פֿרײַנט, ישיבֿה־בחורים, אויף פֿערד רײַטנדיק און אויספֿירנדיק דערבײַ כּלומרשטע קאַמפֿן מיט שווערדן אָדער שפּיזן. — אין דײַטשלאַנד איז פּאָפּולער געווען דער מינהג פֿון „מײַן־פֿירן“.[1] דער רבֿ מיט די נכבדי־העיר, מיט פּאַקלטרעגער פֿון פֿאָרנט, מיט אַ קאַפּעליע קלעזמער און מיט די קהילה־שמשים צום סוף צוג, האָבן געפֿירט פֿריִער דעם חתן און דערנאָך, אויפֿן זעלביקן אופֿן, די כּלה, אויפֿן שולהויף; דאָרט האָט דער חתן אָנגענומען די כּלה בײַ דער האַנט, און דער עולם האָט דעמאָלט זיי ביידע באַוואָרפֿן מיט ווייצקערנער, זאָגנדיק דערבײַ: „חלבֿ חטים ישׂביעך“. — אין פּויזן פֿלעגט מען אין 15טן יאָרהונדערט נאָך די קידושין אַרויסלאָזן איבער דער חופּה אַ האָן מיט אַ הון.

אויך אין די אויסגערעכנטע חתונה־מינהגים דערבליקט שיפּערס אויג (III, 20 – 24) „טעאַטראַלע עלעמענטן“, — פֿון יענעם מין, פֿון וועלכן בײַ די גריכן אין אַלטערטום צי בײַ די ראָמאַנישע און גערמאַנישע פֿעלקער בעתן מיטלאַלטער (אין 11טן און 12טן יאָרהונדערט) איז „אויף אַ נאַטירלעכן אופֿן“ געוואָרן „שוישפּיל“ (דורך דעם, וואָס די טענצער האָבן אָנגעהויבן צו רעדן). בלויז „די דראַמאַטישע קערנדלעך אין

---

1 זע אויך אין מײַן „צום ייִדישן וואָקאַליזם“, I (וואַרשע 1920), רעגיסטער,

אונדזערע מיטלאַלטערלעכע חתונה־מינהגים" האָבן נישט זוכה געווען צו ווערן די זריעה פֿון דראַמאַטישער קונסט, און ווידעראַמאָל זאָל דער שטער האָבן געשטעקט אין די פּורים־שפּילן, וואָס זענען אויפֿגעקומען „אויף אַן אומנאַטירלעכן, קינסטלעכן אופֿן: מיט דער הילף פֿון פֿרעמדע מוסטערן, וועלכע מע האָט גענומען דערעיקרשט פֿון די דײַטשן".

אויף די דאָזיקע געדאַנקען בעטן זיך, מע זאָל זיי אָפּפֿרעגן.

(א) אָבעראַמאָל: דורכויס פֿאַלטש איז די אַנאַלאָגיע מיט די אַלטגריכן צי מיט די מערבֿ־אייראָפּעיִשע פֿעלקער פֿון דער מיטלאַלטערלעכער עפּאָכע (פֿ"גל אויוון, א). אַן איינצלנער מינהג, אַזעלכער צי אַן אַנדערער (בײַ תּנאים צי חתונה, בײַ געבוירן־ווערן פֿון אַ קינד צי בײַ זײַן דער־גרייכן צײַטיקייט, בײַ געגעזגן־ווערן פֿון אַ חולה צי בײַ אַ לוויה פֿון אַ בר־מינן און דעס גלײַכן), האָט העכסטנס אַ סימבאָלישן באַטײַט, וואָס גייט דערצו נאָך מיט דער צײַט פֿאַרלוירן, אַזוי אַז עס שטעלט זיך ס'רובֿ אָפּ בלויז אַ מעכאַניש פֿאָרמעלע פֿונקציע; סײַ סאָציאַל און סײַ פּסיכאָלאָגיש איז ער באין־אופֿן נישט קיין דערשײַנונג פֿון אַזאַ קאַטעגאָריע, ווי אַ דיאָניס־קולט אָדער די קאַטוילישע ליטורגיע, צוויי אינסטיטוטן, וואָס איטלעכער פֿון זיי איז געווען דער אויסדרוק פֿון אַן אייגן סיסטעם אידייען און גלייבונגען, צונויפֿגעפֿלאָכטן מיט אַ רײַכער סיוזשעטיק און באַוואָפֿנט מיט אַ ריזיקער סוגעסטי'ווער קראַפֿט.

(ב) דער אָדער יענער פּאַרטיקולערער מינהג צי די אָדער יענע ספּעציעלע צערעמאָניע, וואָס ווערן אָפּגעהיט בײַ דעם אָדער יענעם (פֿריידיקן צי טרויעריקן) געשעעניש אין אַ משפּחה, קענען, פֿאַרשטייט זיך, ווי יעטוועדער אַנדער פֿאַקט פֿונעם רעאַלן לעבן, פֿאַרניצט ווערן אין אַ דראַמאַטישן ווערק, דעמאָלט, בעת די טעאַטער־קונסט עקזיסטירט שוין, אַרויסגעהויבן זיך פֿון אַנדערע מקורים, אָבער אַליין פֿאַר זיך פֿעלט זיי דאָס מסוגלשאַפֿט צו ווערן דאָס איי, פֿון וועלכן ס'זאָל זיך מיט דער צײַט אויספּיקן דראַמע. איבעריקנס, זאָל מען ווײַזן כאָטש איין פּרעצע־דענט אַזעלכן אויף דער וועלט, אַז פֿון אַ חתונה־מנהג צי פֿון אַ לוויה־צערעמאָניע אַליין זאָל בײַ אַ פֿאָלק האָבן אַרויסגעציערט די טעאַטער־קונסט.

(ג) אַ מישפּחה־יום־טובֿ גייט סוף־כּל־סוף אָן נאָר די דירעקט פֿאַר־אינטערעסירטע מענטשן מיט זייערע נאָענסטע קרובֿים, אין העכסטן פֿאַל אויך אַ קלענערע צי גרעסערע צאָל באַקאַנטע. דער צערעמאָניאַל איז געוויינטלעך אַ טראַדיציאָנעלער, איינמאָל פֿאַר אַלעמאָל (לכל־הדעות אויף דורות לאַנג) פֿיקסירטער (בלויז מיט לאָקאַלע וואַריאַנטן). אַ טענדענץ צו עוואָלוציאָניזירן, צו דיפֿערענציאַציע, קאָמפּליצירונג און עקספּאַנסיע קען אָבער דרימלען אין די געהעריקע עלעמענטן נאָר פֿון אַזאַ אינסטיטוט,

וואָס איז באַשטימט פאַר אַ ציבור („מעשׂה־ידיו“ אין אַ געוויסער מאָס), פאַרבונדן מיטן גײַסטיקן לעבן, מיטן אופן באַנעמען די וועלט, און האָט די עובֿדא צו באַפרידיקן די העכערע, נישט־מאַטעריעלע באַדערפענישן און אינטערעסן פון אַ גאַנצער עדה, באַאײַנפלוסן זי, געשטאַלטיקן איר לעבנס־באַנעם, מענטאַליטעט, געמיט און מאָראַל.

זאָגט ווער: דער און דער קאָנקרעטער מינהג וואָלט געקענט און געדאַרפט איבערגיין אין דראַמע, מערנישט — פאַרדראָסיקע איבערשלאָגן האָבן דערצו ניט דערלאָזט, — איז ער מחויבֿ גלײַכצײַטיק אָנצוצייכענען די וועגנטוועלע סכעמע פון אַזאַ סאָרט איבערגאַנג, ד״ה אויפקלערן, ווי אַזוי, שטעלט ער זיך פאָר, וואָלט זיך דער פּראָצעס געקענט אָפּשפּילן, און וואָסער אינהאַלט און אויסזע וואָלט געהאַט דער נאָענטסטער רעזולטאַט זײַנער.

ג

דראַמאַטישע עלעמענטן אַזעלכע, וואָס ס׳וואָלט זיך ווירקלעך געקענט לייגן אויפן שׂכל אַן עוואָלוציע זייערע לכל־הפּחות ביז צו דער פאָרעם פון אַ „ליטורגישער דראַמע“ (דורך וואָס ס׳וואָלט אויך געווען געמאָלט אַ שטויס צום אויפקום פון אַ וועלטלעכן טעאַטער), ווען נישט געוויסע שווערע היסטאָרישע אָפּהאַלטן, לאָזן זיך קאָנסטאַטירן אין דער עבֿודה, ד״ה אינעם דאַווענען בציבור.

1. דער דראַמאַטישער עלעמענט, וואָס איז אַם פריסטן אַרײַנגעדרונגען אין דער ייִדישער ליטורגיע, איז געווען די נגינה — דאָס לייענען מיטן טראָפּ (קאַנטילאַציע), די תּפֿילה־מאָטיוון, די פאַרשידענע מעלאָדיעס.

די וואָקאַלישע מוזיק, וואָס האָט דאָמינירט בײַ דער עבֿודה אין בית־המקדש און איז נאָכן חורבן זײַנעם פאַרבאָטן געוואָרן אויף אייביק פון אַבֿילות וועגן, האָט אָבער אין דער דיאַספּאָרע בהדרגה אויפגעלעבט, צוריק אַרײַנדרינגענדיק אינעם דאַווענען בציבור.

„שמע ישׂראל“ פלעגט שוין פון די עלטסטע צײַטן אָן פירגעטראָגן ווערן האַרמאָניש.[1]

דער חזן — אין די ערשטע תּלמודישע צײַטן, באַזונדערס אין די

---

1 Dr. Zunz, Die synagogale Poesie des Mittelalters ([2]Berlin 1919), 114.

קלענערע קהילות, אָפיציעלע פּערזאָן, בעל=דרשן, שופט און לערער, — האָט אין דער עפּאָכע פון די גאונים (589 – 1038) צובאַקומען די פונקציעס פון אַ בעל=קורא (פירצולייענען די פראַגמענטן פון תנך) און אַ בעל=תפילה (פירצוזאָגן און פירצוזינגען די תפילות בײַם דאַווענען אין שול). ער איז אַזויערנאָך געוואָרן דער בעל=מנגן פון דער ליטורגיע.

אין יענער תקופה זענען אינעם ריטואַל אַלץ מער אויפגענומען געוואָרן די פיוטים מכל=המינים, ביסלעכווײַז געווינענדיק די אייבערהאַנט לגבי דעם דידאַקטישן מאַטעריאַל, וואָס איז פריִער געווען דער עיקר=אינהאַלט פונעם דאַווענען בציבור. אַ פיוט פלעגט געווײנטלעך פונעם מחבר זײַנעם גופא באַשטאַט ווערן מיט אַ מעלאָדיע, אָדער דער חזן האָט זי אים צוגעטראַכט פון זיך (ער איז צווײַלן געווען אויטאָר פון טעקסט אויך). דאָס אָרט פון דער נגינה אין שול איז אויף אַזאַ אופן געוואַקסן, הן קוואַנטיטאַטיוו הן אין אָנזע. אין באַגדאַד, למשל, „האָט מען בײַ געוויסע געלעגנהייטן די פּיזמונים געזונגען און שבת אַלץ פון 'נשמת' אָן רעציטירט".[1] אין די כתבֿ=ידן איז בײַ אַ סך תפילות אָנגעמערקט, אַז מע דאַרף זיי פירטראָגן מיט דער מעלאָדיע („בנגון" אין די מאַנוסקריפּטן פון דײַטשע און ראָמאַנישע ייִדן, „לחן" אין די פון אַראַביש=שפּאַנישע, „בנועם" אָדער „לנועם" אין די פון פראָוואַנצאַלישע און ריימישע) פון דעם און דעם פיוט.[2] אינעם נוסח אַוויניאָן (Avignon) און קאַרפּאַנטראַס (Carpentras) איז אַזעלכע מוסטער=ניגונים אויס אַלע אַרטן סינאַגאָגאַלע פּאָעזיע פאַראַן אַן ערך 150.[3]

אינאיינעם מיט דער עקספּאַנסיע פון דער נגינה איז געשטיגן דער קינסטלערישער כוח פונעם חזן, וואָס האָט זיך באַפרײַט פון אַלע איבעריקע אַמטלעכע אַרבעטן און איז געבליבן בלויז חזן קבֿוע — קאַנטאָר (און, אין דער אָדער יענער מאָס, קאָמפּאָזיטער). „ווי דער סופר איז אַמאָל אומבאַמערקטערהייט קאַפּויער=געוואַקסן אַ מאַכט לעבן כוהן, אַזוי שפּעטער דער חזן לעבן תלמיד=חכם; איז דער לעצטער געווען העכער פאַרן נבֿיא, איז דער ערשטער געווען מינדסטנס אַ פּסאַלמיסט: פּיזמון און תהילים זענען אַהער=געגאַנגען גלײַכוואַרטיק לעבנאַנאַנט", שרײַבט צונץ,[4] און ווײַטער: „דער באַטײַט פונעם חזן איז געוואַקסן אין דעם ערך, ווי עס

[1] צונץ, דאָס פריִער דערמאָנטע ווערק, 114.

[2] דאָרט, 115 א״וו. [3] דאָרט, 116.

[4] Dr. Zunz, Die Ritus des synagogalen Gottesdienstes (²Berlin 1919), 6.

האָט זיך געפֿורעמט דאָס עפּנטלעכע תּפֿילה־טון, ווי עס האָט אָפּגענומען דאָס קענטעניש פֿון דער העברעיִשער שפּראַך, אויפֿגעבליט פּאָעזיע און גראַמאַטיק און צוגע־נומען דאָס פֿאַרגעניגענען זיך מיט געזאַנג".[1]

שוין מיט 10 – 11 יאָרהונדערט צוריק האָט קהל פֿאַרלאַנגט, שליח־ציבור זאָל אומבאַדינגט זײַן אַ מענטש מיט אַן אָנגענעמער שטים[2] (אַנדערע חסרונות האָט מען אים דערפֿאַר געגרן מוחל געווען). אַ באַליב־טער חזן האָט דעמאָלט געהאַט די גבֿורה דורכצוזעצן דאָס זײַניקע אַפֿילו קעגן מיינונג, ווילן און צאָרן פֿון די רבנים.[3]

די גענעטישע ביאָגראַפֿיע פֿון דער ייִדישער סינאַגאָגאַלער נגינה איז אויסערגעוויינטלעך רײַך, פֿאַרשידנאַרטיק און פֿילפֿאַרביק.

אינעם טראָפּ פֿון קריאת־התּורה, האַלט מען, זענען אפֿשר נאָך אײַנגעשפּרענקלט רעשטלדיק מאַנכע פֿראַזעס, וואָס דערמאָנען די ניגונים פֿון בית־המקדש.

אין כּלל אַרײַן, קען מען זאָגן, איז די ייִדישע ליטורגישע נגינה פֿון קדמונים אָן געווען אַן אָפּשפּיגלונג פֿון יענע מוזיקאַלישע רושמס, וואָס אונדזערע אָבֿות־אַבֿותינו האָבן באַקומען אין די לענדער פֿון זייער באַזעסן־זײַן אין פֿאַרשידענע עפּאָכעס, מאַכנדיק פֿאַר אייגן האָב־און־גאָב נישט בלויז די געהערטע מעלאָדיעס, נאָר אויך די טאָנאַליטעט, וואָס האָט אין זיי געוועלטיקט, אָדער דעם כאַראַקטער פֿון דער גאַמע, אויף וועלכער זיי זענען געווען געבויט.

אין די ייִדישע דאַוון־ניגונים באַגעגנט מען די טעאָרעטישע און פּראַקטישע עלעמענטן פֿונעם פּערסיש־אַראַבישן מוזיקאַלן סיסטעם (וואָס האָט זיך געלאָזט פֿילן אין אַלע מדינות אויפֿן ריזיקן שטח צווישן פּירינייִשן האַלבאינדזל און אינדיע) און אויך אָפּקלאַנגען פֿון יענע גרײַז־גראָע מקורים, אויף וועלכע עס האָבן זיך געשטיצט די אונגעריש־וואַלאַכישע ציגײַנער־מעלאָדיעס.

דער מוזיקאַלישער גוסט פֿון דער דרויסנדיקער־וועלט איז קיינמאָל נישט אַדורך אָן אָפּהילך אין דער ייִדישער. איז אַ געוויסער טעקסט אַרײַנגענומען געוואָרן אינעם ריטואַל פֿון דאַווענען, און מע האָט אים

1 צונץ, ריטוס, 6.

2 צונץ, די סינאַגאָגאַלע פּאָעזיע, 114.

3 צונץ, ריטוס 3.

באַהאָפטן מיט געזאַנג, איז די מעלאָדיע אין כלל אַרײַן אויסגעבאָרגט געוואָרן בײַ די אַרומיקע קריסטן, וואָס האָבן זי באַנוצט נאָך פריִער אָדער ערשט־נאָר־וואָס בײַ זיך געהאַט אײַנגעפירט.

אינעם צושטײַער פון יעדן דור חזנים צום אוצר פון דער ייִדישער ליטורגישער נגינה קען מען גאָר אָפט אַנטפלעקן סימנים פון ענלעכקייט און אַפילו אידענטישקייט מיט דער עוואָלוציע פון דער מוזיקאַלישער קולטור בײַ אַנדערע פעלקער אין דער אייגענער תקופה.

אַזוי זוכט מען אויף קרובֿעשאַפטן מיט די ניגונים פונעם מ ו ע ד ז י ן און ק אָ ר אַ ן ־ ק ו ר א אין די ליטורגישע מעלאָדיעס נישט בלויז פון די ספרדים, נאָר אויך פון די אַשכּנזים. אין דער וואָקאַלער מוזיק פון דאַוועגען גראָבט מען אויס עלעמענטן, וואָס שטימען מיט דער ג ר ע ־ ג אָ ר י אַ נ ע ר נגינה פון די מאַוריטאַנישע קריסטן ביז אין 13טן יאָר־הונדערט אַרײַן, מיט דער ק אַ ט ו י ל י ש ע ר ליטורגיע אין מערבֿ־אייראָפּע (אין די ערשטע 10 יאָרהונדערטער פון דער דיאַספּאָרע און אויך פיל שפּעטער), מיט די פ ר אָ ט ע ס ט אַ נ ט י ש ע הימענס וכ׳.

אויך מעלאָדיעס פון פרעמדע וו ע ל ט ל ע כ ע לידער פלעגן פאַר־ניצט ווערן אין דער ייִדישער ליטורגישער נגינה.

מע דאַרף נישט פאַרשטיין די זאַך אַזוי, אַז דאָס אָקערשט געשילדערטע מכּל־המינימקייט האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ מעכאַנישן קאָנגלאָמעראַט פון אַלערליי אײַנפלוסן, רעמיניסצענצן, הלוואות און פּלאַגיאַטן. איבער דער ליטורגישער נגינה האָט תּמיד געוואַכט דער איינציקער באַלבאָס אירער, פורעמער און היטער — דער ח ז ן. דאָס נישט פון אים אַליין געשאַפענע, נאָר פון דער פרעמד אַרײַנגעקומענע פלעגט איבערגעאַנדערשט, אַסימילירט, פאַרייִדישט ווערן. איבריקנס, ווי האָט פרץ געזאָגט: „אַ בריוול — ווי מע לייענט עס, אַ נ י ג ו ן — ווי מ ע ז י נ ג ט א י ם״.

אַ טאַלענטירטער שליח־ציבור פלעגט בכלל אַרויסווײַזן איניציאַטיוו און באַשאַפערישקייט. אין אַ מינוט פון עקסטאַז האָט זיך בײַ אים גע־קענט אַרויסרײַסן אַ גרײַלעך געלונגענע מוזיקאַלישע פראַזע, איז זי נישט געגאַנגען לאיבוד: מע האָט זי פאַרגעדענקט, דערנאָך איבערגעחזרט, און פאַמעלעך פלעגט זי ווערן דער קערן פון אַ תּפילה־מאָטיוו.

אַן אייגענע המצאה פון די ייִדישע חזנים: אין אַ טאָג פון טרויער, סליחות, תּענית פלעגן זיך די עמאָציעס בײַם שליח־ציבור באַפרײַען דורך די העשנדיקע טענער פון דער פאַרגרעסערטער סעקונדע אין דער קאַדענץ פון דער מיזרחדיקער כראָמאַטישער גאַמע

(אזעלכע העשונגען פעלן לגמרי אין דער קירכלעכער טראַדיציע, אין וואָסער פאָרעם זי זאָל נישט האַלטן די מעלאָדיע). [1]

אין פיל חזנים פלעגט שטאַרק רעדן דער אַרטיסטישער אינסטינקט, אין אַנדערע — דער קאַבאַטיניזם. מאַנכע זענען באַהערשט געווען פונעם באַדערפעניש און פונעם דאָרשט אויסצולעבן זיך קינסטלעריש אין דער נגינה — איטלעכס דאַווענען זייערס (דערהויפט אין די גרויסע יום־טובים) פלעגט זיין אַ געשעעניש פאַר די מתפללים, מע האָט דערויף געוואַרט מיט אומגעדולד, מע האָט זיך דערצו געגרייט מיט כוונה, מע האָט זיך פון פאָרויס געקוויקט בלויז מיטן געדאַנק וועגן דער שיינער מינוט, וואָס רוקט זיך אָן, און דערנאָך האָט מען געהאַט לאַנג צו אַנאַליזירן און אָפּצושאַצן, אַרומצורעדן און אַמאָל אויך צו דיסקוטירן. ביי אַנדערע שליח־ציבורס, אַקעגן, איז די פראָפעסיאָנעלע אַמביציע איבערגעוואַקסן דעם טאַלענט, און זיי האָבן זיך געפלייסט צו אימיטירן דאָס, וואָס ס'איז אין זיי נישט געווען, קאָפּירן די באַרימטע מוסטערן, בלאָפן מיט געפעלטשטער ווירטואָזיטעט.

אַזוי צי אַזוי, נאָר דאָס בית־תפילה איז זינטן מיטלאַלטער אַלץ מער געוואָרן דער צענטער פונעם וואָקאַל־מוזיקאַלישן לעבן אין געטאָ, ווו אויף סתם־געזאַנג (פאַר זיכס וועגן) איז געלעגן, מע קען זאָגן, אַ חרם.

ס'וואָלט אַ טעות געווען צו מיינען, אַז דער חזן, דער פאַרפלאַנצער און עוואָלוציאָניזירער פון נגינה־קולטור אויף דער יידישער גאַס, האָט געהאַט אַזאַ גרינג לעבן.

פונעם נײַנטן יאָרהונדערט אָנהייבנדיק און מיטן אַכצעטן אויס־לאָזנדיק, האָט כמעט קיינמאָל נישט אויפגעהערט די אָפּאָזיציע פון די „יראים־וחרדים‟ און סתם פרומאַקעס לגבי דער כסדר צונעמענדיקער ראָלע פון דער נגינה ביים דאַווענען בציבור. זיי האָבן געטענעט, אַז דער מתפלל טוט זיך צו פיל אַריין אינעם געזאַנג און פאַרגעסט אָן דעם עיקר — אָן דער תפילה און דעם זין אירן. די הויפט־תרעומות האָט מען, פאַרשטייט זיך, געהאַט אויפן חזן.

אָנגעפאַנגען האָט זיך מיט אַ ווידערשטאַנד דעם פיוט. גאונים פון נײַנטן יאָרהונדערט האָבן פאַרלאַנגט, אַ שליח־ציבור אַ בקי אין דעם דאָזיקן זשאַנער זאָל גאָרנישט צוגעלאָזט ווערן צום אַמט, און, פאַרנעמט ער אים שוין, זאָל מען אים

[1] פ"גל דאָס אַרטיקל אין דער יידישער ענציקלאָפּעדיע אויף רוסיש (פעטערבורג), באַנד XI, ז' 375 א"וו.

אָפּזאָגן.[1] נישט אַלע רעליגיעזע אויטאָריטעטן דעמאָלט האָבן געהאַט איין דעה וועגן דעם ענין, פונדעסטוועגן זענען די חזנים געניייט געווען אַרויסצוווייַזן אַ סך מוט, עקשנות און אויפטועדישקייט, ביז ס'האָט זיך זיי אייַנגעגעבן צו בלייַבן די בעל־ניצחונס.[2] און סעדיה גאון האָט אין זייַן סידור (די ערשטע העלפט פון צענטן יאָרהונדערט) אויטאָריטאַטיוו פיקסירט דעם קאָמפּראָמיס. מיט אַ יאָרהונדערט שפּעטער איז דאָס פּראָבלעם ווידער קאַפּויערגעקומען, אָבער שנעל אויסגעלאָשן געוואָרן, און די געזונגענע פּאָעטישע תּפילות האָבן פאַרגאָסן די שולן אין שפּאַניע און פראַנקרייַך, איטאַליע און דייַטשלאַנד, סלאַווישע לענדער און גריכנלאַנד.[3] — נאָך אין הונדערט יאָר אַרום איז אָבעראַמאָל געמאַכט געוואָרן אַ פּרווו אָפּצורופֿרעגן, אָבער אָן אַ פּעולה[4] (אינטערעסאַנטער היסטאָרישער פּאַראַלעליזם: אין יענע יאָרהונדערטער האָט איין פּאַרטיי אין קריסטנטום נאָך אַלץ שאַרף זיך אַקעגנגעשטעלט דער שוין שטאַרק אייַנגעפעדעמטער און געגוג ווייַט דערפירטער דראַמאַטיזירונג פון דער ליטורגיע).

מע האָט פאַראיבל געהאַט אויף די שליח־ציבורס, פאַרוואָס זיי אַדאָפּטירן אין דער שול־נגינה פרעמדע (קירכלעכע און וועלטלעכע) מעלאָדיעס.[5] — שוין אין 11טן יאָרהונדערט האָט געגאָלטן די דערשייַנונג, ווי ס'איז מרמז אַבֿרהם אבֿן־עזרא אין פירוש צום מזמור „למנצח על אילת השחר", באַטירנדיק, אַז געוויסע פּיוטים פלעגן דעמאָלט געזונגען ווערן „דרך דבֿרי חשק" (ד"ה אויף דער מאַניר פון לוסטלידער; מע דאַרף פאַרשטיין: לידער פון פרייַדיקייט און עראָטיק); זע: שמואל ארקוולטי (אַרקעוואָלטי), ערוגת הבשם (ווענעציע 1602), b109. — ברייטער איז דער מינהג אָנגעגאַנגען אין יהודה הלויס תקופה (אָנהייב פון 12טן יאָרהונדערט), ווי עס עסט זיך אָפּ דאָס האַרץ דער זעלביקער אַרקעוואָלטי, a110: „... מיר האָבן זיך זייער שווער פאַרזינדיקט מיט אַרייַנברענגען אין דער העברעיִשער שפּראַך דעם מישקל פון וועלטלעכע המונישע לידער מיט דעם איינעם ציל צו באַניצן די המונישע ניגונים; אין זייַנע[6] טעג האָבן זיך געוויזן די סימנים פון טומאה, מע האָט אין די סידורים אַרייַנגעשטעלט שירים, וואָס זענען געבויט אויף יענע ניגונים, און דאָס בייז האַלט זיך אין איין פאַרשפּרייטן, אַזוי אַז די מדפּיסים טוען אָפּ מעשׂה־סדום: אויפן פּיוט, וואָס

---

[1] צונץ, ריטוס 7. [2] דאָרט, 8, 11. [3] דאָרט, 11, 12. [4] דאָרט, 12.

[5] צונץ, די סינאַגאָגאַלע פּאָעזיע, 114; די ריטוס, 4. [6] ד"ה יהודה הלויס.

דאַרף זײַן אַ דאַנקליד צו גאָט, האָבן זיי דערמאַנט דעם לחן[1] אין טודה לה טראַמונטאַנײַה[2] און אויף אַן אַנדער פּיוט אויפֿגעשריבן דעם לחן[1] איל באַקירו די מוראַיינאַ און דעסגלײַכן, דערמיט אַרײַנגעבראַכט פּסולע זאַכן אין אַ דבֿר־קדוש. – יצחק אַלפֿסי (קעגן אויסלאָז פֿון עלפֿטן יאָרהונדערט) האָט זיך זייער בייז אַרויסגעזאָגט קעגן דעם אַראַבישן זינגשטייגער. [3] – וועגן אייניקע חזנים פֿון זײַן אייגענעם דור שרײַבט אַרקעוואָלטי, b110: „מיט וואָס וועלן מיר פֿאַרענטפֿערן זיי, וואָס זינגען די הייליקע תּפֿילות מיט ניגונים פֿון וועלטלעכע לידער פֿונעם המון, און פֿונעם געהייליקטן דיבור פֿאַלן אין זייער געדאַנק ניבול־פּה און סעקסועלע זאַכן ?!" („נבול־פּה ודבֿר־ערוה").– חנוך העניך (רבֿ אין שנײַטאַך אין 17טן יאָרהונדערט) זעצט אויס אין זײַן „ראשית בכּורים" (פֿראַנקפֿורט־דמײַן 1708) a29: „...קינות ...בניגוני נכרים יספּיקו, מה שאינו שייך לאותו סדר כּלל"... (ד"ה: „קינות... באַזאָרגן זיי מיט פֿרעמדע ניגונים, וואָס האָבן בכּלל קיין שײַכות נישט צו דעם מין"). – אַהרן־בנימין סאָלניק אין זײַן „משאת בנימין" (קראָקע 1633) איז אין כּעס אויף די חזנים, וואָס זענען מבֿזה די ליטורגיע מיט וועלטלעכע מעלאָדיעס פֿון

---

1 ד"ה די מעלאָדיע.

2 En Toda la Tramontaña.

3 צונץ, סינאַגאָגאַלע פּאָעזיע 114, ריטוס 4.

פֿונדעסטוועגן האָט מיט אַ האַלבן יאָרטויזנט דערנאָך ישׂראל נאַדזשאַראַ (געבוירן שפּעטער ווי 1560) אַרויסגעגעבן אין ירושלים 650 אייגענע לירישע שירים, עקסטרע אָנגעשריבן אויף מעלאָדיעס, וואָס ער האָט אַליין אויסגעקליבן פֿון אַראַבישע, טערקישע, גריכישע, שפּאַנישע און איטאַליענישע לידער (ייִד' ענציקלאָפּעדיע אויף רוסיש, באַנד XI, 375 א"ו).

אין „ספֿר החסידים" (שטאַמט פֿון מיטלאַלטער), § 770 (איך ציטיר לויט באָלאָניע 1538) שטייט: „און ווער עס האָט אַ זיס קול, זאָל זיך היטן נישט צו זינגען פֿרעמדע ניגונים, וואָרן ס'איז אַן עבֿירה, און דאָס זיסע קול זײַנס איז דאָך באַשאַפֿן נאָר צו לויבן דעם בורא, נישט צו טון עבֿירות". – אין § 238 דאָרט גופֿא: „ווער עס האָט אַ קליינעם זון ליגן אין וויגל און וויל, ער זאָל נישט וויינען, זאָל ער אים נישט זינגען קיין גוייִשע לידער און זמרלעך, אויך נישט קיין ייִדישע ניגונים, וואָס זענען באַשטימט בלויז פֿאַרן הקב"ה; אויב עס זענען אָבער פֿאַראַן פֿערזן פֿון גמרא־פּסוקים, און ער זינגט זיי, כּדי צו פֿאַרגעדענקען און נישט פֿאַרגעסן, מעג ער, ווען אַפֿילו דאָס קינד לאַכט און האָט הנאה דערפֿון". – ענלעך אין „שבֿט מוסר" פֿון אליהו בן אבֿרהם־שלמה הכּהן אין איזמיר (קושטנטינא 1712).

טעאַטער געגנאַשטע.[1] — יוסף=יוזפּא האַן אין „יוסף אומץ״ (פראַנקפורט=דמײַן 1723, אָבער אָנגעשריבן פיל=פיל פריִער) 77a וואָרנט, אַז מע טאָר פרײַטאָג=צונאַכטס און שבת=צונאַכטס נישט זינגען „כל מקדש״, „וברבֿות עתים״ וכ׳ מיט די מעלאָדיעס פון פרעמדע געזאַנגען („בניגוני זמרי הנכרים״), און מכל=שכן איז אָסור אַרײַנצופירן אַזוינע ניגונים אין שול אַרײַן, „און זאָל מען זיך נישט חכמענען צו געפינען אַ היתר דערויף אינעם תירוץ, אַז אַלע נישט=ייִדישע מעלאָדיעס זענען געגנבֿעט געוואָרן בײַ אונדז, ווען דאָס בית=המקדש איז נאָך געשטאַנען״... — ענלעך: נתן פײַטל פון ווין אין „דרושים לכל חפציהם״ (קראָקע 1609).[2] — אין די שאלות=ותשובֿות פון ר׳ יואל סירקיש (געלעבט פון 1561 ביז 1640) ווערט דערציילט: אַ חזן, אַ גרויסער חריף אין קאַנטילאַציע, האָט געהאַט אַ מחלוקת מיט די פּני, איז אים פאָרגעוואָרפן געוואָרן, אַז ער איז אַ זויפער, שלעפּט זיך אַרום איבער די שענקען, און אין שול בײַם פירזינגען מיטן טראָפּ באַניצט ער זיך מיט מעלאָדיעס פון נישט=ייִדישע שיכּרות=לידלעך.[3]

אויך דאָס מאָדערניזירן די מוזיק האָט אַרויסגערופן פּראָטעסטן. ר׳ שלמה=אפרים פון לונטשיץ, למשל, איז בייז געווען, וואָס „דער וועלשער ניגון צעקלינגט זיך אין די שולן, פונקט ווי זיי וואָלטן געווען ייִדישע אָפּערנהײַזער; די תּפילות ווערן געזונגען מיט קאַנטילענעס אָדער לויטן שטייגער פון פּאַסטאָראַלן, בערגאַמאָסקעס, מאַדריגאַלן און דעסגלײַכן״.[4]

זייער פּאָפּולער איז געווען די פּרעטענציע, באַשר דער חזן געדענקט מיין אָן דעם, אַז ער איז זינגער, איידער אָן דעם, אַז ער איז דער בעל=תּפילה; די נגינה ליגט אים דערעיקר אין קאָפּ, נישט דאָס געבעט. זינג=טעכנישע צוועקן צוליב פאַרגינט ער זיך פרײַע שינויים אין די טעקסטן, איז מען אומצופרידן געווען נאָך אין 9טן יאָרהונדערט.[5] — פיל שפּעטער האָט מען אים געמוסרט: ער צעציט דאָס געזאַנג איבער

1 ש. ערנסט אין „אַרכיוו פאַר דער געשיכטע פון ייִדישן טעאַטער און דראַמע״, I (ווילנע-ניו-יאָרק 1930).

2 דאָרט גופא.

3 מ. קאָסאָווער אין די „היסטאָרישע שריפטן״ פון ייִוואָ, II (ווילנע 1937).

4 איך ציטיר לויט שיפּער, I (וואַרשע 1923), 152, הגם ס׳איז מיר פאַרדעכטיק, צי דער איבערגאָב איז גענוי.

5 צונץ, די סינאַגאָגאַלע פּאָעזיע, 114.

דער מאָס,[1] רעדט צומאָל די ווערטער נישט קלאָר אַרויס,[2] און מעשׂה־שׂטן דווקא אין די הייליקסטע ערטער פונעם שבתדיקן און יום־טובֿדיקן דאַווענען,[3] – צעפליקט און צעפיצלט איינצלנע אויסדריקן און אַפילו „אותיות“. אַזוי, אַז דער פשט גייט פאַרלוירן, די שטימונג בײַ די מיתפּללים פאַרשווינדט,[3] דער עולם לאַנגווײַליקט זיך און טרײַבט דער־ווײַל דבֿרים־בטלים[3] (איין מחבר עצעט אַפילו די גאָטספאָרכטיקע לײַט תּמיד צו האָבן אין שול אונטער דער האַנט עפעס אַ ספר, למשל דעם „טורים“ פון ר׳ יעקבֿ בן אָשר אָדער אַ משניות, און אַרײַנקוקן דערינען, בשעת דער חזן צעציט, ווי געוויינטלעך, די נגינה![4]). – דעם איין מאָל שוין דערמאַנטן חנוך הענוך פון שנײַטאַך פאַרדריסט: „דעם פּיוט יום־כּיפּור, די מלכיות, זכרונות און שופרות אום ראש־השנה זאָגן די חזנים כאַפּעדיק, מיט אַזאַ אײַלעניש, אַז אַ רײַטער אויף אַ פערד וואָלט זיי נישט געקענט דעריאָגן“; און נאָך אַ זאַך: בײַ מזכּיר־נשמות, אין די קדישים, מישט אויס דער חזן אַלע מעגלעכע מעלאָדיעס אין איין פּאַפּורי משׂמח צו זײַן דעם פאַרזאַמלטן עולם און אָנצומאַכן אַ חוכא־וטלולא אין שול, אַזוי, אַז יעדן, וואָס הערט דאָס, כאַפּט אָן אַ געלעכטער, און דעמאָלט לאַכט אויך מיט דער שליח־ציבור אַליין מיטן פולן מויל.

מע האָט דעם חזן באַשולדיקט אין דעם, אַז מיט די אַלע מיטלען זוכט ער צו געפעלן דעם המון, ווי אַן אַרטיסט רחמנא־ליצלן.[5] דער זעלביקער רבֿ פון שנײַטאַך, למשל, איז מלא־חימה: „...יום־טובֿ, שבת און די טעג פון אַ גאַנץ יאָר איז די חזנימס כוונה רק צו לאָזן הערן

---

1 שלמה־אפרים (אויס לונטשיץ) אין פראַג, „עמודי שש“ (פראַג 1618); יעקבֿ בן אַבֿרהם הלוי האָרוויץ (אין 17טן יאָרהונדערט); שעפּטל בן ישעיהו הלוי האָרוויץ, פּויזענער רבֿ (אין 17טן יאָרהונדערט), אין „ווי־העמודים“, קאַפּיטל 10; אַבֿרהם בן שעפּטל הלוי האָרוויץ אין „יש נוחלין“ (אַמסטערדאַם 1701); ברכיה ברך (אין 17טן יאָרהונדערט, רבֿ אין קלימעטעוו און יאַוואָראָוו). – זע:

Dr. M. Güdemann, Quellenschriften zur Geschichte des Unterrichts und der Erziehung bei den deutschen Juden (Berlin 1891) 85, 116, 118, 120, 141.

2 שלמה־אפרים אויס לונטשיץ, a39.

3 יעקבֿ האָרוויץ (זע אָנמערקונג 1).

4 אַבֿרהם האָרוויץ (זע אָנמערקונג 1).

5 נאָך אין „ספר חסידים“ § 251 ווערט דערציילט, אַז חזנים גייט נאָר אין דעם, צו לאָזן הערן זייער זיס קול, „וירא שמים לא יעשה כן“ (און אַ גאָטספאָרכטיקער זאָל אַזוי נישט טון). זע אויך: „עמודי שש“ a14, b15, a39 (3 מאָל אין איין ווערק!).

די שטים זייערע אויף די באַרגהייכן, ווי יענע פידל, אויף וועלכער מע שפּילט פון אַזוינע לײַט וועגן, וואָס הערן בלויז די ניגונים אַליין, און צו צײַטן האָבן אַזעלכע שליח־ציבורס אין זיך לגמרי נישט דעם גײַסט פון געבעט און תחנונים צום דאַווענען פאַרן עמוד״; „האָט שוין אַמאָל איינער פון זיי אַן אָנגעגעם קול צו זאָגן מיט תחנונים, בײַט ער עס פונדעסטוועגן אויף פאַרשידענע פאַרבן, הייבט עס און שטילט, מאַכט עס נידעריק און הויך, צווינגט זיך אַליין ס׳רובֿ מיט רוגזא צו זאָגן מיט אַ גראָבער שטים און מיט ברומעניש, ווי אַ פאַרצוקטער בער, וואָס ברומט בײַם עקן... און אין מיטן אַ ברכה טוט ער פּלוצעם אַ שיס אויס מיט אַ מוראדיק און ביטער געשריי, אַז די הערער ווערן אַזש פאַרציטערט״... — זע אויך: „סדר תחינות״ (פראַנקפורט־דמײַן 1714).[1]

גאָר אויפגעבראַכטע שטימען האָט מען געקענט הערן קעגן די שליח־ציבורס, וואָס האָבן זייער ליבשאַפט צו מוזיק באַפרידיקט אויך מחוץ די שולווענט, נישט רעכנענדיק זיך מיטן אַלגעמיינעם איסור פונעם תלמוד אויף געזאַנג[2] (נגינה אויסערן דאַווענען איז געווען דערלויבט נאָר ווי אַ יוצא־מן־הכּלל, אין פאַלן לשם־מיצווה, ווי אַ שטייגער אויף אַ חתונה, משׂמח צו זײַן חתן־כּלה[3]). — אין די שאַלות־ותשובֿות פון הרי״ף (ליוואָרנע 1781) שטייט געשריבן: אַ חזן, וואָס זינגט טערקישע לידער, וואָרנט מען, און האָרכט ער נישט, ווײַזט מען אים דעם וועג. — זע אויך: „עמודי שש״ a14.

ווען ס׳איז אויסגעקומען מיט אַ יאָר 30 — 40 צוריק צו הערן חזנים אין דער פּוילישער צי וואָלינער פּראָווינץ, דעם וועט נישט שווער זײַן מרוצה צו ווערן מיטן געדאַנק, אַז צוויי — דרײַ הונדערט יאָר פריִער האָט די קינסטלערישע קולטור פון די דורכשניטלעכע פּראָפעסיאָנעלע שליח־ציבורס אין יענע מקומות אַוודאי און אַוודאי נישט געקענט זײַן גאָר געהויבן: ס׳איז זיכער געווען וואָס ס׳זאָל שטעכן די אויגן, און

---

1 קיין ציטאַטן קען איך נישט ברענגען: דאָס בוך האָב איך אין ווארשע, און אין ווילנע איז נישט צו געפינען קיין עקזעמפּלאַר.

2 אַביסל פּרטים — אין דער ציטירטער אַרבעט פון ש. ערנסט.

3 אין איין מאָל שוין ציטירטן ספר „יוסף אומץ״ לייענען מיר (a77): „יש למחות לנקבות המשוררת אפי׳ זמירות דקול אשה ערוה אפילו כשהיא משוררת לבדה כ״ש כשזכרים משוררי׳ עמהם״..., ד״ה: נקבות דאַרף מען נישט לאָזן זינגען אפילו קיין זמירות, וואָרן דאָס קול פון אַ ווײַבספּאַרשוין איז ערווה, אפילו ווען זי זינגט אַליין, אַ פּשיטא ווען מאַנצבילן זינגען מיט איר...

ניִשט אַלץ אין דער קריטיק פֿון די מחברים אויס יענער צײַט לאָזט זיך אָנװעקמאַכן מיט דער האַנט, — באַזונדערס ניִשט דאָס, װאָס זיי שרײַבן װעגן די פּרימיטיװע און אומגעלומפּערטע העװיות פֿון די זינגער פֿאַרן עמוד[1] (דאָס אָנבלאָזן זיך, דאָס קװעטשן דעם האַלדז מיטן פֿינגער אַרויסצוקריגן העכערע טענער, דאָס דרייען מיטן קאָפּ און װאַרפֿן מיט די אויגן, דאָס צוקלאַפּן מיט די פֿיס צום טאַקט וכו׳). אמת מוז אָבער אויך זײַן, אַז די מערהייט דאַװענער האָט ניִשט אויף אַלץ, װאָס װערט פֿון די סטיגאָטערס אויסגעלאַכט, געקוקט מיט אַן ענלעכן בליק. אָט שמײַסט דער אייגענער שנײַטאַכער רבֿ אין 17טן יאָרהונדערט די חזנים דערפֿאַר, װאָס אין די הייליקסטע פּאַסאַזשן זינגען זיי אויף עפּעס אַ פֿאַרדרייטן און געשטאַמלטן לשון, װי, למשל: „ד א ד א, ל ע ל ע, ר ע ר ע”, און גיט צו צו דעם בײַשפּיל אַ באַמערקונג: „הוי האומרים לר״ע טובֿ”, ד״ה װיי איז צו די, װאָס זאָגן אויף שלעכטס (װאָרטשפּיל צװישן „ראַ” און „רע”) גוט; הייסט עס דאָך, אַז געװען מתפּללים, װאָס האָבן דװקא הנאה געהאַט פֿון אַזאַ „דאַ דאַ, לאַ לאַ, ראַ ראַ”...

די דעפֿיניטיװע קולטור־געשיכטלעכע אָפּשאַצונג פֿון די אונטערשיידלעכע קאַמפּאַניעס קעגן די חזנים און זייער נגינה אין 16טן, 17טן און 18טן יאָרהונדערט דאַרף, דעם אַלגעמיינעם פּאָן פֿון ייִדישן לעבן אין יענער צײַט אין אַכט נעמענדיק, מיין איך, גיין אין דער ריכטונג פֿונעם אויספֿיר, אַז געשאָסן האָט מען אינעם שליח־ציבור, נאָר אויסן געװען איז מען צו טרעפֿן אין עפּעס גרעסערס: פֿאַר אונדז איז בלויז איינער אַ סעקטאָר פֿונעם טויזנטיעריקן קאַמף, װאָס דער קנאַישער פּוריטאַניזם און דאָס פּראַקטישע רעליגיעזישקייט האָבן אײַנגעעקשנט ניִשט אויפֿגעהערט צו פֿירן קעגן דער קונסט בכלל, קעגן דעם דאָזיקן ליכטיקן קינד און צוגלײַך

---

1 עס קלאָגט זיך דערויף דער שנײַטאַכער רבֿ, 29a: דער חזן דאַרף על־פּי־דין שטיין גלײַך, שפּאַרט ער זיך גאָר אָן מיט ביידע הענט אויפֿן עמוד; שטייענדיק, דאַרף ער האַלטן דעם טענער פֿון דער רעכטער האַנט אויף דעם פֿון דער לינקער, אַסוף האַלטער בעתן גאַנצן דאַװענען ביידע הענט אויף די באַקן, אויף דער נאָז און אויפֿן גאָרגל.

אַ געגראַמטער העברעיִשער פּאַמפֿלעט (צי פּאַסקװיל) אויף דער טעמע („שלשה צועקים ואינן נענין”) איז אַפֿילו אַרויס אַנאָנים (צום סוף פֿון 17טן יאָרהונדערט אָדער אין אָנהײב פֿון 18טן), און אַן אַפּאָלאָגיע „ריח ניחוח” פֿון י ו א ל ח ז ן (פֿיורדאַ 1724). זע: י. שאַצקיס אַרטיקל אין נײַיאָרקער ייִװאָ־„פּנקס” 1928, 177 א״װ.

זע אויך: Albert Wolf, Fahrende Leute bei den Juden (Leipzig 1909).

באַרוכפּערער פון געזונטן עולם־הזהדיקייט און שפּעטערישער לעבנס־פרייד. אין דעם געשילדערטן היסטאָרישן ראַנגלעניש זענען די ברייטע פאָלקסמאַסן, דער נאַטירלעכער שטים פונעם געמיט פאָלגנדיק, געשטאַנען אויף דער זײַט פון דער אַטאַקירטער קונסט.

**2.** שוין אין די גאָר אַלטע צײַטן האָט דער חזן באַקומען צו הילף אַ כאָר. די מיטגלידער זײַנע האָבן אין דײַטשלאַנד און פּוילן געהייסן: משוררים. מע פלעגט זיי אויך רופן: צוהאַלטער, בײַזינגער.[1]

אין 13טן יאָרהונדערט איז שוין באַקאַנט געווען דער טיפּ פּראָפעסיאָנעלער משורר; באַזונדערס יום־טוב האָט זיך דער שליח־ציבור געבייטיקט אין זײַן באַשטאַנד.[2]

פראַנקפורט־דמײַן זאָל שוין אין אָנהייב פון 17טן יאָרהונדערט האָבן געהאַט אַ שטענדיקן שולכאָר (וואָלף, 61).

אין 17טן יאָרהונדערט פלעגן איבער דײַטשלאַנד פון קהילה צו קהילה, פון שול צו שול וואַנדערן יונגע חזנים פון פּוילן מיט קאַפּעלעס זינגער, וואָס זענען געווען „ענדער אַ וואָקאַלער אָרקעסטער, איידער אַ כאָר“.[3]

אויב אַמאָל פלעגט דער כאָר אויסגעשטעלט זײַן בלויז אויף איין שטים, איז מיט דער צײַט פאָרגעקומען אַ דיפערענציאַציע: די צאָל שטימען איז מינדסטנס פאַרטאָפּלט געוואָרן.

אינעם „אחשורוש־שפּיל“, וואָס שודט האָט איבערגעדרוקט פון דער אויסגאַבע פראַנקפורט־דמײַן 1708, זאָגט המן:

שרײַבער ברודער, מיר וועלן זינגען
טיסקענטער און פּאַס,
דאָס עס זאָל קלינגען
אַז ווי אין הוילן פאַס.[4]

דיסקאַנט און באַס האָבן יעמאָלט שוין געמוזט רעפּרעזענטירט זײַן אינעם שולכאָר, אויב מע טרעפט זיי אויך אינעם אַנסאַמבל פון פּורים־שפּילער.

אין דער ייִדישער ענציקלאָפּעדיע אויף רוסיש, באַנד XI, 392, ווערט, לויט די מקורים, געשילדערט אַזאַ בילד:

– פון חזנסביידע זײַטן זענען געשטאַנען דער „זינגער“ און דער „באַס“: דער ערשטער אַ ייִנגל מיט אַ ריינעם דיסקאַנט, דער צווייטער

1 אַלבערט וואָלף, 58.

2 צונץ, די סינאַגאָגאַלע פּאָעזיע... 115.

3 די ייִדישע ענציקלאָפּעדיע אויף רוסיש, באַנד XI.

4 זע מײַן אַרטיקל אין דער „טעאַטער־וועלט“ 1909, נ׳ 8—9 (21—22), ז׳ 5.

אַ מאַנצפאַרשוין מיט אַ נידעריקער ברוסטשטים. בלויז פון געהער, גיכער אימפּראָוויזירט, איידער נאָכגעגאַנגען אַ לכתחילה איינגעשטעלטער האַרמאָניע, האָבן זיי אונטערגעזונגען נאָכן חזן, נאָכמאַכנדיק בינען און פייגל, פלײַסנדיק זיך אַרויסצוברענגען די טענער פון אַ פלייט. פאַגאָט און הײַנטצוטאָג שוין פאַרשווונדענעם סערפענט און פרײַלאָזנדיק די אומגעצײַמלטע פאַנטאַזיע אין אומגעבונדענע, הגם דאָך מעלאָדישע פאַסאַזשן. ס'איז אייגנטלעך געווען סינאַגאָגאַלע קאָנצערט-מוזיק. [1] —

געשווירענע אָרטאָדאָקסן האָבן דעם דאָזיקן קאָנצערט-כאַראַקטער פונעם חזן-מיט-משוררים-אָנטייל אין דאַווענען טאַקע נישט פאַרטראָגן, און ס'איז אָנגעגאַנגען אַן אָפּאָזיציע אויך קעגן דעם פילשטימיקן צוזאַמענשטעל פונעם שולכאָר, קעגן די „דיסקאַנטער און באַס".

אין יאָר 1721 איז בײַ די פּויזענער פּרנסים אין קאַמף „מיט דער דעמאָלט אָנגענומענער געציקלטער שול-נגינה מיט באַלייטונג" אַפילו געפאַלן אַזאַ תקנה [2]:

— בהיות ידוע כי רוח הבריות אין נוחה מן המשוררים בב"ס קול[3] וכל שרוח הבריות אין נוחה הימנו בוודאי אין רוח המקום נוחה הימנו אשר על כן עלה במוסכם אסיפת ראשי עם קודש יחד בשלחן הטהור שאסור לשום משורר ב"ס לשורר עם החזן כשיעבור לפני התיבה בבה"כ בין שיהיה הב"ס מקהלתנו בין שיהיה הב"ס אורח[4] יהיה מי שיהיה

---

1 ענלעך, אפנים, איז שוין געדאַכטן „שלשה צועקים ואינן נענין", לויט דעם, ווי אין „ריח ניחוח" (1724) איבערדערצײַלט:

— דער באַס שטעלט זיך אויף דער זײַטן, / ער מאַכט, אַז אין עולם קומען שלעכטע צײַטן, / ער מאַכט אויף זײַן מויל, אַז איינער קענט [=וואָלט געקענט] אַרײַנרײַטן, / מען הערט אים פון ווײַטן: / ער ווערפט אַרויס איין קול, אַז ווי די גוילן, / ער בלאָזט זיך אויף, אַז ווען ער ווער [=וואָלט געווען] געשוואָלן; / זעלט [=וואָלט] ער ניט אָנגעגאָרט זײַן, ווען ער טוט זינגען, / זעלטן [=וואָלטן] אים זײַנע געדערעם און גאַל אַרויסשפּרינגען. / אויף דער לינקע זײַט שטעלט זיך דער זינגער, / ער שטעקט זיך אין האַלדז דען פינגער, / ער שרײַט נאָך און פאָר, / ער אָרט [=דאַוונט] קיין וואָרט דאָס גאַנצע יאָר...

(אויסלייג מאָדערניזירט פון .מיר).

2 J. Perles, Geschichte der Juden in Posen (Breslau 1864) 121 f.

3 ס'איז פּיקאַנט די וואָרטשפּיל („באַס-קול" — „בת-קול") אין אַזאַ צוזאַמענהאַנג.

4 געמיינט: וואַנדער-משורר.

אסור להשמיע קולו לשורר עם שום אורח חזן[1] אף גם שיהא חזן בקול נעים כנבות היזרעאלי וכו׳...[2]

(אַגבֿ, פֿאַרוואָס די גזרה האָט דאָרט געדאַרפֿט טרעפֿן נאָר דעם באַס, און דעם דיסקאַנט נישט, איז אומבאַוווּסט).

דער אידעאַל פֿון אַ משורר איז אין 17טן און 18טן יאָרהונדערט געווען אָנצוקומען אויפֿן פּאָסטן פֿון אַ באַסיסט אין אַן אַשכּנזישער שול אין אַמסטערדאַם: חוץ פּרנסה האָט דאָס אויך געגעבן אַ מבֿוי צו דערשלאָגן זיך צו אַ „חזנות=בריוו״ (דיפּלאָם). איז דאָס אָנגעלאָף פֿון קאַנדידאַטן אין יענער שטאָט מיט דער צײַט געוואָרן אַזוי גרויס, אַז די קהילה האָט אין יאָר 1737 אַרויסגעגעבן אַן איסור: אויף להבא טאָר אַ באַס נישט „צוהאַלטן״ (ד״ה אונטערהעלפֿן) דעם חזן. פֿונדעסטוועגן האָט מען דאָרט אין יאָר 1796 אויסגעהאַלטן אַ שטענדיקן באַס: מאיר קאָרניק.[3]

און בכלל איז זיך שווער פֿאָרצושטעלן זינטן 17טן יאָרהונדערט אַ וואָסערע=נישט=איז גרעסערע שול אָן שטאַביל אַנגאַזשירטע משוררים אָדער לכל=הפּחות בײַזינגער=גאַסטראָלערן (אָרטיקע צו צוגעוואַנדערטע).

**3.** אינסטרומענטאַלע מוזיק, וואָס האָט פֿאַרנומען אַזאַ געוואַלטיק אָנגעזעצן אָרט אין דער עבֿודה פֿון בית=המקדש, איז נאָכן חורבן פֿאַרווערט געוואָרן — פֿון טרויער וועגן.

ס׳האָט מחייבֿ געווען אַ בפֿירושער רבנישער איסור צו באַנוצן מוזיקאַלישע כּלים שבת און יום=טובֿ, מכּל=שכּן אין שול.[4]

פֿונדעסטוועגן דערציילט פּתיחה פֿון רעגנסבורג, אַ רײַזנדער פֿון

---

1 געמיינט: וואַנדער=חזן.

2 אויף ייִדיש: „היות ס׳איז באַוווּסט, אַז לײַט זענען נישט צופֿרידן מיט די משוררים, וואָס האָבן אַ באַסשטים, און אַלץ, מיט וואָס לײַט זענען נישט צופֿרידן, איז אַוודאי נישט ניחא גאָט אויך, איז געקומען אויף אַן אסיפֿה בײַ די ראָשים פֿון הייליקן פֿאָלק בײַם ריינעם טיש צו אַ הסכּם, אַז ס׳איז אָסור אַ וואָסער=נישט=איז משורר אַ באַס צו זינגען מיטן חזן, בשעת ער שטעלט זיך פֿאַרן אָרון אין שול, סײַ ס׳איז אַ באַס פֿון אונדזער קהילה, און סײַ ס׳איז אַ באַס אַן אורח. ווער דאָס זאָל נישט זײַן, איז אים פֿאַרבאָטן צו לאָזן הערן זײַן קול צו זינגען מיט וואָסער=נישט=איז חזן אַן אורח, מעג יענער זײַן אַפֿילו אַ חזן מיט אַ קול, וואָס איז זיס ווי די פֿידל פֿון נבֿות היזרעאלי וכו׳״... —

3 אַלבערט וואָלף, 58.

4 ייִדישע ענציקלאָפּעדיע אויף רוסיש, באַנד XI 394 (פֿאַררופֿט זיך אויפֿן שלחן=ערוך אורח חיים 338 און 339).

12טן יאָרהונדערט, אַז אין באַגדאַד האָט ער געקענט אַ זינגער, וואָס פֿלעגט בײַם דאַווענען בציבור – אמת, נאָר חול־המועד – פֿיר־טראָגן קאַפּיטלען תהילים נאָך מעלאָדיעס מיט מוזיק.[1]

ספֿאַראַדיש איז מוזיק אַרײַנגעדרונגען אויך אין מערבֿ־אייראָפּעישע שולן.

אויפֿן פּראַגער בית־עולם האָט מען געפֿונען אַ מצבֿה מיט אַזאַ אויפֿשריפֿט:

— פֿרײַטאָג, 22 טאָג אין סיון 5428 [= 1668]. דאָ רוט די פֿלאַש־מן, דער מוזיקער אבֿרהם, זון פֿון אַלטן הירש קוביץ; ער איז אויך געווען אַ מיטגליד פֿונעם אָרקעסטער־פֿאַריין, וואָס האָט זיך שטענדיק צו דער צײַט געשטעלט אין שול אַרײַן צו קבלת־שבת. —[2]

אין דער אַלט־נײַער שול אין פּראָג האָט זיך שוין אין 17טן יאָרהונדערט געפֿונען אַן אָרגל[3] (אין יאָר 1716 האָט אַ ייִדישער ספּעציאַליסט אויסגעבויט אַ נײַעם[4]); מע פֿלעגט אָבער אויף אים שפּילן בלויז פֿרײַטאָג־צונאַכטס צו „לכה דודי".

אין דער מײַזל־שול דאָרטן פֿלעגט מען פֿרײַטאָג־צונאַכטס זינגען אַ „שיין ליד" („זמר נאה") פֿון שלמה זינגער מיט אַקאָמפּאַניאַ־מענט פֿון מוזיק („בעוגב ובנבלים"). אויף די אינסטרומענטן האָבן דערבײַ, ווײַזט אויס, געשפּילט אָרטיקע ייִדישע קלעזמער, אָן באַצאָלטס.

לויט שודטן, איז אויך אין אַנדערע ערטער געווען דער אײַנפֿיר בײַ געוויסע געלעגנהייטן צו לאָזן באַלייטן דאָס שול־דאַווענען מיט מוזיק פֿון אַן אָרקעסטער. דעם 15טן מײַ 1716 איז דער גראַף פֿון איזנבורג אין אָפֿנבאַך מיט הויכע געסט, וואָס ער האָט דעמאָלט געהאַט בײַ זיך, געקומען אין שול אַרײַן צו קבלת־שבת, האָבן די ייִדן, באַצײַטנס אינפֿאָרמירט וועגן וויזיט, עקסטרע אַראָפּגעבראַכט אויף דעם אָוונט אַ געניטן חזן פֿון פֿראַנקפֿורט־דמײַן, און ייִדישע קלעזמאָרים האָבן בעת זײַן זינגען מוזיצירט. נאָך אייַנצלנע פֿאַקטן אויסן 18טן יאָרהונדערט: בײַ וואָלפֿן 9 (גענומען אויס פֿאַרשידענע מקורים).

---

1 צונץ, סינאַגאָגאַלע פּאָעזיע, 115.

2 פֿון דער דײַטשער איבערזעצונג בײַ אַלבערט וואָלף 9.

3 שודט, II, 2, 284 א״וו; וואָלף, 8.

4 Zunz, Die gottesdienstlichen Vorträge der Juden ([2]Berlin 1919).

**4.** דער וויכטיקסטער דראַמאַטישער עלעמענט אינעם ייִדישן דאַווענען בציבור איז, נאַטירלעך, געווען די דיאַלאָגיזירונג פֿון די תּפֿילות, פּיזמונים, פּיוטים און אַנדערע באַשטאַנד־טיילן פֿונעם ריטוס.

אין די עלטסטע צײַטן איז דער חזן געווען דער איינציקער דאַוונער — אַ סאָליסט: ציבור האָט געשוויגן און געהערט. ווען דער בעל־תּפֿילה איז געשטאַנען פֿאַרן אָרון, האָט די גאַנצע שול נישט אַראָפּגעלאָזט פֿון אים קיין אויג, ווי פֿון אַן אַלגעמיינעם דעלעגירטן.

פֿאַרן רבים איז אַלץ, וואָס דער חזן האָט פֿירגעטראָגן, געווען בלויז אַ געהאָרכטע זאַך.

אין אָנהייב פֿון 12טן יאָרהונדערט הייסט עס נאָך: „שטיקער פּיוט, וואָס דער שליח־ציבור זאָגט אין דער תּפֿילה". מיט הונדערט יאָר שפּעטער קען מען הערן פֿון אַ חזן אין מיזרח, אַז ער טראָגט פֿיר סליחות און קרובֿה, פּיוט און שירים. פֿון אַ קורצער צײַט שפּעטער איז פֿאַראַן אַ ידיעה, אַז קהל שווײַגט, בשעת עס ווערן געזאָגט זולת וכ׳. נאָך קעגן סוף פֿון 13טן יאָרהונדערט ווערט גערעדט פֿון חזנים, וואָס טראָגן פֿיר פּיוט אין געוויסע ערטער פֿונעם דאַווענען.

דערפֿון נעמט זיך טאַקע דער מינהג, וואָס דיכטער־חזנים פֿלעגן צו זייערע חיבורים („בשוריו ובפיוטיו") צושרײַבן אַ מין הקדמה — „רשות" האָט זי געהייסן, — וועלכע ווערט עד־היום נאָך בײַם דאַווענען רעציטירט פֿונעם בעל־תּפֿילה אַליין, אָן שום באַלייטונג.[1]

די ערשטע שוואַלב פֿון דיאַלאָג אין שול איז אַפּנים געווען דער מינהג, אײַנגעפֿירט בײַ קריאת־התּורה, דער בעל־קורא זאָל זאָגן אַ פּסוק פֿונעם אָריגינאַל, און אַ ספּעציעלער איבערזעצער זאָל תּיכּף נאָכזאָגן דעם קאָרעספּאָנדירנדיקן פּסוק פֿון תּרגום (דאָס איז געשען דעמאָלט, ווען די ייִדן האָבן שוין געהאַט פֿאַרגעסן העברעיִש, גערעדט אַראַמיש).[2] דער מינהג האָט אין מערבֿ־אַזיע געגאָלטן נאָך אין 9טן און 10טן יאָרהונדערט; אין איראַק, מצרים, אַפֿריקע און אַנדאַלוזיע — אין דער עפּאָכע פֿון די גאונים (דאָ — אויך אין „מפֿטיר").[2]

דער איבערגאַנג צו עכטער אַנטיפֿאָניע (דער חזן — איין פּסוק, ציבור נאָך אים — דעם צווייטן אאַז"וו) איז געשען נישט מיט־

---

1 צונץ, די סינאַגאָגאַלע פּאָעזיע, 61.

2 Zunz, Die gottesdienstlichen Vorträge... (Berlin, 1832) 8.

אַמאָל און נישט אומעטום אין איין צײַט. אַרום דעם יאָר 900 זענען הן אין די ספּעציעלע ספרים (ווי „סדר התפילות" וכ') הן אין די מינהגים פון די קהילות שוין געווען גרויסע דיפערענצן וואָס שייך דעם אײַנטיילן די רעציטאַציע צווישן חזן און קהל.[1] ס ע ד י ה ג א ו ן (892 – 942) האָט געהאַט אַסאַך אַרבעט בײַם רעגולירן דעם ענין אין זײַן באַקאַנטן סידור.

אין „מ ח ז ו ר ו י ט ר י" (1100)[2] געפינט מען שוין גאָר ווייניק תפילות אַזעלכע, בײַ וועלכע ציבור זאָל זײַן אינגאַנצן אויסגעשלאָסן און חזן זאָל בלײַבן סאָליסט.

אין סימן 26 דאָרטן (ז' 17), צ״בש, ברענגט דער צונויפשטעלער די מיינונגען פון פאַרשידענע פריערדיקע אויטאָריטעטן וועגן דעם, פונ־וואַנעט און ביזוואַנעט די שולדאַוונער דאַרף אין אַ באַשטימטן פאַל זאָגן מיטן חזן. די חילוקים זענען אַזוי־אַרום ריין קוואַנטיטאַטיווע: אַ פסוק מער, אַ פסוק ווינציקער. ד אָ ס אַ נ ט ײ ל נ ע מ ע ן פ ו נ ע ם ע ו ל ם א י ן ד ע ר ר ע צ י ט אַ צ י ע איז אַליין פאַר זיך פאַר ר' שמחה פון וויטרי ש ו י ן אַ נ אַ ט י ר ל ע כ ע ז אַ ך: אַ ן א ײַ נ ג ע ב י ר ג ע ר ט ק ײ ט.

גענויער צו באַקענען דעם לייענער מיטן גאַנג פונעם נײַנטהאַלבן יאָרהונדערט אַלטן ווערק (און נאָך עלטערן נוסח) וועל איך ברענגען דעם סימן 101 (ז' 78) – וועגן מעריבדיקן דאַווענען:

— החזן אומר בקול רם:[3] „והוא רחום", והציבור שותקים ומטין אזנם למשמעו.[4] „והוא רחום יכפר עון ולא ישחית והרבה להשיב אפו לא יעיר כל חמתו" [זאָגט, הייסט עס, דער חזן] ועונין אחריו מקרא זה[5]: „יי[6] הושיעה, המלך יעננו ביום קראינו, כ' א' רחום יי[6] אלהיך ולא ירפך ולא ישחיתך ולא ישכח את ברית אבותיך אשר

---

1 צ ו נ ץ, די ריטוס... 11.

2 פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דרוק ערשט אין 19טן יאָרהונדערט. איך באַניץ מיך מיטן נײַערן איבערדרוק פון שמעון־הלוי ה ו ר ו ו י ץ (נירנבערג 1923). ס'איז אַ מעכטיק־גראָב בוך, אַן אויספירלעכער ליטורגישער טראַקטאַט, ווו איטלעכער תפילה איז געגעבן איר אָרט אין דער עבודה, מיט היסטאָרישער באַגרינדונג און מיט די געהעריקע פראַקטישע אינסטרוקציעס, – אַ vade mecum פאַר רבנים, חזנים און אויך פאַר די מתפללים.

3 ד״ה: דער חזן ז אָ ג ט מיט אַ הויך קול.

4 ד״ה: און קהל ש ו וײַ ג ט און שטעלט אויף די אויערן צו הערן אים.

5 ד״ה: ע נ ט פ ע ר ט מען אים [דעם חזן] דעם דאָזיקן פסוק.

6 אין אָריגינאַל: י״י.

נשבע להם וענונין, והוא רחים״. וכורע בברכו וזוקף, בשם דפתי׳[1]: „יי[2] זוקף כפופים בברכות״, ואמ׳ בקול רם[3]: „ברכו את יי[2] המבורך!״ וענין[4]: „ברוך יי[2] המבורך לעולם ועד״.

אַ קלאַסישע אַנטיפאָניע — איינע פון דער גאָר גרויסער צאָל אינעם דאַווענען בציבור, באַזונדערס אינעם שבתדיקן און יום־טובֿדיקן.

נאָך אַ ביישפּיל (סוף פון סימן 200 אויף ז׳ 180):

— ואם חל יום טוב בשבוע הבא אין אומ׳ ויהי נועם וסדר קדושה כל עיקר אלא לאחר סיום תפילת לחש אומ׳ שליח ציבור קדיש כו׳: ויתן לך: ואם בא לומ׳ ויהי נועם: לאחר שמונה עשרה אומ׳ קדיש עד דאמירן. ופותח ויהי נועם עד סוף המזמור והציבור כמו כן. אורך ימים אשביעהו ואראהו בישועתי. וכן מנהג שחוזר ושונה שליח ציבור אותו פסוק והציבור אחריו. ואומ׳ ואתה קדוש. וכל סדר קדושה. קדיש כו׳: ומביאין לו יין של כוס ברכה ומבדיל: ברוך אתה י״י אלהינו מ״ה בורא פרי הגפן: ברוך אתה י״י אלהינו מ״ה המבדיל בין קודש לחול בין אור לחושך בין ישראל לעמים בין יום השביעי לששת ימי המעשה ברוך אתה י״י המבדיל בין קודש לחול: וטועם ממנו מלא לוגמיו ומיסב פניו לצד אחר מפני כבוד הרבים: ואומרי׳ כלם: ויתן לך...[5]

כאַפּן מיר אַ קוק אויך אין אַ שפּעטערדיקן מקור:

— מחזור כפי מנהג ק״ק רומא.

דרוק: באָלאָניע. יאָר: ש״א (1541). 2 בענדער גאַנץ־בלאַט.

---

1 ד״ה: און ער [דער חזן] פאַלט אויף דער קני און שטייט צוריק אויף, ווי עס שטייט געשריבן... 2 זע אָנמ׳ 6 אויף ז׳ 122. 3 ד״ה: און זאָגט מיט אַ הויך קול. 4 ד״ה: און זיי ענטפערן [קהל ענטפערט].

5 איבערזעצונג: — און אויב יום־טובֿ געפאַלט אויפדערוואָך, זאָגט מען נישט „ויהי נועם״ און „קדושה״ אינגאַנצן, נאָר נאָכן ענדיקן די שטילע שמונה־עשׂרה זאָגט דער חזן „קדיש״ אאז״וו, „ויתן לך״. און אויב ער זאָגט „ויהי נועם״ נאָך שמונה־עשׂרה, זאָגט ער „קדיש״ ביז „דאמירן״ און „ויהי נועם״ ביזן סוף (און דער עולם אויך אזוי): „אורך ימים אשביעהו ואראהו בישועתי״. ס׳איז אויך פאַראַן אַ מנהג, אַז דער חזן זאָגט איבער נאָכאַמאָל דעם פסוק, און דער עולם נאָך אים, און מע זאָגט „ואתה קדוש״ און גאַנץ „קדושה״, „קדיש״ אאז״וו. און מע ברענגט אים [דעם חזן] אַ כוס וויין, און ער [דער חזן] מאַכט הבֿדלה: „ברוך אתה ה׳ אלוהינו מלך העולם בורא פרי הגפן, ברוך אתה ה׳ אלוהינו מלך העולם המבֿדיל״..., און פאַרזוכט אַ פולן שלוק, און דרייט אויס דאָס פנים אין אַן אַנדער זייט איבערן כּבֿוד פונעם עולם, און אַלע זאָגן: „ויתן לך״...

באַנד I, בויגן 1, בלאַט 2, עמוד ב׳: נאָך דעם, ווי אין שול האָבן זיך שוין אָנגעקליבן אַ 6 צי 7 מאַנצבלען, הייבט מען אָן די זמירות „בנועם" (ד״ה מיט אַ ניגון), מחמת ס׳שטייט געשריבן: „ברוב עם הדרת מלך", און זאָגט (ד״ה יעדער פאַר זיך זאָגט): „לעולם יהא אָדם ירא שמים"... (אאַז״וו). // בויגן 4, בלאַט 2, עמוד ב׳: און ווען אין שול זענען פאַראַן צען מאַנצבלען, יידן, דערוואַקסענע, דרײַצן יאָר און מער אַלט, מענטשן מיט קלאָרן שׂכל נישט קיין אידיאָטן („פקחים ולא שוטים"), „עומד החזן, כשהוא מעטף בטליתו, ויורד לפני האָרון, שבו ספר תורה, ומכוין רגליו, וכופף זרועותיו ומנעים קולו, ומכוין לבו ושפתיו יחדיו, ואומר באימה וביראה ברתת ובזיע ואומר ישתבח, קדיש וברכו, יוצר אור וכל סדר התפלה" (ד״ה שטייט אויף דער חזן, שוין אײַנגעהילט אין טלית, און גייט אַראָפּ צום אָרון, וואָס ס׳געפינט זיך אַ ספר־תורה דערין, און גלײַכט אויס די פיס און שטרעקט אויס די אָרעמס און מאַכט זיס זײַן קול און פאַרבינדט דאָס האַרץ זײַנס מיט די ליפּן זײַנע און זאָגט מיט אימה און מיט פאָרכט, מיט ציטערניש און צאַפּלעניש, דהײַנו זאָגט די תפילות „ישתבח" און „קדיש" און „ברכו" און „יוצר אור" און אַלע איבע־ריקע פונעם דאַווענען)... און ווען מע דאַוונט זאַלבעצענט, דאַרף יעדער איינער פאַר זיך זאָגן שטילערהייט („ללחוש") מיטן חזן „ישתבח" און „יוצר אור", „אַהבת עולם" און „קריאת שמע", „אמת ויציב"...

ווײַטער מיט אַ דף (וועגן קדיש): בעת דער חזן זאָגט דעם ערשטן פאַסאַזש („כריעה"): „יתגדל ויתקדש" א״וו, פּרעפּלט („לוחשין") ציבור: „ועתה יגדל נא כח יי"; ווען דער חזן זאָגט דעם צווייטן פאַסאַזש („בחייכון וביומיכון" א״וו), פּרעפּלט מען: „זכור רחמיך" א״וו; ווען ער זאָגט דעם פערדן פאַסאַזש („יתברך וישתבח" א״וו), פּרעפּלט קהל: „יתברך שמיה דקדשא בריך הוא"... צום סוף קניט דער חזן די גרויסע קניִונג („וכורע החזן כריעה גדולה") און זאָגט בנעימות: „ברכו את יי המבורך"; די מתפללים פּרעפּלען בשעת מעשׂה: „ברכי נפשי את יי וכל קרבי את שם קדשו", און ענטפערן הויך („עונים"): „ברוך יי המבורך לעולם ועד". דערנאָך זאָגט דער חזן, און עולם פּרעפּלט מיט: „ברוך אַתה יי אלהינו"... א״וו (די גאַנצע תפילה).

אַזוי גייט עס אין דעם מחזור כסדר: פאַר יעדער תפילה קומט די אינסטרוקציע, וואָס (און ווי אַזוי) דער חזן האָט צו זאָגן (ד״ה צו רעציטירן אָדער זינגען), און וואָס ציבור דאַרף אים נאָכלוישפּערן[1]

1 דער טערמין איז: „לוחשין"; אָבער אויך:

צי ענטפערן. ביים נאָכלווישפערן קומט אַרויס אַ קוואַזי־אוניסאָן, ביים ענטפערן — אַנטיפאָניע.

די אָנווייַזונגען זענען העכסט פּרעציז; למשל: „בשעת דער חזן איז מסדיר די תפילה און זאָגט שמונה־עשרה אויפן קול, שיקט זיך, גאַנץ קהל זאָל שטיין אויף די פיס און הערן מיט כוונה יעדע ברכה, כדי צו ענטפערן אמן פּינקטלעך... און ציבור טאָר נישט ענטפערן אָמן, איידער די ברכה איז אינגאַנצן אַרויס פונעם חזנס מויל, און דער חזן טאָר נישט אָנהייבן קיין אַנדער ברכה, איידער ס'וועט אָפּקלינגען דער אָמן אויסן מויל פונעם ציבור; ציבור טאָר אויך נישט העכערן די שטים אָדער אַראָפּלאָזן דאָס קול, נאָר דאַרף זיך האַלטן אין טאָן פונעם ברכה־זאָגער" (ד"ה פונעם חזן)... — יעדן מאָנטאָג און דאָנערשטאָג, אויב ס'איז נישט קיין יום־טוב, קיין חול־המועד, קיין ראָש־חודש, נישט חנוכה צי פורים, נישט ערב יום־טוב און נישט אסרו־חג, און אין שול קומט נישט פאָר קיין ברית־מילה אָדער אַ חתונה, זאָגט מען די תחנונים „ואַתּה יי אלהינו"... און אַ מינהג איז פאַראַן, אַז אויך „תכלה ממנו אַפך", און אַלע פאַלן אויפן פּנים, אויך דער חזן פאַלט אויפן פּנים פאַרן אָרון און ליגט אויף דער לינקער זייט, אויפן האַרצן, כדי דאָס האַרץ זייַנס זאָל זייַן נכנע דעם בורא, און יעדער פאַר זיך פּרעפּלט: „רחום וחנון, חטאנו לפניך, רחם עלינו" אאַז"וו; דערנאָך זעצט זיך דער חזן אַוועק פאַרן אָרון, בייגט איַין די פיס און פאַרדעקט זיי מיטן טלית, זאָגט די מזמורים 25 און 130, אַ פראַגמענט פון ירמיהו 14, ווייַטער „זכור ברית", און ציבור זאָגט אים נאָך פּסוק נאָך פּסוק (ריינער אוניסאָן!), דערנאָכדעם זאָגן חזן מיט קהל איינאיינעם „אָבינו הרחמן", און צום סוף שטעלט זיך דער חזן אויף און פאַרענדיקט אַליין: „ואַנחנו לא נדע מה נעשה, כי עליך עינינו" א"וו.

אַזוי איז אין אַלע פּרטים רעגלאַמענטירט קריאַת־התורה סייַ אויף מאָנטאָג און דאָנערשטאָג און סייַ אויף שבת און יום־טוב. דאָ איז דער צערעמאָניאַל מער קאָמפּליצירט: דעם אָרון עפנט און דאָס רייניקייט נעמט אַרויס דער חזן, און קהל שטייט אויף די פיס, ביז דאָס ספר ווערט אַוועקגעלייגט אויפן בעלעמער; שבת הייבט דער חזן אָן מיט „כי שם יי אקרא" אאַז"וו, מאָנטאָג און דאָנערשטאָג מיט „ותגלה מלכותו עלינו מהרה" א"וו; אויב אין שול געפינט זיך אַ כוהן, רופט אים דער

— כשהחזן אומר „מודים", חייבין כל הצבור לשוח עמו ולוחשין ואומרים „מודים כורעים".

ד"ה נאָכזאָגן לווישפערנדיק (פּרעפּלענדיק).

חזן צו: „געגען, כּוהן, שטעל זיך ר׳ פּלוני הכּוהן״, און ציבור ענטפערט דעם חזן: „תּורה יי תּמימה״ א״וו; דער בעל־קורא מאַכט די ברכה: „ברכו את יי המבורך״, קהל ענטפערט: „ברוך יי״ אאַז״וו, דער בעל־קורא מאַכט די וויַטערדיקע ברכה און טרעט צו צום לייענען, דער חזן האָט דערביַי רעכט אונטערצו־העלפן, אָבער מיט אַ קול אַ ביסל נידעריקער פונעם בעל־קוראס, כּדי עולם זאָל קענען פאַרנעמען די ווערטער פון דער קריאה דווקא אויס יענעם מויל, וואָס האָט געמאַכט די ברכה. נאָכן לייענען וויקלט דער בעל־קורא איַין די ספר־תּורה און מאַכט ווידער אַ ברכה, דער חזן זאָגט דערביַי: „יהי רצון״ א״וו.

ביַי ברכּת־כּוהנים זאָגט דער דוכנדיקער כּוהן הויך און זיס („בקול רם ובנעימה״) „יברכך״ א״וו, און דער חזן זאָגט אים נאָך איטלעכס וואָרט, און נאָך יעדן פּסוק ענטפערט ציבור „אָמן״.

**5.** די אונטערשטע שורה: אַ זייער רייַכע ליטורגיע (באַזונדערס שבת און יום־טובֿ), איבערגעפילט מיט געזאַנג (חזן און משוררים) און אויסגעפירט אויף די פאַרשידנאַרטיקסטע אופנים (סאָלאָ פון חזן, עווענטועל באַלייט פונעם כאָר[1]; דאָסאייגענע סאָלאָ, אָבער מיט נאָכלוישפערן פון אַלע מתפּללים; אַנטיפאָניע; דיזעלביקע אַנטיפאָניע מיט צומיש פון נאָכלוישפערן אין אייניקע פּאַסאַזשן; איַינטיילונג פון טעקסט צווישן חזן, כּוהן און ציבור; דאָס נעמלעכע צווישן חזן, בעל־קורא און אויפגערופענעם צו דער עליה אאַז״וו[2]; קאָמפּליצירטע צערעמאָניאַלן (ביַי קריאת־התּורה, ביַי כּוהנים־דוכענען, ביַי שופר־בלאָזן, ביַי הושענות־שלאָגן, ביַי די הקפות מיט לולבֿ און ערבֿה צי

---

1 אויך קהל פלעגט אונטערזינגען. — לעגאַל, ווי שמחת־תּורה: „ועומד חתן־תּורה לקרות וקודם שיברך ברכּת התּורה מזמרים ואומרים זה״, ד״ה: „און ס׳שטייט אויף דער חתן־תּורה צו לייענען, און, איידער ער מאַכט די ברכה אויף דער תּורה, זינגט מען און מע זאָגט דאָס״ (דהיינו: „בת ברורה נאוה ושחורה״ אאַז״וו); זע: מחזור (באָלאָניע 1541) II, בויגן 21, בלאַט 4. — אויך „אומלעגאַל״, ווי ס׳שטראָפט שלמה־אפרים בן אהרן פון לונטשיץ אין „עוללות אפרים״ (זשאָלקעווע 1763), בויגן 11, בלאַט 1, עמוד 1, „די מתפּללים, וואָס האָבן די טבֿע צו זינגען אין שול, און זייער קול ווערט הויך געהערט, און זיי פעדערן זיך אָנצוהייבן יעדן ניגון נאָך פאַרן חזן, כּדי צו וויַזן די שכנים, ווי גוט זיי קענען די ניגונים״.

2 לויט דעם אָקערשט ציטירטן מחזור (בויגן 20, בלאַט 3), ווערט חול־המועד־סוכּות געלייענט „וביום השני פרים״ אאַז״וו דורך 4 פאַרשוין: צו עטלעכע פּסוקים לייענען נאָכאַנאַנד כּוהן, לוי און שלישי; דערנאָך וויַטער: כּוהן, לוי, ישׂראל; דערנאָך ווידעראַמאָל: כּוהן, לוי, ישׂראל, אאַז״וו ביזן סוף.

מיט די ספר־תּורות), — דאָס אַלץ אינאיינעם אַרײַן (אַפילו אָן דער אינסטרומענטאַלער מוזיק, וואָס איז צוגעלאָזט געוואָרן אין די שולן בלויז פון אייניקע דײַטשע שטעט) טראָגט שוין דעם כאַראַקטער פון אַ דיטיראַמביש־פּאַטעטישן (אין אייניקע חלקים) צי טרומייטעריש־טריומפאַלן (אין אַנדערע) מוזיקאַליש־דראַמאַטישן מאַטעריאַל, וואָס מיט גאַנץ פּשוטע מיטלען פון ריין טעכנישער נאַטור וואָלט אים שכיח געווען צו פאַרוואַנדלען אין אַ ל י ט ו ר ג י ש ע ר ד ר אַ מ ע לויטן קאַטוילישן מוסטער, ד״ה ליטעראַריש און קאָנסטרוקטיוו זאָל זי טאַקע זײַן שווער און אומגעלומפּערט, טיילווײַז אַמאָרפיש און טיילווײַז כאַאָטיש, אָבער דאָך ווערן אונדזער „טעאַטער־קונסט אין די וויקעלעך״, אַ באַזיס פאַר ווײַטערדיקער עוואָלוציע און אַן אויסגאַנגספונקט פאַר נײַערע פאָרמען.

דערהויפּט האָבן אַ טעאַטראַליש אויסזען די אויוון שוין דערמאַנטע צערעמאָניאַלן: דאָס כּ ו ה נ י ם ־ ד ו כ ע נ ע ן (מיטן הענט־האַלטן אין אַ מאַלערישער פּאָזע), ק ר י א ת ־ ה ת ו ר ה (מיט דער ליציטאַציע פון מצוות און עליות, מיטן בײַטן זיך פון די אויפגערופענע אויפן בעלעמער וכ׳), די כּלערליי ה ק פ ו ת, דאָס ש ו פ ר ־ ב ל אָ ז ן. שׂמחת־תּורה איז דאָך איטלעכס בית־תּפילה ענלעך געווען צום בילד פון אַ מין ק אַ ר נ אַ ו ו אַ ל, ווי־נישט־ווי מיט שטריכן (ווען אַפילו גאַנץ מינימאַלע) פון מ אַ ס ק אַ ר אַ ד.

אין דער עפּאָכע פון די גאונים איז אין איינער אַ קהילה געווען אַ מינהג צוצוגרייטן ספּעציעלע באַפּוצונגען און שׂימחת־תּורה נאָכן ענדיקן דאָס לייענען באַצירן מיט זיי די ספר־תּורהס; מע פלעגט דעמאָלט אויך מיטברענגען אין שול אַרײַן פאַנען מיט ברענעדיקן שמעקעכטס („מגומראות״) און מאַכן דערבײַ ריקודימלעך, אויך זקנים דערונטער, ווען אַפילו ס׳איז געווען אַ שבת־טאָג. אָנגעפרעגט דערוועגן, האָט ר׳ ה אַ י ג א ו ן, וואָס אַ וואָרהייט, געהאַלטן, אַז לכתחילה וואָלט דאָס אַלץ נישט געווען אַזוי פּשוט אין זײַנע אויגן, אָבער בדיעבד, ווען ס׳איז שוין אַ פאַרוואָרצלטער מינהג אַזעלכער, מוז מען אים, מיט אַלע פּרטים זײַנע, מתּיר זײַן, היות „מינהג מבטל הלכה״, און אַן אײַנפיר פון דער תּורהס כּבוד וועגן איז דוחה שבת אויך.[1]

אין אַן אַנדער קהילה (אין דעראייגענער עפּאָכע) איז געווען אַ מינהג אָנצוטון אום שׂימחת־תּורה אויף דער ספר־תּורה אַן עקסטרע קרוין („עטרה״), וואָס פלעגט צווײַלן געמאַכט ווערן פון ווײַבער־צירונג („בתכשיטי אשה״); דער, וואָס האָט בײַ קריאת־התּורה פאַרענדיקט דאָס לייענען, פלעגט די קרוין די דאָזיקע אַרויפלייגן זיך אויפן קאָפּ (אַ פּנים, ווי אַ באַזונדער מין אויסצייכענונג). אויך וועגן דעם איז געבעטן געוואָרן אַ מיינונג בײַ ה אַ י ג א ו ן, און דהײַנו: (א) צי איז דער גאַנצער עינין מיט דער אייגנטימלעכער עטרה

---

1 י ו ס ף ק ו ל ו ן, „שאלות־ותשובות״ (סודילקאָוו 1834), a5 (שורש ט׳).

אים נישט קשה?, (ב) צי איז גלײַך, וואָס מע מאַכט זי פֿון ווײַבערשן פוץ?, (ג) צי איז אין אָרדענונג, וואָס דער לעצטער קורא טוט זי זיך אָן אויפֿן קאָפּ?, (ד) איז עס נישט אַמאָל אין סתּירה מיט „לא ילבש גבֿר שמלת אשה“? — דער אינטערפּעלירטער גאון האָט דערויף אויך געענטפֿערט: קיין מינהג פּסלט מען נישט. וואָס שייך דעם ווײַבערישן צירונג („תּכשיט אשה“), איז ווי באַלד די זאַך באַקומט אַן אַנדער באַניץ, הערט זי אויף צו זײַן דאָס, וואָס זי איז פֿריִער געווען: ס'איז שוין מער נישט קיין פֿרויענפּוץ, נאָר אַן עטרה פֿאַר דער ספֿר-תּורה. ס'וואָלט פֿונדעסטוועגן אפֿשר גלײַכער געווען, אַ מאַנצביל זאָל זי זיך נישט אָנטון אויפֿן קאָפּ, נאָר ווידעראַמאָל דאָסאײגענע: קוים איז עס אַן אַלטער אײַנפֿיר, און דעם עולם אַרט עס נישט, קען מען עס נישט אסרן.[1]

דער איבערגאַנג פֿון עבֿודה צו ליטורגישער דראַמע וואָלט אַם גרינגסטן דורכגעפֿירט געוואָרן דורך דראַמאַטיזירונג — אייגנטלעך, — אינסצעניזירונג — פֿון די עפּישע באַשטאַנדטײלן אינעם דאַווענען, ד"ה פֿון יענע תּנך-פֿראַגמענטן, וואָס ווערן געלייענט אין שול און האָבן אַ דערציילערישן כאַראַקטער; פֿון די פּיזמונים, פּיוטים וכ' מיט אַ נאַראַטאָרישן תּוכן, ווו ס'ווערן איבערבאַהאַנדלט עפּיזאָדן פֿון חומש און פֿון די נבֿיאים; פֿון די היסטאָרישע סליחות און קינות, וואָס זעען, אינגאַנצן צי טיילווײַז, אויס ווי כראָניקעס. אײַנטיילן דעם טעקסט צווישן אַזוי פֿיל מתפּללים („ראָליסטן“), וויפֿל פּערסאָנאַזשן ס'קומען צום וואָרט אין דער פּרשה צי אינעם שיר, וואָלט זיך באַקומען יענע פּרימיטיווע דראַמאַטיק, וואָס איז אונדז באַקאַנט פֿון די אַלע מינים קאַטוילישע „מיראַקלען“, „אויטאָס“, „הייליקע פֿאָרשטעלונגען“, „מיס-טעריעס“, „גײַסטלעכע שפּילן“.[2]

אָבער דאָס איז נישט געשען, און דער יִדישער דראַמאַטי-שער קונסט האָט דעריבער געפֿעלט די וויג, וואָס די מערבֿ-אייראָפּעיִשע האָט יאָ פֿאַרמאָגט (קאַפּיטל I, ד; II, ב).

---

1 דאָרט גופֿא.

2 אַלע זענען זיי דאָך מער עפּיש, ווי דראַמאַטיש (נישט געקוקט אויף דער פֿאָרעם פֿון אַ סצענישן ווערק) סײַ אין איטאַליע, סײַ אין פֿראַנקרײַך, ענגלאַנד, דײַטשלאַנד: פֿונוואַנעט דער שטאָף איז נישט געשעפּט געוואָרן (פֿון תּנך צי פֿון נײַעם טעסטאַמענט, פֿון אַפּאָקריפֿן צי פֿון די קריסטלעכע לעגענדעס און דעסגלײַכן), פֿלעגט פֿון אים קיינמאָל נישט אויסגעשיילט ווערן נאָר דאָס אַבסאָלוט פֿאַר אַ באַשטימטער דראַמאַ-טישער קאָנצעפּציע און אַקציע נייטיקע, נאָר אַלץ האָט מען פֿאַראַרבעט, ווי עס גייט און שטייט, רוי און אומבאַהאָלפֿן, אין פֿאַרזעענישדיק לאַנגע עלאַבאָראַטן, אין וועלכע ס'איז זעלטן ווען מעגלעך צו באַמערקן דעם געבענטשטן צוריר פֿון אַן אינדיווידועלער שעפֿע-רישער האַנט.

## ד

װען מען זאָל פֿרעגן, פֿאַרװאָס האָבן זיך פֿונדעסטװעגן די גענוג רײַכע און פֿאַרשידנמיניקע דראַמאַטישע עלעמענטן אינעם ייִדישן עפֿנטלעכן דאַװנען, דערהויפּט אינעם שבתדיקן און יום־טובֿדיקן, נישט אומגעשטאַלטיקט און אויסגעגאָסן אין דער פֿאָרעם פֿון אַ ליטורגישער דראַמע, װי דאָס איז געװען דער פֿאַל בײַ דער קאַטױלישער עבֿודה, װאָלט דער ערשטער ענטפֿער אויף דער דאָזיקער שאַלה אפֿשר געקענט זײַן: אין דער היסטאָרישער סבֿיבֿה און פּערספּעקטיװ גענומען, איז בכלל, װײַזט אויס, שוין געװען צו שפּעט פֿאַר אַזאַ פּראָצעס.

די דיאַלאָגיזירונג פֿונעם דאַװנען האָט זיך אין דער שול, לויט אַלע סימנים, אָנגעהויבן שפּעטער, װי אינעם קלויסטער, און איז אויך צוגעגאַנגען פּאַמעלעכער: צום אויסלאָז פֿון דרײַצעטן יאָרהונדערט נאָך נישט אומעטום געװען אַדורכגעפֿירט (זע אויװן, ז׳ 121) – די קאַטױלישע ליטורגיע האָט זיך צו יענער צײַט שוין געהאַט פֿולשטענדיק טראַנספֿאָרמירט אין אַ דראַמע.

װען מע זאָל געװען נעמען טון מיט דער ייִדישער עבֿודה דאָס נעמלעכע, ד״ה פֿונאַנדערבויען זי אין סטיל פֿון אַ רעליגיעזער דראַמע, װאָלט דאָס געקענט געשען נאָר אין דער עפּאָכע, װען דאָס קריסטלעכע מוסטער איז שוין געהאַט לאַנג אַװעקגעגאַנגען פֿון דעם דאָזיקן סטאַדיום צו אַ װײַטערדיקן, און דהײַנו: אַרויסגעטראָגן זיך פֿונעם קירך־בנין אויף אַ בינע אין מיטן מאַרק, פֿאַרװאַנדלט אין אַ טעאַטער פֿון „מיראַקלען“, „מיסטעריעס“, „אויטאָס“, „הײליקע רעפּרעזענטאַציעס“, „גײַסטלעכע שפּילן“ וכ׳.

דאָס בילד אָבער פֿון די אַלע ספּעקטאַקלען אונטערן פֿרײַען הימל, מיט זײער שטאַרק פֿאַרװעלטלעכטן, פֿאַרלײַכטזיניקטן און װולגאַריזירטן אינהאַלט און פֿאַרלויף האָט אַלײן פֿאַר זיך געמוזט װירקן אויף די ייִדישע רעליגיעזע אויטאָריטעטן װי אַ באַרעדעװדיק װאָרעניש נישט צו מאַכן דעם צװײטן שריט, נאָך װעלכן עס איז געמאָלט אַזאַ אײגנטימלעכער דריטער.[1]

## ה

די עיקר־סיבה, פֿאַרװאָס ס׳איז נישט פֿאָרגעקומען די מעגלעכע װײַטער־אַנטװיקלונג פֿון די דראַמאַטישע עלעמענטן אין אונדזער עבֿודה,

---

1 לאַנסאָן װעגן פֿראַנקרײַך: „דער פֿאַרס מיט זײַן טריװיאַלן רעאַליזם און ציניש בלאַזנערײַ האָט פֿאַרפֿלײצט די מיסטעריע, און די קריסטלעכע דראַמע איז דערשטיקט געװאָרן אונטער דער איבערמעסיקער שפֿע פֿון פֿאָלקסצענעס“.

זע איך אָבער פֿאָרט אין עפּעס אַנדערש: ס׳האָט אין מיטלאַלטער געפֿעלט אויף דער ייִדישער גאַס דער אויטאָריטעטער כּוח, וואָס זאָל אַזאַ עוואָלוציע האַלטן פֿאַר ניצלעך און געווונטשן און דעריבער אויך וועלן, זי זאָל געשען, און מוכן זײַן דערצו מיטצוהעלפֿן.

**1.** דער ייִדישער סינאַגאָגאַלער ריטואַל איז אפֿשר דער רײַכסטער אין דער וועלט. אין די גאַר אַלטע צײַטן העכסט באַשיידן — זײַן גאַנצער באַשטאַנד דעמאָלט: „שמע ישׂראל“ (פּראָקלאַמירונג פֿון אחדות־הבורא), די „תּפֿילה“ (ד״ה די שמונה־עשׂרה), די „קדושה“ (גאָט־פֿאַרהערלעכונג), — איז ער אין דער לאַנגער עוואָלוציע ביז צום אויסלאָז פֿון מיטלאַלטער געוואַלטיק פֿאַרפּילפֿאַכיקט, פֿאַרצווײַגט, פֿאַרפֿאַרשידנאַרטיקט, פֿאַרטיפֿט און פֿאַרשענערט געוואָרן, צום סוף „אַליין פֿאַר זיך אויסמאַכנדיק אַ שאַצקאַמער פֿון רעליגיע און געשיכטע, פּאָעזיע און פֿילאָזאָפֿיע.“[1]

וואָס גרעסער ס׳איז תּחילת געווען די פֿרײַהייט פֿון פֿאַרגרעסערונג און פֿונאַנדערוווּקס, איבעראַנדערשונג און וואַריִרונג (לויט לאַנד און שטאָט, אין הסכּם מיט לאָקאַלע פֿאַרהעלטענישן, באַדערפֿענישן צי נויטווענדיקייטן וכ׳), אַלץ פֿילעוודיקער האָט שפּעטער אָנגעהויבן צו ווערן דער פֿאַרלאַנג נאָך אַ שטיקל סדר אין דעם embarras de richesse. אַביסל אָרדענונג וואָלטן געקענט אַרײַנברענגען די תּקנות פֿון דער מישנה, האָט אָבער די גמרא, אויף אַ מיזרחדיקער שאַפֿונג און אַ מערבֿדיקער צעצווײַגט, גורם געווען פֿרישע אונטערשידן.[2] יאָרהונדערטער זענען אָפּגעלאָפֿן, ביז ס׳האָט זיך אויסקריסטאַליזירט דער תּפֿילה־סדר, וואָס מיר באַגעגענען אין תּלמוד, אָבער אויך ער איז נאָך באין־אופֿן נישט געווען אָפּגעשלאָסן אין אַן אומבאַוועגלעכער פֿאָרעם.[3]

די צײַט האָט געטון דאָס איריקע: ס׳זענען אונטערגעקומען אַלץ נײַע דיפֿערענצן וואָס שייך דעם קלאַנגבאַשטאַנד פֿון די טעקסטן און דער רעציטאַציע; תּלמידי־חכמים און חזנים האָבן ווײַטער געהאַלטן אין איין באַפּוצן די יום־טובֿים און תּעניתים מיט אַלץ נײַע תּפֿילות און סליחות, וואָס נישט אומעטום האָט מען זיי אַלצאיינס אויפֿגענומען.[4]

אין דער תּקופֿה פֿון די גאונים זענען געמאַכט געוואָרן פֿיל באַמיִונגען אײַנצופֿאַסן ענדלעך דעם ריטואַל אין אַ פֿעסטער רעם, זענען אָבער די מנהיגים די יעמאָלטיקע אַליין געווען מחולק צווישן זיך אין אַ סך פּרטים, חוץ דעם האָבן זיי געהאַלטן פֿאַר נייטיק צו

---

1 צונץ, די סינאַגאָגאַלע פּאָעזיע... 7, 8.

2 צונץ, די ריטוס... 1. 3 דאָרט, 2. 4 דאָרט, 2, 3.

לעגאַליזירן כלערליי אָרטיקע, טראַדיציאָנעל פאַרוואָרצלטע מינהגים.[1] די קהילות ווידער פאַר זיך זענען פון קדמונים אָן געוויינט געווען דעם איינגעבירגערטן פאַקטישן געברויך צו שטעלן העכער אַפילו פון אַן הלכישן איסור.[2]

פאַר דעם זיבעטן יאָרהונדערט האָט דער ליטורגישער ריטואַל פאַרמאָגט בלויז העברעיִשע און אַראַמישע צוגאָבן, אין פראָזע לויטן אלף־בית פאַרפאַסטע; אַרום דעם יאָר 700 מסתמא באַווייַזן זיך אין אים די עלטסטע פּאָעטישע ווערקלעך, אָן גראַמען נאָך. פון פּאַלעסטינע און סיריע וואַנדערן איבער אין די אַראַבישע און גריכישע לענדער אַרייַן פיוט און פיזמון און זענען גורם (ווייַל נישט אין אַלע מקומות אַקצעפּטירט מען זיי אין איין־און־דער זעלביקער מאָס) אַ נייַ שאַרף פונאַנדערגיין זיך צווישן די פּאַרטיקולערע ריטוסן.[3]

דיפערענצן פּרוכפּערן זיך און מערן ביז אין עלפטן יאָרהונדערט אַרייַן. עס צייכענען זיך אָן צוויי הויפּטגרופּעס ריטוסן: דער אַראַבישער (אָדער נוסח ספרד) און דער פּאַלעסטינער (אָדער נוסח אשכנז).[4]

שוין סעדיה גאון (892 – 942) האָט געפונען פאַר נייטיק אָפּצושטעלן די לאַווינע אָפּווייַכונגען און אויפטוען דורך אַ סיסטעמאַטיזאַציע, וואָס זאָל ווערן אַ גדר, – דערפון וואַקסט זייַן סדר־התפילות[5] (גערופן אויך: „סידור ר׳ סעדיה״). סידורים זענען, וואָס אַ וואָרהייט, געווען באַקאַנט שוין פריִער; צום בייַשפּיל: דער „סדר ר׳ כהן צדק״ (פון יאָר 843), דער „סדר ר׳ עמרם״ (צווישן 846 – 864), אָבער דעם כאַאָס האָבן זיי נישט באַוויזן צו פאַרקלענערן.

מע האָט אויך גענומען צונויפשטעלן מחזורים; באַרימט איז דער „מחזור וויטרי״, חיבור פון איינעם שמחה אויס וויטרי אין יאָר 1100.[6] – ס׳איז גולד געוואָרן אַ נייַע צווייַג ריטועלע ליטעראַטור: „מנהגים״[7] (זאַמלונגען פון תקנות מכוח דער אָרדענונג אין דעם צוזאַמענשטעל פונעם דאַווענען לויט די טעג פון דער וואָך און לויט די יום־טובים);[8] און אַ צווייטע: פירושים (צוערשט אַגדישע און מאָראַלישע, דערנאָך פילאָזאָפישע און מיסטישע, אויך גראַמאַטישע) צו די

1 דאָרט, 3, 4. 2 דאָרט, 12. 3, דאָרט, 5. 4 דאָרט 5 און 6. 5 דאָרט, 11.
6 דאָרט, 19 און 20. 7 דאָרט, 21 און 22.
8 אין רעשטלעך זענען באַקאַנט „מנהגים״ פון „אליעזר בן נתן״ אין מײַנץ (1150) און „מנהגות״ פון אשר בן משולם אין לונעל (1170).

תּפֿילות און פּיוטים פֿון אַלע מינים.[1] – אין דער צײַט צווישן 1180 און 1320 (נאָך די תּוספֿות און דעם רמבם) איז אויסערגעווייִנטלעך פֿיל געאַרבעט געוואָרן בײַ אײַנפֿירן אַ סדר אין דער ליטורגיע און פֿאַרויסזען אַלע בײַ איר מעגלעכע פֿאַלן וכ׳; די אין יענע 140 יאָר פֿאַרפֿאַסטע ווערק זענען פֿאַרבליבן דער יסוד פֿאַר אַלע שפּעטערדיקע יאָרהונדערטער,[2] באַזונדערס אין די פֿראַנצייזישע, דײַטשע און איטאַלענישע קהילות.

צונץ רעזומירט וועגן סוף פֿון דעם געדאַכטן פּעריאָד: „הלכה און מינהג, פּאָעזיע און אַגדה, מיסטיק און פֿילאָזאָפֿיע האָבן ביז אַהער געטון בײַם אויסגעשטאַלטן דעם ריטוס: די נוסחאות פֿון איינצלנע ערטער און לענדער זענען געוואָרן פֿון דיכטער באַרײַכערט, פֿון חזנים אויסקולטיווירט, דורך ספֿרים פֿון אויטאָריטעטן געשטיצט, אין סידור און מחזור פֿאַרפֿילפֿאַכיקט און פֿאַרפֿעסטיקט“;[3] מע האָט זיך אין נײַע שינויים און המצאות מער נישט געניייטיקט, „חוצטהאַלבן זענען די צײַטן אין שפּאַניע, פֿראַנקרײַך און דײַטשלאַנד געווען נישט זייער גינסטיק פֿאַר גײַסטיקן אַקטיווקייט“,[4] דערהויפּט אין דער לעצטדערמאַנטער מדינה, ווו די רדיפֿות פֿון יאָר 1349 האָבן אויף לאַנג אוממיגלעך געמאַכט וואָסער=נישט=איז אינטעלעקטועלע אַרבעט.[5]

וועמען=זשע אויף דער יִדישער גאַס אין פֿראַנקרײַך, דײַטשלאַנד צי ערגעץ=אַנדערשוווּ וואָלט אין 13טן צי 14טן יאָרהונדערט געקענט גאָר אײַנפֿאַלן אַקעגנצושטעלן זיך דעם מעכטיקן, אַ גוט האַלב יאָרטויזנט אָן אויפֿהער אָנהאַלטנדיקן און כּסדר זיך פֿאַרברייטערנדיקן, פֿאַרטיפֿנדיקן און פֿאַרשטאַרקנדיקן דראַנג צו אָרגאַניזאַציע און קאָדיפֿיצירונג, קאָאָרדינירונג און סטאַביליזאַציע פֿון די ריט׳סן? פֿון וואָסער ספֿערע וואָלט זיך דאָס געקענט אַרויסרײַסן דער רעפֿאָרמאַטער (דער רעוואָלוציאָנער!), וואָס זאָל פֿאַרמאָגן אין זיך דעם קוראַזש און די קראַפֿט איבערצושטרײַכן די אָקערשט סומאַריש כאַראַקטעריזירטע אַרבעט פֿון פֿינף=זעקס הונדערט יאָר חז״ל – אין נאָמען פֿון אַזאַ פֿאַר דער גאַנצער יִדישער וועלט דענצמאָלט (איבערהויפּט אין אייראָפּע) קרײַטישער קאָנצעפּציע, ווי איבערקאָנסטרויִרונג פֿון דער עבֿודה אין פֿאָרמען פֿון אַ ליטורגישער דראַמע לויטן מוסטער פֿון דער קאַטוילישער קירך?

---

1 ריטוס, 22 א״ו. — צו די עלטסטע מפֿרשים אַזעלכע געהערן: יהודה דרשן (ערשטע העלפֿט פֿון 11טן י״ה), מנחם בר חלבו (אין 11טן יאָרהונדערט), יוסף קאַראַ (זײַן תּלמיד), רש״י (1040—1105) און אַנדערע.

2 ריטוס, 27. 3 דאָרט, 28 א״ו. 4 דאָרט, 32. 5 דאָרט, 35.

2. וואָלט אַ רבֿ דק״ק... — אַן אָנגעזעענער משמעות (נאָר אַזעלכער וואָלט דאָך קומען אין באַטראַכט), — אַן אַבֿ־בית־דין און ראָש־ישיבֿה, דער שומר פֿונעם „כּדת וכדין״, דער אינטערפּרעטאַטער פֿון געזעץ און מינהג (אין שאלות־ותשובֿות), דער „פּאַסטעך פֿון די שאָף ישׂראל״, האָבן פֿעיִק געווען צו איניציִירן אַזאַ אידייע אָדער ווערן אירער אַן אָנהענגער, הגם יעדער איינער פֿון דעם דאָזיקן קלאַס מוז דאָך פֿון קינדוויַיז אויף און תּמיד האַלטן אין זינען דעם תּלמודישן איסור אויף טעאַטער און טעאַטער־קונסט?

טעאַטער איז אין ארץ־ישׂראל געווען אַן אימפּאָרטירט אַרטיקל, געקומען אינאיינעם מיטן רוימישן אונטעריאָכער און אונטערדריקער, פּרוכט פֿון אַ פֿרעמדער — היידנישער — קולטור. די חכמי־התּלמוד האָבן צו דער דאָזיקער פֿאָרעם פֿון פֿאַרוויַילונג און קורצוויַיל געהאַט אַן עקסט נעגאַטיווע באַציִונג, זעענדיק אין איר אַן אויסדרוק פֿון עבֿודה־זרה. חוץ דעם האָט זיי אָפּגעשטויסן דאָס פּריצות, וואָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש פֿאַרן רוימישן טעאַטער, דערהויפּט אין דער עפּאָכע פֿון די קייסריִים.[1] אין אַזאַ מין פֿאַרהאַלטן זיך האָט געהערשט אַן אידעאַלע סאָלידאַריטעט צווישן די ייִדישע רעליגיעזע אויטאָריטעטן און די קריסטלעכע פֿונעם ערשטן יאָרטויזנט אין דער מאָדערנער צייַטרעכענונג (זע אויוון, ז׳ 91).

בײַ די ייִדן איז נאָך צוגעקומען אַ דריטער מאָטיוו: אַבֿלות נאָכן חורבן־ירושלים, — דער נאַציאָנאַלער טרויער, וואָס האָט פֿאַרווערט אַלע אויסדריקן פֿון פֿרייד בכלל (מוזיק, געזאַנג וכ׳).

די שטעלונג איז געבליבן די זעלביקע אויך אין מיטלאַלטער.[2] יונתן בן עוזיאל (געשטאָרבן 1028) האָט אין זייַן „תּרגום על התּורה״ אאַז״וו געשריבן: „פֿאַרשאָלטן זאָלט איר זייַן, בעת איר גייט אין הייַזער פֿון טעאַטער און צירק און זענט דערמיט מבֿטל די לער פֿון דער תּורה״. די קללה שטאַמט אויס דער צייַט, ווען די קאַטוילישע ליטורגיע האָט זיך שוין אָנגעהויבן צו דראַמאַטיזירן, און דער קלויסטער־פֿאַרוואַנדלען אין טעאַטער.

דאָס איז אויך געבליבן דער אָרטאָדאָקסישער שטאַנדפּונקט ביז אויף הײַנטיקן טאָג.[3]

1 זע די רעגעסטן 1—12 בײַ ש. ערנסט.

2 די רעגעסטן 13—24 דאָרט גופֿא.

3 זע אויך די רעגעסטן 25—36 דאָרט גופֿא.

3. דער שליח־ציבור איז אַמאָל געווען אַ הויך־פֿאָרנעמע פּערזאָן אין דער קהילה — מיט אַ טויזנט יאָר צוריק לכל־הפּחות, און שײַנע עטלעכע הונדערט יאָר שפּעטער אויך.

— דאָס געזאַנג פֿון די פּסאַלמען־זינגער איז אַנטשטומט געוואָרן אינאיינעם מיט זייער פּאָעזיע, כּדי מיט איר צוזאַמען ווידעראַמאָל קלינגעוודיק צו ווערן, — שרײַבט צונץ[1] וועגן ייִדישן אַלטערטום: — מיטן פּײַטן און פּיזמון איז אויפֿגעשטאַנען תּחית־המתים אויך דאָס געזאַנג, און דער חזן איז געוואָרן דער זינגער.

מאַנכע מחברים פֿון פּיוטים האָבן געטראָגן דעם צונאָמען חזן אָדער ש״ץ:[2] דיכטער און פֿירטראָגער אין איין פּערזאָן.

צווישן די באַקאַנטע פֿאַרפֿאַסערס פֿון סליחות — אַרום 250 אירע — האָבן די גרעסטע מערהייט אויסגעמאַכט חזנים.

דער חזן מאיר בן יצחק אין וואָרמס איז געווען דער אויטאָר פֿון אַ ספֿר „מנהגים“ (זע אויוון, ז׳ 131), און צו זײַנע אָנווײַזונגען האָט זיך אַפֿילו אַ רשי צוגעפּאַסט.[3]

נאָך מיטן לויף פֿון יאָרהונדערטער איז דאָס דאַווענען פֿאַרן עמוד אין פֿראַנקרײַך און דײַטשלאַנד פֿאַררעכנט געוואָרן צו די פּרעראָגאַטיוון פֿונעם קהילה־רבֿ[4] (אויך אין אַזיע האָבן די מגידים און ראָש־ישיבֿהס צווײַלן גענומען אויף זיך די חזנישע פֿונקציעס).[5]

דעם הויפּט־רבֿ — באַזונדערס אין די גרעסערע קהילות — פֿלעגט אָבער נישט קלעקן קיין צײַט אויף אַלץ (אָדער דאָס קול האָט נישט געטויגט, צי דאָס געזונט איז געווען שוואַך), האָט ער דעם חובֿ פֿון אַ שליח־ציבור געווײַנטלעך געטראָגן אויף זיך נאָר פֿאָרמעל; בלויז יום־טובֿ (ספּעציעל אין די אַזויגערופֿענע ימים־נוראים) האָט דער עמוד אים געזען פֿאַר זיך[6] (אַמאָל דאָס גאַנצע דאַווענען, אַמאָל נאָר אַ טייל פֿון דער עבֿודה). ממילא האָט די קהל־שטוב געמוזט צוניצן אַ פּראָפֿעסיאָנעלן חזן אויך. אָבער זײַן אָנזע איז שוין געווען נישט דער, וואָס אַמאָל.

1 די סינאַגאָגאַלע פּאָעזיע... 101. 2 דאָרט, 333.

3 דאָרט, 331 און 333.

4 צונץ, די ריטוס... 21.

5 די סינאַגאָגאַלע פּאָעזיע... 333.

6 עס האָט געהערשט דער מינהג, דער רבֿ זאָל די פֿונקציעס פֿון אַ שליח־ציבור איבערענטפֿערן צו חשובֿע מיטגלידער פֿון דער קהילה.

שלמה־אפֿרים פֿון לונטשיץ איז אויסער זיך, וואָס אין פֿיל מקומות פֿאַר־טרויט מען אין אַזאַ פֿאַל די הײליקע מיסיע נישט די גאָטספֿאָרכטיקע לײַט, נאָר סתּם גבֿירים און זייערע קרובֿים, ווען זיי זענען תּקיפֿים און רײַסן זיך צום כּבֿוד („איך האָב אויך געזען אין

אַ שלמה־אפֿרים פֿון לונטשיץ האָט אַפֿילו פֿאַרלאַנגט, ראָש־השנה און יום־כּיפּור זאָל מען דעם חזן נישט צולאָזן צום עמוד, און פֿירדאַװנער זאָל דעמאָלט זײַן אײנער פֿון די זקנים לומדים „מיט אַ צעבראָכן און דערשלאָגן האַרץ“! („עמודי שש“ a39).

דער שליח־ציבור האָט שוין נישט געהערט צו די פּני פֿון דער קהילה. טאָנגעבער זענען געװען: דער רבֿ, דאָס בית־דין, די פּרנסים, די „ראָשי־העם“ און „טובֿי־העיר“ („פּאַטריציער“), אויך סתּם מיוחסים צי נגידים מיט תּקיפֿות, – דער חזן האָט אַמאָל געקענט קומען צום װאָרט ערשט אין עק פֿון דער דאָזיקער שורה.

דער חזנים־שטאַנד איז אויסגעװאַקסן. אַ זיס קול געװענדט זיך נישט אין יחוס – ס'זענען צוגעקומען צום פֿאַך פֿאָלקסמענטשן (װאָס װײַטער, אַלץ מײַן אויסגעמאַכט די מערהייט). נישט תּמיד איז לומדות געגאַנגען האַנט אין האַנט מיט דער שײנער שטים. ר' חנוך העניך, אין „ראשית בכּורים“ (פֿראַנקפֿורט־דמײַן 1708) a29, װאַרפֿט פֿאָר די חזנים אין „די דאָזיקע מדינות“ (געמײנט: דײַטשלאַנד, פּײעם, פּוילן), אַז זײ זענען נישט קײן „בעל־תּורהס“, פֿאַרשטײען צומאָל נישט דעם סדר־ התּפֿילה.

אין „שלשה צועקים ואינן נענין“ (זע אריװן, ז' 116) זענען די חזנים אין כּלל אַרײַן כאַראַקטעריזירט װי מגושמדיקע עולם־הזהניקעס, פֿרעסערס און זויפֿערס. דער מחבר פֿון דער דערװידערונג „ריח ניחוח“ (פֿירט 1724) װענדט אָפּ די פּרעטענציעס אויף אַ גאַנץ אָריגינעלן אופֿן: ער לײקנט נישט – טײַטשט בלויז אויס: אויב מע װיל גוט אַרבעטן מיט דער קעל, דאַרף מען זײַן געזונט און האָבן כּוח, און דאָס פֿאָדערט געהעריק צו עסן און צו טרינקען; אַ מעלה איז, װאָס דער חזן איז תּמיד אויפֿגערוימט, װאָרן אַ מרה־שחורהניק טויג נישט צום זינגען, אאַז"װ. ס'קלינגט גאַנץ הומאָריסטיש, אָבער מיט אַזאַ פֿאָלקסטימלעכער מענטאַליטעט האָט מען אין אַן אַמאָליקער קהילה נישט געקענט זײַן קײן בר־סמכא אין תּוך־זאַכן פֿון רעליגיעזן קולט.

איבעריקנס, אין די בעסטע צײַטן זײַנע, אין דער עפּאָכע פֿון זײַן גלאַנץ, װען ס'איז נישט געװען פֿון די זעלטענע זאַכן, דער חזן זאָל קומען צום עמוד אין שול גלײַך פֿון דער פּאָעזיע[1] – למדן און צוגלײַך

---

מײַן יוגנט – שרײַבט ער, – װי אַ סך נישטניציקע לײַט [„ריקים ופוחזים“] האָבן זיך לכתּחילה געלערנט די ניגונים, כּדי צו פֿאָדערן פֿאַר זיך און אויפֿס כּוח פֿאַרכאַפּן דאָס דאַװענען פֿאַרן עמוד“).

אין מאַנכע ערטער האָבן זיך אַפֿילו אַרײַנגעמישט די נישט־ייִדישע שׂררות, געטײלט די פֿונקציעס פֿון דאַװענען פֿאַרן עמוד און שופֿר־בלאָזן צװישן די באַלבאַטים, לויט אײגענעם אײַנזע. זע: „עמודי שש“ (פּראָג 1618) ba39.

1 „אָפֿט זאָגט דער פּײַטן אין זײַן ר ש ו ת אָדער אין זײַן ס ל י ח ה, אַז די

קינסטלער אויף צוויי פֿעלדער, — איז אים אָנגעגאַנגען דערעיקרשט זײַן
נגינה, און פֿאַר איר האָט ער זיך אײַנגעשטעלט, קעגן גאונים און תּלמידי=
חכמים, און איר האָט ער אויסגעקעמפֿט אַ פּרעכטיקן ניצחון, ברענגענדיק
דערצו, דאָס שבתדיקע — און נאָך מער דאָס יום=טובֿדיקע — דאַווענען
בציבור, אונטער זײַן אָנפֿירונג (און ווער שמועסט נאָך — מיט אָנטייל
פֿון כאָר אויך) זאָל זיך דערנענטערן צום שניט פֿון אַ רעליגיעז=
וואָקאַלישן קאָנצערט.

אַרײַנצופֿירן עכטע דראַמאַטיק אין דער עבֿודה אַרײַן וואָלט אפֿשר
געקענט געלעגן זײַן אַ וואָסער=נישט=איז קלענערן חזן, וואָס האָט זיך
זײַטיק אָפּגעגעבן אויך מיט בדחנות, געווען אַ לץ אויף מישפּחה=שׂימחות
(חתונות, בריתן וכ׳). אָבער אַזאַ איינער איז שוין אַזוי נישט הויך
געשטאַנען אויפֿן סאָציאַלן און געזעלשאַפֿטלעכן לייטער פֿון דער קהילה,
אַז נישט ער וואָלט זיך דערוועגט צו קומען מיט אַזאַ המצאה (סײַדן אין
הלצה), און נישט מע וואָלט אים גענומען ערנצט, ווען ער זאָל אַפֿילו
פּרווון כאַפּן אַ שמועס דערוועגן.

**4. אַ יוסטן מיטגליד פֿון דער קהילה** זאָל האָבן
אײַנגעפֿאַלן אַרויסצוטרעטן מיטן קריטישן פֿאָרלייג איבערצובויען דאָס
עפֿנטלעכע דאַווענען אויף אַ ליטורגישער דראַמע, באַשר אין דער קאַטוי=
לישער קירך האָט מען דאָס שוין לאַנג געטון?

אַ ייִדאַן עכטער למדן האָט אין 13טן צי 14טן יאָרהונדערט, פּונקט
ווי אין די שפּעטערדיקע, געזען די עובֿדא פֿונעם לעבן אין „לערנען".
וואָס דאָס הייסט, דאַרף מען, מיין איך, קיינעם נישט מסביר זײַן. דער
תּלמוד מיטן גאַנצן פּילגאָרנדיקן אַרומבוי — דערנאָך נאָך די פֿאַרצווײַגטע
רבנישע ליטעראַטור — האָבן פֿאַר אים פֿאַרשטעלט אַלע האָריזאָנטן, געווען
די גאָרע וועלט זײַנע.

אַ שוואַכערער לערנער האָט געקוקט אין מויל אַרײַן דעם מרא=
דאתרא, דעם בעל=דרשער, דעם ווײַללערנער, דעם וצדקתך.

בײַ אַן אויפֿגעקומענעם עושר, אַ קנאַפּן ידען, איז דער אידעאַל
געווען אײַנצוקויפֿן זיך אין לומדישן יחוס, רײַבן זיך אַרום רבנים, הימל=
מענטשן און אַנדערע „שטרײַמלעך", מינדסטנס אין אויסווייניקסטן אומ=
גאַנג צו מאַכן דעם אײַנדרוק פֿון איינעם, וואָס געהערט אויך אָן צו דער
גײַסטיקער עליטע, ווי מע וואָלט עס הײַנט גערופֿן.

האָט זיך איינער אַ וואָרהאַפֿטיק אינטעלעקטועלער און נישט פֿאַר=

---

קהילה האָט אים געבעטן אָדער האָט פֿון אים געפֿאָדערט, ער זאָל זײַן איר אָרגאַן" (צונץ,
די סינאַגאָגאַלע פּאָעזיע, 333).

שלאָפֿענער אַרויסגעריסן, פֿאַרזוכט דעם טעם פֿון אַלגעמיינער בילדונג, געהאַט אַן אינטערעס אויך צו דראַמאַטישער קונסט, האָט ער העכסטנס געקענט זיך מתּיר זײַן צו גיין אין אַ נישט־ייִדיש טעאַטער[1] (און דערמיט אַליין שוין ציִען אויף זיך קרומע בליקן און אומפֿרײַנטלעך אונטער־מומלען), אָדער (ווי אַ גאָר גרויס יוצא־מן־הכּלל) טון דאָס, וואָס ס׳איז אונדז באַקאַנט פֿון פֿאַראיינצלטע צוויי פֿאַלן, נאָטירט פֿאַר איטאַליע: איינער פֿאַר דער ערשטער העלפֿט פֿון 16טן יאָרהונדערט, דער צווייטער פֿאַרן 17טן.

(a) רעדנדיק וועגן די לאַטײַנישע פֿאָרשטעלונגען אין פֿאַרשידענע שטעט פֿונעם אַפּענינער האַלבאינדזעל (1480—1540) — זע אויוון, קאַפּיטל III, ב, 1 (ז׳ 66 א״ו), — מאַכט ראָלאַן 49 אַזאַ באַמערקונג:

— . . . אַן אינטערעסאַנטער און נישט גענוג באַלויכטענער פֿאַקט איז דאָס אויפֿמערקזאַמקייט, וואָס די ייִדן אין איניקע פּראָווינצן האָבן אַרויסגעוויזן צו דער רעסטאַוראַציע פֿונעם אַלטקלאַסישן טעאַטער. איין פּרט: אין מאַנטוע, וווּ ס׳האָט געלעבט אַ גרויסע ייִדישע קאָלאָניע, האָבן ייִדן אין 16טן יאָרהונדערט נישט איין מאָל געגעבן לאַטײַנישע ספּעקטאַקלען. עס פֿלעגן קומען צו זיי דער הערצאָג און דער הויף; בערנאַרדאָ טאַסאָ, טאָרקוואַטאָס פֿאָטער,[2] האָט אָנגעפֿירט מיט מאַנכע פֿון די דאָזיקע פֿאָרשטעלונגען. —

דאָס איז, ווײַזט אויס, געווען דער ייִדישער אָנטייל אין דער איטאַלענישער רענעסאַנס־באַוועגונג, און גראַד אויפֿן אַנטיקלעריקאַלישסטן סעקטאָר.[3]

(b) אין 17טן יאָרהונדערט איז אין ווענעציע געעפֿנט געוואָרן אַ באַשטענדיק טעאַטער פֿון ייִדן פֿאַר ייִדן. אויף דעם דאָזיקן, אין די דעמאָלטיקע פֿאַרהעלטענישן פֿון דרינגעדיקן געטאָ־לעבן אי גאַנץ ראַדיקאַלן אי שטאַרק ריזיקאַלישן אויפֿטו האָט זיך געמעכטיקט איינער אַ „רבֿ“ (ווי ער ווערט אָנגערופֿן אינעם דאָקומענט, פֿון וועלכן כ׳שעפּ די ידיעה) בשותּפֿות מיטן שווער זײַנעם, אַן אָרטיקן גבֿיר, און דאָס זאָל עס מסתּמא זײַן די סיבה, פֿאַרוואָס עזריה פֿיגו, אַ דאָרטיק שטיקל כּלי־קודש, פֿון דער סענסאַציע „קראַנק געוואָרן פֿאַר עגמת־נפֿש“, ווי ער שרײַבט אַליין („החלותי מיגון“), האָט דאָך רעאַגירט מער אין דער פֿרעמד (אין אַ בריוו צום ווראָנער

---

1 זע אין די דערמאָנטע רעגעסטן די נומערן 2, 3, 7, 10, 11, 13, 14, 16 א״וו.

2 טאָרקוואַטאָ טאַסאָ האָט געלעבט 1544—1595.

3 נאָך אין יאָר 1567 האָט מען זיך באַמיט בײַם מאַנטוער הויף וועגן אַ דערלויבעניש צו עפֿענען אַ טעאַטער עקסטרע פֿאַר ייִדן, אָבער באַקומען אַן אָפּזאָג. מיט 20 יאָר שפּעטער האָט מען זיך אַ צווייט מאָל משתּדל געווען, אָבער, ווי ס׳זעט אויס, אויך אָן אַ פּעולה. זע: שיפּער I 46, 48.

רבֿ, שמואל אבוהב), ווי בײַ זיך אין דער היים, און אויך די קהילה האָט נישט געהאַלטן פֿאַר מעגלעך צו איגנאָרירן און מאַכן אַ דרוק אויף די שולדיקע אינעם "שווערן פֿאַרברעך", ווי דער געקרענקטער ווענעציאַנער קאָרעספּאָנדענט קוואַליפֿיצירט דאָס גרינדן אַ ייִדישע בינע. איך האָב דעם עפּיזאָד שוין באַשריבן בפֿרוטרוט אין דער "טעאַטער־וועלט", נומער 9 פֿון יאָר 1908 (זז׳ 4—7) און שיק אָפּ צום דאָרטיקן אַרטיקל מײַנעם יענעם לייענער, וואָס וואָלט לאָער זײַן נאָך מער דעטײַלן. — דאָ וויל איך בלויז מוסיף זײַן, אַז ס׳איז אַ סבֿרה, דער גרינדער פֿונעם דערמאָנטן טעאַטער זאָל האָבן געווען זײַן דער באַרימטער יהודה־אריה (לעאָן) דע־מאָדענאַ (געבוירן 1571 אין ווענעציע, געשטאָרבן דאָרטן גופֿא 1648), אַ מענטש מיט 26 פּראָפֿעסיעס, ווי ער דערציילט אַליין אין די מעמואַרן זײַנע, רבֿ, דיין, בעל־דרשער, לערער, חזן, שדכן, סרסר, בעל־מגיה, שרײַבער (פֿון בריוו, קאָנטראַקטן, עפּיטאַפֿיעס וכ׳), מחבר (פֿון העברעיִשע רעליגיעז־פֿילאָזאָפֿישע און טעאָלאָגיש־פּאָלעמישע ווערק,[1] פֿון איטאַליעניש פּאַסטאָראַלן און סאָנעטן), מעלאָמאַן (דירעקטער און קאַפּעלמײַסטער פֿון אַ מוזיקשול מיט צוויי עפֿנטלעכע קאָנצערטן אַ וואָך און אַליין אַ זינגער) און טעאַטראַל (בינע־רעזשיסער), טענצער און כּל־ימיו אומאויסהײלעוודיקער קאָרטנשפּילער.

**5.** קורץ פֿון דער זאַך: אַ פֿאַקט איז, אַז קיינער פֿון די, וואָס האָבן ביז דאַטע געאַרבעט איבער דער געשיכטע פֿון דער ייִדישער קולטור, האָט זיך אינעם גאַנצן ים מאַטעריאַל נאָך נישט אָנגעשטויסן אויף אַן עוקץ וווּנק, ס׳זאָל עמעצער ביז צום סוף פֿון מיטלאַלטער צי אין די דערנאָכדיקע יאָרהונדערטער האָבן געטון אַ פּיפּס כאָטש וועגן איבערמאַכן די שול־עבֿודה אויף אַ "ליטורגישער דראַמע".

**6.** נאָך איין קאַרדינאַלער אומשטאַנד טאָר נישט פֿאַרהיפּערט ווערן בײַם באַהאַנדלען די טעמע: דאָס איז דער פּרינציפּיעלער חילוק, וואָס האָט אין ערשטן יאָרטויזנט פֿון דער נײַער צײַטרעכענונג עקזיסטירט צווישן די אָביעקטיווע פֿאַרהעלטענישן אין דער ייִדישער וועלט און אין דער קריסטלעכער.

אויב די אויטאָריטעטן פֿון דער קריסטלעכער קירך זענען אײַנגעגאַנגען אויפֿן קאָמפּראָמיס, וואָס איז באַשריבן אויבן, אויף די זז׳ 47 א״וו (קאַפּ׳ I, ד, 2), 90 א״וו (קאַפּ׳ IV, ב), ד״ה, אין תּוך אַרײַן, קאַפּיטולירט פֿאַרן פֿרײַען וועלטלעכקייט, זענען זיי דערצו געצוווּנגען געוואָרן דורך אַ דרוק פֿון אונטן: ס׳איז דעמאָלט געווען דער איינציקער מבֿוי מיט גוטן צו געווינען אַ גרעסערע השפּעה אויף די

1 דם־שונא פֿון תּלמודישן און רבנישן ייִדנטום (און פֿון דער קבלה), ראַציאָנאַליסט און פּיאָנער פֿון דער אידייע וועגן מאָדערניזירן די דינים און מינהגים פֿון דער ייִדישער רעליגיע.

האַלב־היידנישע פֿאָלקסמאַסן, וואָס האָבן זיך באין־אופֿן נישט געלאָזט אײנגאַנצן אָפּרײַסן פֿונעם פֿריִערדיקן לעבנסשטייגער.

אַ פֿיל שטאַרקערע פּאָזיציע האָבן אין דער זעלביקער עפּאָכע פֿאַרנומען די ייִדישע רעליגיעזע מנהיגים, באַזונדערס אין מערבֿ־אייראָפּע. די פֿאָלקסמאַסע, מיט וועלכער זיי האָבן אָנגעפֿירט, איז, להיפּך צו דער קריסטלעכער, נישט באַשטאַנען פֿון המונים פֿאַרשידנראַסיקע, פֿאַרשידנשטאַמיקע און פֿאַרשידנקולטוריקע נעאָפֿיטן. ס'איז געווען אַן אַלטע היסטאָרישע אומה מיט אַ גרויסן קולטורעלן עבֿר, מיט פֿאַרוואָרצלטן מאָנאָטעיִזם שוין אויף אונדזער קאָנטינענט געקומענע, מיט אַ דראָטאַרבעטיק רעגלאַמענטירטן קולט.

מע דאַרף נישט איבערטרײַבן דאָס שטרענגקייט, מיט וועלכן פֿאָלקסמענטשן זאָלן אין יענע צײַטן האָבן אויסגעפֿירט די אַלערהאַנט פֿאָרשריפֿטן פֿון דער פּראַקטישער רעליגיע – וואָס הייסער מאָראַליסטן און פּרעדיקער האָבן דערצו גערופֿן, אַלץ זיכערער איז דער געדראַנג, אַז אין לעבן האָט געמוזט אין אַ שפּאָרער מאָס געוועלטיקן דאָס ווידערשפּיליקע. אָבער געוויסע עיקרדיקע זאַכן, ווי, אַ שטייגער, שבת און יום־טובֿ (מצות, סוכּה, לולבֿ און אתרוג וכ'), כּשרות, ריינקייט פֿון פֿאַמיליען־לעבן און דעסגלײַכן, זענען בלתּי ספק געהאַלטן געוואָרן אין דער מדרגה, צו וועלכער „מענטשן פֿון אַ גאַנץ יאָר" זענען בכלל פּעיִק.

אויף דער ייִדישער גאַס זענען גאָר נישט געמאָלט געווען אַזעלכע סצענעס, ווי אויוון, אויף ז' 48, געשילדערט: שבת צי יום־טובֿ זאָלן לעבן דער שול זיך צונויפֿקומען חמרים מענטשן, אויפֿשטעלן געצעלטן אונטערן פֿרײַען הימל און זיך משׂמח זײַן מיט סעודות, טענץ און געזאַנגען; [1] היימישע פֿאַרשטעלטע, לוסטיקמאַכער און קאַטאָוועס־טרײַבער, ווי אויך מוזיקאַנטן און וואַנדער־לצים זאָלן דערבײַ ווײַזן זייערע שטיק פֿאַר אַ פּאָר גראָשן [2] צי אַרײַנדרייען זיך אין שול אַרײַן, איבערגעטון

---

1 בײַ די קריסטן האָט דער קלויסטער נישט אַלעמאָל געקענט אַרײַננעמען אַלע „גלייביקע"; בײַ די ייִדן פֿלעגט מען דאַווענען נישט בלויז אין די שולן, נאָר אויך אין די לערנהײַזער („בתּי־מדרשים") און אין פּריוואַט־מיניינים, וואָס מע האָט געקענט אָרגאַניזירן אַזוי פֿיל, וויפֿיל ס'איז נייטיק געווען, יעדער דערוואַקסענער מיטגליד פֿון דער קהילה זאָל זיך געפֿינען אַן אָרט.

2 אין די ענגע געטאָס מיט די שמאָלע געסלעך איז עס אויך טעכניש נישט מעגלעך געווען.

פֿאַר כּלי־קודש, אינעווייניק שטיפֿן אויסגעלאַסענע מעשׂים בעת דער עבֿודה.[1]

די יידישע פֿאָלקסמאַסע האָט זיך קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט פֿון לעבנספֿרייד און לײַכטגעמיטיקייט – פֿון געזאַנג, מוזיק און שפּיל, פֿון קורצווײַל און געלעכטער, פֿון וויץ און סאַטירע. די גײַסטלעכע און די לומדים, פֿון זייער זײַט, האָבן געטון כּל התפּעלות צו לעשן די נאַטיר־לעכע אויסדריקן פֿונעם געזונטן פּסיכישן לעבן. אין דעם פּרט האָט זיך יאָרהונדערטער נאָך יאָרהונדערטער געצויגן אַ האַרטנעקיקער קאַמף צווישן דער קלעריקאַלער פּראָפּאַגאַנדע פֿון וועלטפֿרעמדן אַסקעטיזם און דעם מקורדיקן וועלטלעכן פֿאָלקסטימלעכקייט. אָבער נישט געווען אין דער לאַנגער קייט פֿון דורות אַזאַ סיטואַציע, וואָס זאָל גייטן די כּלי־קודש און קנאים צו מער נאָכגיביקייט, ווי יענע, אויף וועלכער די שול וואָלט געקענט אײַנגיין אָן שאָדן פֿאַרן אָנזען אירן. די אָרגאַניזאַציע פֿון דער יידישער קהילה איז דערצו נאָך תּמיד געווען אַזעלכע, אַז דער „רובֿ מינין און רובֿ בנין" (ד"ה יענע מינדערהייט, וואָס האָט געצאָלט דעם גרעסטן סכום און פֿאַרמאָגט די גרעסטע צאָל אומרירין פֿאַרמעגן) האָט כּסדר געקענט האַלטן די פּאַקטישע מערהייט אויפֿן צײַמל.

מיט אַנדערע ווערטער: די כּלי־קודש אינאיינעם מיט דער דעה־זאָגנדיקער גרופּע פֿון דער קהילה האָבן זיך – וואָס שייך די פֿאַרהעלטע־נישן צווישן עבֿודה און פֿאַרווײַלונג – נישט געפֿונען אונטער אַזאַ דרוק פֿון אונטן, ווי דער קריסטלעכער קלער אין די ערשטע צוועלף יאָרהונדערט פֿון זײַן עקזיסטענץ, און אַז ס'איז נישט געווען קיין פּרעסיע פֿון אונטן, האָט אויך געפֿעלט דער מוז, דער אויוון־אָן זאָל איבער זײַן דאַנק זוכן פּשרות מיט אַ דערשײַנונג, צו וועלכער ער האָט פֿאַרנומען אַ פּרינציפּיעל נעגאַ־טיווע שטעלונג.

ו

ווען מע קוקט זיך צו צום וועג, וואָס האָט געפֿירט פֿון דער קאַטוילישער עבֿודה דורך „ליטורגישער דראַמע" צו „מיראַקל", „מיסטעריע" וכו', וואַרפֿט זיך אין די אויגן, אַז צום ערשטן עטאַפּ (איבערגאַנג פֿון

---

1 דאָס אייגציקע „קלות־ראָש", וואָס יידן האָבן זיך געקענט פֿאַרגינען אין שול, איז געווען: שמועסן בשעתן דאַווענען, רעדן „דבֿרים־בטלים", דערציילן נײַע מער, צי קריגן זיך פֿאַר מיצוות און עליות וכו', קעגן וואָס אַלץ עס הערן נישט אויף צו וואָרענען אַלע באַקאַנטע העברעישע און יידישע מוסר־ספֿרים.

ליטורגיע און דראַמע) האָבן אַ שייַכות דרייַ פון די פיר מאָמענטן, וואָס זענען אָנשקיצירט אויבן, אויף ז׳ 49 (קאַפּ׳ I, ד, 3), און דהיינו: די מאָמענטן א׳, ב׳ און ג׳.

לאָמיר זיי איבערחזרן.

מאָמענט א׳: די טעקסטן אויס דער הייליקער ליטע־ראַטור זענען איבערגעאַרבעט געוואָרן אין פערזן מיט אַלערליי צוגאָבן.

אין דער ייִדישער עבֿודה איז דאָס אויך פאַראַן: די אַלע מיני פיוטים און שירים, אויך געוויסע קינות (געגראַמטע פּאַראַפראַזעס פון מגילת „איכה״).

מאָמענט ג׳: מע האָט צוגעלאָזט וועלטלעכע אַקטאָרן.

אויף וויפל יעדער ייִד האָט מיטן רבֿ הסכּם געמעגט זיך שטעלן דאַוונען פאַרן עמוד ווי אַ שליח־ציבור, אָדער שופר־בלאָזן; אויף וויפל, ווייַטער, ער האָט זיך געקענט באַטייליקן אין קריאת־התורה, קויפנדיק מיצוות צי עליות; אויף וויפל, ענדלעך, ער האָט געהאַט רשות צו גיין מיט די הקפות אאַז״וו; אויף וויפל, ווען מיר נאָך צוואַרפן, איטלעכער כּוהן איז ראוי געווען צו דוכענען וכו׳, קען מען זאָגן, אַז די דראַמאַטישע עלעמענטן פון דער עבֿודה אין שול פלעגן אין אַ גאָר גרויסן פאַרנעם אויסגעפירט ווערן דורך „וועלטלעכע אַקטאָרן״.

מאָמענט ב׳: עס זענען אייַנגעגלידערט געוואָרן געזאַנגען אויף דער פאָלקסשפּראַך; דער דאָזיקער עלעמענט האָט זיך אַלץ פאַרגרעסערט קוואַנטיטאַטיוו, און ביסלעכווייַז זענען די לאַטייַנישע טעקסטן אינגאַנצן אַרויסגעשטופּט געוואָרן (נאַציאָנאַלי־זאַציע פון דער „ליטורגישער דראַמע״).

דאָ דערגייען מיר צו אַ גרייַלעך וויכטיקן פונקט: ייִדישע געזאַנגען זענען אין דער שול־עבֿודה קיינמאָל נישט אַרייַנגעפירט געוואָרן; די לעבעדיקע, די גערעדטע שפּראַך פון די פאָלקסמאַסן (אין דייַטשלאַנד, צפון־איטאַליע, פּיים, מערן און פוילן) האָט נישט אַרויסגעשטויסן פון דאַוונען די העברעיִשע, וואָס איז שוין אין ארץ־ישׂראל, בשעתן בית־שני, נישט געווען דאָס אומגאַנגס־לשון פון די ברייטע מאַסן.

דאָס איז אפשר געווען איינע פון די וואָגיקסטע סיבות, פאַרוואָס די דראַמאַטיזאַציע פונעם עפנטלעכן דאַוונען איז בייַ די ייִדן אין די גערמאַנישע און סלאַווישע מדינות (און נאָר זיי גייען אונדז אָן אין דעם פאַל) געבליבן שטיין בייַ אַנטיפאָניע (מיט אירע וואַריאַנטן און קאָמפּלי־

צירונגען), נישט צע־לידערט זיך (כאָטש אין באַשטימטע פֿראַגמענטן) אויף דיאַלאָגן צווישן ראָליסטן, וואָס זאָלן האָבן אַ געוויסע פֿרייַהייט פֿון אימפּראָוויזאַציע אויך און, קודם כּל, דאָס רעכט פֿון כאַראַקטעריזירן זיך (קאָסטיום און גרים).

נאָך לאַנג פֿאַרן מאָדערנעם ייִדישיזם איז אין דער ייִדישער געזעלשאַפֿט אָנגעגאַנגען אַ קאַמף פֿאַר ייִדיש אויך אינעם רעליגיעזן לעבן: [1] ס'איז געווען אַ דרוק פֿון די רעאַלע פֿאַרהעלטעניש. אין יאָר 1544 באַווייַזט זיך אין איכנהויזן דער ייִדישער סידור (איבערזעץ אָנעם העברעיִשן אָריגינאַל) פֿון יוסף בר יקר, וואָס זאָגט אין דער הקדמה אָפֿנקאַנטיק: „... האַלט איך פֿאַר אייטל טאָרן די אין לשון־הקודש וואָלן אָרן און פֿאַרשטיין דערינען קיין וואָרט"...[2]

לומדים האָבן געפּרוּווט צו איבערצייַגן: „... דאָס מויל רעדט, די לעפֿצן פּרעפּלען, און דאָס האַרץ ווייס נישט דערפֿון... דערום זאָל איין איטלעכער זייַנע תּפֿילה ווויל פֿאַרשטיין און ער זאָל אויך וויסן, וואָס ער זאָגט..., און ווער דאָס לשון־קודש נישט פֿאַרשטייט, זאָל ער זייַן תּפֿילה טון און אַזוי איינעם לשון, דאָס ער ווויל פֿאַרשטייט"... (יצחק בן אליקום אין „לבֿ טובֿ", פּראָג 1620); „... איז פֿיל בעסער, ווער קיין לשון־הקודש פֿאַרשטייט און טוט זייַן תּפֿילה אויף אַזוי איין לשון, ווי ער פֿאַרשטייט"... (יחיאל־מיכל עפּשטיין אין „דרך הישר לעולם הבא", פֿראַנקפֿורט־דמייַן 1703; דערמאַנט בפּירוש: „טייַטש", ד"ה ייִדיש). — „סדר תחינות" („פֿראַנקפֿורט־דמייַן 1714), אַ מין קרבן־מינחה־סידור, קענטיק פֿון אַ מקובל צונויפֿגעשטעלט (און ווייַזט אויס אַן איבערדרוק פֿון אַן עדיציע נאָך אויס דער צווייטער העלפֿט פֿון 17טן יאָרהונדערט), הייבט זיך אָן מיט אַ גאַנצער סעריע תחינות אויף ייִדיש פֿאַר מאַנצלייַט צו זאָגן פֿאַרן דאַווענען. דערנאָך, בייַ תּפֿילין־לייגן, טלית־אָנטון אאַז"וו, שטייט דאָרט סאַקראַמענטאַל די עצה: ווער עס פֿאַרשטייט נישט קיין לשון־קודש, זאָל זאָגן די ברכה אויף ייִדיש (איך ברענג דעם זין, נישט די אויטענטישע ווערטער, ווייַל מייַן עקזעמפּלאַר איז געבליבן אין וואַרשע, און אין ווילנע געפֿין

---

1 אַ בנטל מאַטעריאַל — בייַ י. צינבערג, דער קאַמף פֿאַר ייִדיש אין דער אַלט־ייִדישער ליטעראַטור (פֿילאָלאָגישע שריפֿטן פֿון ייִוואָ, II, ווילנע 1930, עמודים 68—106).

2 „איך האַלט פֿאַר לויטער נאַראָנים יענע, וואָס ווילן דאַווענען אויף לשון־קודש און פֿאַרשטייען אין דעם נישט קיין וואָרט"...

איך נישט קיין אַנדערן), און באַלד איז טאַקע געגעבן די ייִדישע איבער־זעצונג פֿון דער ברכה.

אָבער! דאָס אַלץ איז געשריבן און גערעדט געוואָרן נאָר פֿאַר יחידים.[1] איטלעכער ייִד פֿאַר זיך האָט געהאַט די ברירה צו מאַכן די ברכות און צו דאַווענען אויף ייִדיש – ביי זיך אין שטוב ביחידות צי אין אַ מנין, אויך אין בית־מדרש אָדער אין שול, – די שפּראַך פֿון דער עפֿנטלעכער עבֿודה איז תּמיד געווען (טראַ־דיציע!) העברעיִש (אַראַמיש בלויז פֿאַר די געבעטן צי שירים, וואָס זענען פֿאַרפֿאַסט געוואָרן אין דעם דאָזיקן לשון), אָבליגאַטאָריש פֿאַר יעדן בעל־תּפֿילה צי שליח־ציבור.

אויב אָבער ס'וואָלט ווען־נישט־איז געדאַרפֿט קומען צו איבערגאָס פֿונעם דאַווענען בציבור אין אַ „ליטורגישער דראַמע", וואָלט דאָך דער צוועק פֿון אַזאַ מעטאַמאָרפֿאָזע געקענט זיין נאָר איינער: צופּאַסונג צום פֿאָלקסגעמיט, וואָס גאַרצט אַלע דרויסנדיקע עמאָציעס, דערונטער אויך די רעליגיעזע, צו קריגן דערלאַנגט אויף אַ באַזונדערס עקספּרעסיוון אופֿן, ס'זאָל שלאָגן דירעקט און שטאַרק אויף אויג, אויער און פֿאַנטאַזיע, – אַזאַ ציל, ווידער, צו דערגרייכן וואָלט גאָר נישט געמאָלט געווען אָן פֿאַרבייט פֿון העברעיִש אויף ייִדיש.[2]

---

1 אויב יוסף בן יקר און (מיט 165 יאָר נאָך אים) אהרן בן שמואל פֿון הערגערסהויזן (אין „ליבליכה תּפֿלה אודר גרעפּטיגה ארטצנייא פֿאַר גוף און' נשמה", פֿיורדא 1709) האָבן עס משמעות געמיינט ברייטער און אַלגעמיינער, זענען זייערע רייד אָבער געבליבן אַן אַ ממשותדיקן אָפּקלאַנג, מינדסטנס ביי די אָליגאַרכישע דעה־זאָגער איבערן ייִדישן לעבן.

2 בכלל קען טעאַטער, ווי אַן אינסטיטוציע פֿאַרן גאַנצן פֿאָלק, עקזיסטירן נאָר אויף דער לעבעדיקער שפּראַך פֿון די מאַסן.

אין אַמסטערדאַם, וווּ ס'האָבן געלעבט לעבנאַנאַנט אשכּנזים (מיט ייִדיש) און ספֿרדים (מיט שפּאַניש און פּאָרטוגעזיש) זענען אין 17טן יאָרהונדערט געמאַכט געוואָרן פּרוּוון צו באַשאַפֿן אַ העברעיִשע דראַמאַטיק – משה זכותא (1630—1697), יוסף פּענזאָ (1650—1703), – האָט דער מאַראַן יצחק גאָמעץ דעסאָסאַ געפֿרייט זיך, אַז אָט־אָט וועט זיך אויך באַווייזן אַ העברעיִשע בינע. דערצו איז נישט געקומען! אויך מ'שה־חיים לוצאַטאָס (1707—1747) דראַמעס האָבן נישט געבראַכט צום אויפֿקום פֿון אַן העברעיִשן טעאַטער און זענען קיינמאָל נישט געשפּילט געוואָרן.

די לאַטייַנישע ספּעקטאַקלען אין איטאַליע (זע אויווּן, קאַפּ' III, ב, 1) האָבן געהאַט אַ גרויסן געזעלשאַפֿטלעכן באַטייַט ווי פּראָפּאַגאַנדע פֿון פֿרייַען רענעסאַנס־

ז

אויסדריקלעכע טעאַטראַלע עפעקטן פלעגן צוגעלאָזט ווערן אין שול אַרײַן בלויז ספאָראַדיש, דערבײַ נאָר אין אייניצלנע קהילות.

**1.** וועגן עלעמענטן פון מאַסקאַראַד שׂימחת־תּורה אין די שפּאַנישע שולן – זע אויוון, ז׳ 127.

**2.** יוזפא שמש פון וואָרמס (1604 – 1678) באַשרײַבט אין זײַן „מנהגי ק״ק ווירמישא״ אַ „נאַראָנים־יום־טוב״, וואָס פלעגט פּורים צוגעלאָזט ווערן אין דער דאָרטיקער שול.

דעם מאַטעריאַל האָט אויסגעניצט אַ. עפּשטיין אין זאַמלבוך צו דוד קויפמאַנס אָנדענק (ברעסלע 1900, 288 א״וו), און בײַ אים האָט שיפּער גענומען די זז׳ 89 – 92 פון דריטן באַנד.

---

# קאַפּיטל VI

אויסן פריערדיקן קאַפּיטל – אין פאַרבינדונג מיט די ערשטע צוויי, אָן וועלכע ס׳וואָלט קיין אויסקוק נישט געהאַט, – איז געדרונגען: קוים האָט זיך בײַ ייִדן נישט אויסגעוויקלט קיין טעאַטער פונעם רעליגיעזן קולט אַרויס (ווי בײַ די קאַטוילישע אומות), האָט עס זיך שוין נישט געקענט אויספורעמען אַליין פון זיך דירעקט אויס יענע דראַמאַטישע עלעמענטן, וואָס האָבן שטענדיק געלעבט בײַ דער ייִדישער פאָלקסמאַסע, פונקט ווי בײַ דער אַרומיקער באַפעלקערונג.

עס האַנדלט זיך קודם־כּל וועגן די „לצים״ פון 13טן, 14טן און 15טן יאָרהונדערט; וועגן אַלערהאַנט חנוכּה־ און פּורים־פאַרווײַלונגען (מאַסקאַראַדן אין 15טן יאָרהונדערט, „פּורים־מלך״ צום סוף פון דעם זעלביקן יאָרהונדערט, וכ׳), כּלערליי טענץ, קינדערשפּילן (האָבן געמוזט תּמיד פאַראַן־זײַן, מערניש דער ענין איז נאָך שוואַך געפאָרשט געוואָרן). אַ שפּאָר ביסל מאַטעריאַל וועגן דעם אַלעם איז שוין געזאַמלט געוואָרן דורך ייִדישע קולטור־היסטאָריקער. אַ טייל דערפון האָט פאַרניצט שיפּער אין די בענדער I און III.

---

גײַסט און באַקעמפונג פונעם קאַטוילישן קלעריקאַליזם (קאַפּ׳ IV, ג, 2), אָבער מיטן אָפּקערן זיך פון דער איטאַלעניש ער שפּראַך האָבן זיי ממשותדיק געשעדיקט די עוואָלוציע פון דער נאַציאָנאַלער דראַמאַטיק.

ביַי די איירָאָפּעיִשע פֿעלקער, די אַלטע און די נײַערע, פֿון וועלכע ס'איז אַלץ געווען אַ רייד אין די קאַפּיטלען I – IV, האָבן די וועלטלעך־דראַמאַטישע עלעמענטן פֿונעם פֿאָלקסשטייגער באַקומען אַ תּיקון נאָך אַדאַנק דעם אַרײַנגעשפּרענקלט ווערן אינעם ריטועלן צערעמאָניאַל (אין די דיאָניס־שׂימחות ביַי די גריכן, אין דער „ליטורגישער דראַמע" ביַי די קאַטוילן).

ספּעציעל וואָס אָנבאַלאַנגט די איירָאָפּעיִשע פֿעלקער איז אַ היסטאָרי־שער פֿאַקט, אַז די דערמאָנטע עלעמענטן פֿון זייער פֿאָלקסלעבן האָבן פֿאַנטאַסטיש פֿיל געוואָסן פֿונעם רײַכן שותּף, וועלכן זיי האָבן געזאָלט זײַן אַ דינערין. געטראָפֿן אין אַ ווילטאָג (שטאַרקע פּראָטעקטערס, שפּעדיקער מאַטעריעלער באַזיס) און אין די באַקוועמסטע באַדינגונגען (ברייטע בינע, גוט צוגעגרייטע פֿאָרשטעלונגען, אַלערהאַנט טעכנישע הילפֿס־מיטלען, ריזיק פּובליקום), האָבן די עמבריאָנען פֿון דער וועלט־לעכער פֿאָלקס־דראַמאַטיק באַקומען די מעגלעכקייטן געהעריק זיך אויסצו־קריסטאַליזירן, רעליעפֿער אויסצומאָדעלירן די אייגענע פֿיזיאָנאָמיע, איבערצוגיין אין אַגרעסיע, פֿאַרכאַפּן אַלץ מער פּלאַץ אויפֿן חשבון פֿונעם מיוחסדיקן באַגאָטישן שטאָף, לסוף צוריק זיך עמאַנציפּירן און ווערן אַ יש פֿאַר זיך און דער יורש פֿון דער „מיסטעריע".[1]

היות ביַי די ייִדן האָט די עבֿודה זיך נישט טראַנספֿאָרמירט אין אַ „ליטורגישער דראַמע" (וואָס זאָל אין ווײַטערדיקן אימפּעט פֿון אויפֿוויקלונג אויסברייטערן זיך צו דער פֿאָרעם און צום פֿאַרנעם פֿון אַ „הייליקער שפּיל"), האָט געפֿעלט די שוואָם, וואָס זאָל אײַנזאַפּן אין זיך די אַמאָרפֿע וועלטלעך־דראַמאַטישע עלעמענטן פֿונעם פֿאָלקסלעבן און ביַי זיך אין שויס אויסוואַרעמען זיי און מאַכן פֿונאַנדערגלידערן זיך צו העכערע געשטאַלטן.

אַליין פֿאַר זיך, ווידער, זענען די דאָזיקע אַמאָרפֿע עלעמענטן נישט אָנגעלאָדן געווען מיטן כּוח צו קאָנסאָלידירן זיך, אָרגאַניזירן און אויפֿהייבן מינדסטנס אויף יענער מדרגה, אויף וועלכער מע קריגט שוין דעם אָנבליק פֿון אַ טעאַטער מיט פּערספּעקטיוון פֿון ווײַטערוווּקס, פֿאַר־טיפֿונג, פֿאַרשענערונג.

אויב ייִדיש טעאַטער איז אָבער פֿאָרט אין אַ געוויסן מאָמענט נולד געוואָרן, האָט דאָס געקענט געשעען נאָר לויט אַ פֿרעמדן מוסטער, וואָס האָט, אַגבֿ, געמוזט זײַן אומבאַדינגט וועלטלעך (משמעות נישט איבעריק שווער צו פֿאַרשטיין, פֿאַרוואָס).

---

1 זע אויבן, קאַפּ' I (ד, 5), III (ג, 1 און 2), IV (ב, 5 און 6).

דורכן אָקערשט אַרויסגעזאָגטן געדאַנק איז, נאַטירלעך, דורכאויס נישט אויסגעשלאָסן דאָס מעגלעכקייט, אײנצלנע קלענערע סצענישע ווערקלעך, מיניאַטורע פֿאַרסלעך וכו׳, זאָלן האָבן געקענט אַרויסשפּראָצן שפּאָנטאַן, דערהויפּט דורך אימפּראָוויזאַציע בײַ אונטער־שײדלעכע געלעגנהייטן (אפֿשר זענען זיי צו אונדז נישט דערגאַנגען פּשוט דערפֿאַר, וואָס מע האָט זיי נישט געהאַלטן פֿאַר נייטיק צו פֿאַרשרײַבן ?).

# א

שיפּער האָט עגמת־נפֿש דערפֿון, וואָס אויס אײנעם אין פֿאַרשידענע לענדער אַ פּאָפּולערן פּורים־מינהג איז אין דײַטשלאַנד (ווו מע האָט פֿון אים לגמרי נישט געוווסט!) נישט אויסגעוואַקסן אָריגינעלע ייִדישע דראַמע — כּלומרשט איבער „אַ פֿרעמדן מוסטער, וואָס האָט געצויגן אויף זיך דאָס אויפֿמערקזאַמקייט פֿון די פּרימיטיווע ייִדישע פֿאָלקסשיכטן" (זע אויוון, קאַפּ׳ V, א).

ווײַטער אַרט אים נישט ווינציק, וואָס אויך אויס געוויסע פֿאַרצײַ־טיקשע ייִדישע חתונה־מינהגים האָט נישט קאַפּויערגעשפּראָצט אײגענע טעאַ־טער־קונסט, — ווידעראַמאָל, מײנט ער, איבער די פּורים־שפּילן, וואָס זענען צושטאַנד־געקומען „אויף אַן אומנאַטירלעכן, קינסטלעכן אופֿן: מיט דער הילף פֿון פֿרעמדע מוסטערן, וועלכע מע האָט געצומען דערציקרשט פֿון די דײַטשן" (זע אויוון, קאַפּ׳ V, ב).

אַ צער, וואָס שווער אים משׂיג צו זײַן. „פֿרעמדע מוסטערן" האָבן אינעם אויפֿקום און אין דער עוואָלוציע פֿון קולטורן — דערונטער אויך גרויסע — געשפּילט אַזאַ אומגעהײַער וויכטיקע (בפֿירוש באַפֿרוכפּערנדיקע) ראָלע, אַז ס׳איז אַ שטות דאָס צו האַלטן פֿאַר אַן „אומנאַטירלעכן, קינסטלעכן אופֿן"! קיין שום אומה איז נישט אין שטאַנד די גאַנצע גײַסטיקע יניקה צו ציִען בלויז פֿון אײגענעם שורש, און ס׳איז אַ ברכה פֿאַר דער מענטשהייט, וואָס מיט נישט־מאַטעריעלע גיטער טוישט מען זיך פּונקט אַזוי, ווי מע בײַט זיך מיט מאַטעריעלע.

ספּעציעל וואָס שייך ליטעראַטור און טעאַטער לוינט צו דערמאָנען אַ פּאָר שלאָגיקע בײַשפּילן.

**1.** די אַלטע רוימער, פּראַקטיש, קריגעריש, אימפּעריאַליסטיש, זענען נישט מסוגל געווען אויפֿצוציִען אַ ליטעראַטור און אַ טעאַטער אויס אויטאָכטאָנעם זאָמען. האָבן זיי איבערגעפֿלאַנצט צו זיך אַלע פֿאָרמען פֿון דער אַלטגריכישער קולטור, מיט איר געלעבט, זי איבער־געקײַט, איר נאָכגעטון.

נאָר פֿון טעאַטער צו רעדן: דער ערשטער קולטורעלער רוימישער דיכטער — ליוויוס אַנדראָניק (אַרום 270 פֿאַר דער קריסטלעכער

צײַט־רעכענונג) — האָט אָפּגעשניטן די פֿאַרזיכדיקע שפּינונג פֿון דער נאַציאָנאַלער פּאָעזיע, דערמיט, וואָס איבערזעצט „אָדיסייע" אויף לאַטײַן, פֿאַרפֿאַסט טראַגעדיעס און קאָמעדיעס אויפֿן אַטישן שניט און גורם געווען, די נאָכקומענדיקע קאָלעגן זײַנע זאָלן אויך גיין מיטן וועג פֿון אַזאַ לערנען זיך בײַ פֿרעמדע קלאַסיקער.

געווען דערנאָך אין רוים פֿיר מינים דראַמאַטישע ווערק: 1) fabula crepidata — טראַגעדיע אויף טעמעס פֿון אַלטגריכישן עפּאָס; 2) fabula palliata — קאָמעדיע אויסן גריכישן לעבן; 3) fabula praetextata — טראַגעדיע אויף סוזשעטן פֿון דער רוימישער געשיכטע; 4) fabula togata — קאָמעדיע פֿונעם רוימישן פֿאָלקסלעבן. צו אַ הויכער קינסט־לערישער מדרגה האָט זיך פֿון די אַלע זשאַנערס דערהויבן דווקא דער צווייטער — אין די ווערק פֿון פּלאַוטוס (אַרום 254 — 184 פֿאַר קריסטוסן) און טערענציוס (געשטאָרבן 159 פֿאַר דער נײַער ערע), וואָס האָבן ביידע אַזוי ווײַט זיך געשפּײַזט מיט די אַלט־גריכישע אַפּירן, אַז דער ערשטער האָט אַליין זיך אַטעסטירט ווי אַן איבערזעצער, און בײַם צווייטן ליגט אויוונאויף, וואָס ער האָט נהנה געווען בײַ מענאַנדערן צי בײַ אַנדערע אַטישע קאָמעדיען־שרײַבער, — דאָך האָט זיך איינער, ווי דער צווייטער, נישט געהאַט וואָס צו שעמען מיט זײַנע שאַפֿונגען.

**2.** דעם וועג אויס די פֿינצטערע קעלערס פֿונעם מיטלאַלטער אַרויס צו פֿרײַער גײַסטיקער אַנטוויקלונג צו האָבן די מערב־אייראָפּעיִשע אומות אין אַ גאָר ממשותדיקער מאָס געהאַט צו פֿאַרדאַנקען דעם איטאַלענישן רענעסאַנס, וואָס האָט אַנטפּלעקט דער וועלט די פֿאַרגעסענע אוצרות פֿון דער אַלטגריכישער און פֿון דער אַלטרוימישער קולטור, געלאָזט זיי צוריק אין אומגאַנג, געמאַכט זיי אַ פֿונדאַמענט פֿאַר דער נײַער תּקופֿה פֿון אויפֿקלערונג און וויסן.

אין דער צײַט, ווען שפּאַניע איז שוין געווען אַ וועלטמאַכט, געוועלטיקט איבערן אַפּענינער האַלבאינדזל, איבער גערמאַניע, האָלאַנד און ריזיקע פּראָווינצן מעבר־לים, האָט די ליטעראַטור דאָרטן פּלײַסיק — און אויף אַ געלונגענעם אופֿן — קאָפּירט די בעסטע ווערק פֿונעם קלאַסישן אַלטערטום, ווי אויך פֿונעם איטאַלענישן רענעסאַנס (דאַנטען, פּעטראַרקען, באָקאַטשיאָן).

אויך אין פֿראַנקרײַך האָט זיך נאָכן ראָמאַנטיזם, וואָס איז דאָרט געווען אַ נאַציאָנאַלע דערשײַנונג, אָנגענומען אימיטאַציע פֿונעם תּחית־המתים אין איטאַליע אויפֿגעשטאַנענעם אַלטן קלאַסיציזם. אָנגעפֿירט מיט דער אימפּאָרטירטער באַוועגונג האָט די גרופּע שרײַפֿטשטעלער „פּלעיאַדע" (פּיער דע־ראָנסאַר אָן דער שפּיץ), פֿיל אויפֿגעטון פֿאַר דער

אויסאיידעלונג פֿון דער פֿראַנצייזישער שריפֿטשפּראַך און פֿאַרן פֿונאַנדערבוי פֿון די ליטעראַרישע פֿאָרמען – דורכגעבראַכן אַ מלכס־וועג פֿאַר קאָרנעלן און ראַסינען.

**3.** די פּראָוואַנצער ריטערלעכע ליבע־ליריק מיט אירע טרובאַ־דורן (trobadors) און זשאָנגלערס (joculatores) זענען גײַסטיקע קינדער פֿון דער מאַוריטאַנישער פּאָעזיע. דעסגלײַכן (טיילווײַז דורך פּראָוואַנץ) די שפּאַנישע עפּישע ראָמאַנצן (romances) מיט די trovadores און זינגער (joglares).

די פּראָוואַנצער ליריק האָט מיט אַ יאָרהונדערט שפּעטער (ד״ה אין 12טן י״ה) אַריבערגעוואַנדערט אויך קיין איטאַליע, ווו פֿראַנטשעסקאָ פּעטראַרקאַ (1374 – 1304) האָט זי מיט דער צײַט דערהייכט צו וועלטרום.

נאָכטועניש דער פֿראַנצייזישער ריטער־פּאָעזיע (הן וואָס שייך אינהאַלט און טאָן, הן וואָס שייך פֿאָרעם און מאַניר) איז געווען די דײַטשישע פֿון 12טן יאָרהונדערט.

**4.** די איטאַליענער האָבן איבער באַשטימטע היסטאָרישע סיבות תּחילת נישט פֿאַרמאָגט קיין אייגענעם נאַציאָנאַלן עפּאָס, אָבער נישט געקווענקלט זיך דעריבער, מיט אַ נישט קלענער פֿאַרשפּעטיקונג לגבי די איבעריקע ראָמאַנישע פֿעלקער, צו באַשאַפֿן זיך אַן העראָישע פּאָעמע אויס די שטאָפֿן פֿונעם אַלטפֿראַנקיש־קאַראָלינגישן ציקל לעגענדעס, אַרײַנ־לייגנדיק אין זיי אַן אַנדער נאָטע – אַ מאָדערנערע, אַן איראָנישע, – פֿון וואָס דער אַפּעניַנער ראָמאַנטיזם האָט באַקומען אַ ספּעציפֿישע פֿאַרב לגבי דעם אַלטפֿראַנצייזישן.

**5.** די אין איטאַליע געבוירענע אָפּער האָט אין 17טן יאָר־הונדערט טריומפֿאַליש אײַנגענומען פֿראַנקרײַך (זע קאַפּ׳ III, ג, 7) און דערנאָך גאַנץ אייראָפּע.

**6.** מע וואָלט געקענט מערן צו ברענגען נאָך בײַשפּילן אויף בײַשפּילן (למשל דעם שפּאַנישן אײַנפֿלוס אויף קאָרנעלן און קאָר־נעלס, ווי אויך ראַסינס צי מאָליערס, אויף דער דראַמע פֿון אַנדערע אייראָפּעיִשע פֿעלקער, וכ׳). ס׳וועט זיך כּסדר אַרויסווײַזן, אַז דאָס וויכטיקסטע אומעטום איז סוף־כּל־סוף נישט דער פֿאַקט גופֿא פֿון באַווירקונג, נאָר די פּרוכטן אירע און זייער איכות. דער עיקר איז: צי האָט דאָס פֿרעמדע מוסטער באַוויזן אויפֿצוּוועקן בײַם נאָכטוער די דרימלענדיקע אינדיווידועלע שאַפֿונגס־קרעפֿטן, אַזוי אַז פֿון דרויסן איבערגענומענע לאָגלען זאָלן אָנגעגאָסן ווערן מיט אייגענעם, אָריגינעל־אַראָמאַטישן ווײַן?

## ב

דאָס ווענעציאַנער טעאַטער פֿון 16טן י״ה קען נישט גערעכנט ווערן פֿאַרן אָנהייב פֿון דער ייִדישער בינע, אויף וויפֿל מיר פֿאַרבינדן דעם דאָזיקן לעצטן באַגריף מיט דער ייִדישער שפּראַך.

וועלטלעך האָט עס געמוזט זײַן: „עס קומען זיך דאָרט צונויף מאַנצלײַט, פֿרויען און קינדער צו הערן ליצנות און ניבול־פּה“, שרײַבט וועגן דעם שמואל אבוהבֿ (זע מײַן אַרטיקל אין „טעאַטער־וועלט“ נ׳ 9, ז׳ 4 א״וו). ליצנות האָט אין די ספּעקטאַקלען זיכער נישט געפֿעלט, פּונקט ווי אין דער איטאַליענישער קאָמעדיע פֿון יענער צײַט; אויך „ניבול־פּה“ איז אפֿשר נישט אָפּגעגאַנגען; אָבער חוץ דעם האָט אין די פּיעסעס בלתּי־ספק געמוזט זײַן נאָך עפּעס אויך.

די שפּראַך פֿון די פֿאָרשטעלונגען איז אָבער מן־הסתּם געווען איטאַליעניש (אויב גרינדער זאָל טאַקע האָבן געווען זײַן דע־מאָדענאַ, דער מחבר פֿון איטאַליענישע „פּאַסטאָראַלן“, וואָלט עס געקענט אָנגיין פֿאַר אַן אַקסיאָמע).

חוץ לזה איז דאָס דערמאָנטע ווענעציאַנער טעאַטער געווען בלויז אַן עפּיזאָד, אָן קאָנטינויִטעט.

1. דאָס ערשטע ייִדישע טעאַטער זענען געווען די אַזוי גערופֿענע „פּורים־שפּילן“ – נאָמען, אין כּלל אַרײַן, נישט לויטן אינהאַלט, נאָר לויט דער צײַט, ווען מע פֿלעגט די פּיעסעס דערעיקרשט רעפּרעזענטירן.

ווען האָבן זיי זיך באַוויזן אויף דער ייִדישער גאַס?

בײַם פֿאַרענטפֿערן די שאלה איז לפי־דעתּי נייטיק צו אונטערשיידן צווישן דער אַלטייִדישער דראַמאַטישער ליטעראַטור און די אַלטייִדישע שפּיל־אויפֿפֿירונגען.

2. הייבן מיר אָן פֿון דער ליטעראַטור.

(א) אין דער אָקספֿאָרדער ביבליאָטעק געפֿינט זיך אַן אַלטער ייִדישער כּתבֿ־יד מיט 55 לידער, וואָס אײַזיק וואַליך האָט פֿאַרשריבן פֿאַרזיכס־וועגן פֿון 1595 אַן ערך ביז 1601 מן הסתּם.[1]

---

1 זע: F. Rosenberg, Über eine Sammlung deutscher Volks- und Gesellschaftslieder in hebräischen Lettern (Sonderabdruck aus Geiger's Zeitschrift für die Geschichte der Juden in Deutschland), Braunschweig 1888.

איינס פֿון די דאָזיקע לידער באַהאַנדלט אין פּאַטעטישער פֿאָרעם די געשיכטע פֿון יונה-הנבֿיא, און ראָזנבערג 46 א״וו קוואַליפֿיצירט עס ווי אַ דראַמאַטיש ווערק, אָפּערירנדיק מיט איבערצײַגעוודיקע ראַיות און אויפֿווײַזנדיק, אַז ס'איז זייער אַ געשיקטע, אויף פֿינף זעקסטל געקירצטע (האַלט קוים 107 געגראַמטע צײַלן!) און אין טענדענץ איבערגעאַנדערשטע קאָפּיע פֿונעם דײַטשן Jonas, Ein lustigs / auch kurtzes / und nicht minder nutzes Spiel /..... Durch Simon Rothen / und Balthasar Klein / in einfeltige Reimen gestellet (שווײַנפֿורט 1582).

## דאָס דאָזיקע יונה-ווערק קען באַטראַכט ווערן פֿאַר דער ערשטער פּיעסע אין דער ייִדישער ליטעראַטור.[1]

(ב) פֿאַראַן אין וואָליכס זאַמלונג אויך אַ פּורים-ליד, באַטיטלט: °„איין היפּשן חטאנו גאר וואָל געדיכט״ (דאַטירט: 1598). שיפּער I, 104 א״וו, ווייל דערפֿון אויפֿס כּוח מאַכן אַ דראַמאַטיש ווערק, אינפֿאָרמירט ער נישט ריכטיק, אַז „דאָס שטיק רופֿט זיך״ (פּלומרשט): „איין שפּיל פֿון טויב יעקליין״, שרײַבט אויס די ערשטע צוויי סטראָפֿעס (ראָזנבערג ברענגט נישט מער) אויף אַן אופֿן, מע זאָל מיינען, ס'איז איינע, און פֿאַרהיפּערט דערבײַ צוויי צײַלן, וואָס וואָלטן אים באַשײַמפּערלעך קאַליע געמאַכט די קאָנצעפּציע.

עס שיקט זיך דעריבער צו ציטירן די דערמאָנטע סטראָפֿעס לויט ראָזענבערגן (מיט הײַנטיקן אויסלייג):

**1.** חטאנו: אדברה וירוח,[2]  
איך וויל אײַך זאָגן, וואָס דאָ איז געשעען בשנה שנה  
אין דער קהילה-קדושה.  
פֿראָגט ניקס אונד לאָט[3] אײַך ניקס זײַן קשה.  
קשה לאָט אײַך ניקס זײַן, דען עס איזט אײטל פּורים געמיין,  
דאָס מען מאַכט איין שפּיל פֿון טויב יעקלײַן,  
אונד מיט זײַנעם ווײַב קענדלײַן  
אונד מיט זײַנען צוויי זינלעך פֿײַן.

---

1 צי האָט מען זי אַמאָל אויפֿגעפֿירט? נישטאָ דער געהעריקער שטאָף אויף צו פֿאַרענטפֿערן אַזאַ קשיא.

2 די שורה פֿעלט בײַ שיפּערן, ווײַל זי פֿאַרראָט דעם נישט-דראַמאַטישן כאַראַקטער פֿונעם ווערק!

3 = לאָזט. אויך אין מיטל-ייִדיש פֿון געוויזענעם קאָנגרעס-פּוילן פֿאַרשפּרייט, ווי אין עלטערן מערבֿ-ייִדיש.

2. פֿײַן האָט מען עס טון פֿארלעזן,[1]
ווי זי [=זיי] האָבן געפֿירט איין וועזן,
אונד דאָס איזט קורצלעך געשעען,
איי [=איידער] איך מיך האָב אומגעזעען;
אומגעזעען הין אונד הער,
איך האָב געטראַכט גאָר זער [=זייער],
ביז איך עס האָב געבראַכט אין לער [=גראַם],
עס איזט מיר געוואָרדן גאָר שווער.

אויס דער ערשטער צײַל פֿון דער צווייטער סטראָפֿע (אויס יענער, וואָס שיפּער פֿארזעט גאָר נישט צופֿעליק) איז קלערער, ווי קלאָר, אַז „אַ שפּיל פֿון טויב יעקלײַן" פֿלעגט מען ווײַזן אין אַ דעקלאמירטן ליד. נאָכאמאָל: „פֿײַן האָט מען עס טון פֿארלעזן" (=פֿירלייענען).

(ג) נאָך אַ פּורים־ליד איז נאָטירט בײַ וואַליכן — ראָזענבערג 52 זאָגט דערוועגן:

— Von einer ess- und trinklustigen Gesellschaft von Bachorim (Talmud-schülern) ist das folgende Purimlied (Ms. auf S. 12) vorgetragen worden.[2]

שיפּער I, 97 א"וו, וויל אויך דאָס ליד פֿארוואַנדלען אין אַ פֿארס, צעגלידערט עס (ס'קומט ארויס אַרום־און־אַרום: „פֿאָרשפּיל־פּראָלאָג" — 8 צײַלן פֿונעם כלומרשטן „לויפֿער"; „ערשטע סצענע" — 27 צײַלן פֿונעם „כאָר בחורים"; „צווייטע סצענע" — 13 צײַלן פֿונעם „לויפֿער"; „דריטע סצענע" — 7 צײַלן פֿונעם „כאָר בחורים" און 7 פֿונעם „פּורים־קעניג") און שטעלט אַרײַן רעמאַרקעס („דער לויפֿער עפֿנט די טיר און לאָזט אַרײַן די בחורים, זיי פֿירן מיט זיך קאָזעס"; „די בחורים טאַנצן מיט די ציגן, מיטן דרינגען באַווײַזט זיך דער פּורים־קעניג" וכו'), וואָס האָבן קיין שום אָנשפּאַר נישט אינעם אָריגינעלן טעקסט — פּורע פֿאַנטאַזיע.

אין דער אמתן איז עס פֿאָרט נאָר אַ ליד. דער גאַנצער אינהאַלט: אַ פֿריילעכע כאַליאַסטרע ישיבֿה־בחורים פֿאַלט אַרײַן אין אַ פּריוואַט־שטוב מיט אַ געזאַנג, פֿאָדערנדיק פֿונעם באַלבאָס כלערליי גוטן כיבוד (איינער פֿון זיי איז דער „הערשט", אַן אַנדערער — דער „קעניג"). ווען די חבֿרה־לײַט זאָלן בײַם זינגען אַפֿילו צוטאַנצן מיט די „ציגן", וואָלט אַזאַ פּרימיטיווו אויך נאָך נישט געווען קיין דראַמאַטיש ווערק. אַגבֿ: אינעם גאַנצן ליד איז נישטאָ קיין סימן דיאַלאָג!

הײַנט די פֿאָרעם: 9 געמאָסטענע זעקסצײַליקע סטראָפֿעס (גראַמשליסל: ccbaba) מיט אַן אויסלאַז־אויסרוף יעדע (חוץ דער צווייטער און נײַנטער — מסתמא איבער אַ פּשוטן

---

1 שפּאַצירט פֿון מיר, פֿעלט בײַ שיפּערן!

2 ד"ה: דאָס ווײַטערדיקע פּורים־ליד (ז' 12 פֿונעם מאַנוסקריפּט) איז פֿירגעטראָגן געוואָרן פֿון אַ חבֿרה בחורים (תּלמוד־לערנער), ליבהאָבער פֿון אַן עס און פֿון אַ טרונק.

פֿאַרזעצן פֿונעם פֿאַרשרײַבער): „יוהאַשי האַביטײַ!" די אַרכיטעקטאָניק איז דאָ אַזוי אויס־געהאַלטן און דורכזיכטיק, אַז שליסט אַבסאָלוט אויס די השערה, הינטער איר זאָל האָבן געשטעקט אַ באַהאַלטענע סכעמע פֿון דראַמאַטישער צעגלידערונג (אמת, איטלעכס ליטע־ראַריש ווערק קען אינסצעניזירט ווערן דורך יעטוועדער איינעם, ווען ס'ווּעט זיך פֿאַר־גלוסטן דאָס צו טון, — דאַרף אָבער נאָכגעוויזן ווערן, אַז מיטן פּורים־ליד, פֿון וועלכן מיר רעדן דאָ, איז טאַקע ווען־נישט־איז געשען עפּעס אין דער אַרט).[1]

(ד) און אַ דריט פּורים־ליד נאָך איז פֿאַרצייכנט בײַ וואַליכן (ז' 63 פֿונעם כּתבֿ־יד): 26 גאַנץ פֿײַנע פֿינפֿצײַליקע סטראָפֿעס (גראַמשליסל: babaa) צו זינגען כּאָראַל. דער מחבר רופֿט זיך אָן אין איינער פֿון די סטראָפֿעס:

> דער אונדז דאָס לידלײַן בײַ האָט געמאַכט,
> ער האָט עס געמאַכט בײַ אַ פֿײַנער נאַכט,
> גענאַנט מיט זײַנעם נאָמען, —
> דעם פּורים האָט ער עס צו ערן געמאַכט,
> גענאַנט י ו ס ף ז ו ן ב נ י מ י ן.

שיפּער I, 110, האַלט עס פֿאַר אַן א י נ פֿ ר אַ מ ע ט ע, ד"ה אַ כאָרגעזאַנג, וואָס ווערט אַרײַנגעשטעלט צווישן די אַקטן פֿון אַ פּיעסע פֿון אָפּבײַט וועגן. אָבער ס'איז פֿאַרט אַ זאַך פֿ אַ ר ז י ך — נישטאָ קיין קענט, עס זאָל האָבן פֿאַרניצט געוואָרן אויס־צופֿילן די אַנטראַקטן פֿון אַ גרעסערער פֿאָרשטעלונג (די יידישע גאַס האָט אין יענער עפּאָכע גיכער פֿון אַלץ בכלל נאָך נישט געהאַט קיין זעלכע רחבֿותדיקע ספּעקטאַקלען).

(ה) זענען אין יענער תּקופֿה (אויסלאָז פֿון 16טן יאָרהונדערט), חוץ דער י ו נ ה ־ דראַמע, געווען נ אָ ך ענלעכע יידישע ווערק? אַ שאלה, אויף וועלכער ס'איז שווער צו געבן אַן ענטפֿער איבערן פֿולשטענדיקן פֿעלן פֿון היסטאָרישע מאַטעריאַלן, אויף וועלכע מע זאָל זיך קענען אין דעם פּרט שטיצן.

און פֿ ר י ע ר? דאָ בין איך נוטה צו אַ נעגאַטיוון באַשייד. כ'לייען אים אַרויס פֿון דער י ו נ ה ־ דראַמע גופֿא. „ביבלישע דראַמעס" איז אין דײַטשלאַנד אַ מאָדע געוואָרן צו שרײַבן ערשט אין דער מיט פֿון 16טן יאָרהונדערט. יידן האָבן זיך דאָך נישט געקענט באַלד וואַרפֿן נאָכצומאַכן. כ'מיין, ס'וועט אפֿשר נישט ווײַט זײַן פֿון אמת די

---

1 שיפּער I 101 מיינט, דאָס ליד איז אויפֿגעקומען אין פּ ו י ל ן (III 97 א"ח גע־דענקט ער דאָס שוין נישט און מאָטיווירט זייער ברייט אַ ד ײַ ט ש י ש ן געגנזיס). קעגן פּוילן אָפּאָנירט די שפּראַך: ש ע ל ן „גלעקלעך", ג ע פּ ר י ז ן, ג ע צ ע כ ט, ק ר ע נ ג ל ע ן, ד ו ר נ י ר ן (טורנירן) וכ' זענען מ ע ר ב ־ יידיש; דעסגלײַכן נ אָ ב ו ט (זע מײַנע „דיאַלעקטאָלאָגישע פֿאָראַרבעטן", ווילנע 1937, ז' 163).

השערה, אַז „יונה“ איז געווען דער ערשטער ייִדישער פּרווו אויף דער בינע — אַ „נאָוועליע“ אינעם לעצטן יאָרצענדליק פֿונעם 16טן יאָר־הונדערט, — און דאָס טאַקע זאָל האָבן געגעבן אײַזיק וואַליכן דעם אימפּולס צו פֿאַרשרײַבן די זאַך אין זײַן פּריוואַטהעפֿט.

(ו) די צווייטע ייִדישע פּיעסע באַווײַזט זיך ערשט אין הונדערט יאָר אַרום: דאָס איז דער כּתבֿ־יד מיט אַן אַחשורוש־שפּיל פֿון יאָר 1697 (געפֿינט זיך אין דער ביבליאָטעק פֿון לײַפּסקער שטאָטראַט).

נישט קיין פֿריילעכע הונדערט יאָר זענען דאָס געווען פֿאַר די ייִדן אין די דײַטשע און סלאַווישע לענדער: 1618—1648 די דרײַסיקיעריקע מלחמה, וואָס האָט אַ תּל געמאַכט פֿון אָנגעזעענע קהילות אין די גערמאַנישע מדינות; 1649 א״וו די פּאָגראָמען און הריגות אויף ייִדן דאָרטן גופֿא בעתן „שוואַרצן טויט“; 1648 א״וו דער חורבן פֿון דער אוקרײַנישער ייִדנשאַפֿט איבער כמעלניצקיס מאַסן־שחיטות; די צווייטע העלפֿט פֿונעם יאָרהונדערט דער גײַסטיקער, מאָראַלישער און מאַטעריעלער קאַטאַקליזם פֿון דער שבתי־צבֿי־באַוועגונג.

**3. אינפֿאָרמאַציעס וועגן אויפֿפֿירן עפּנטלעך פּורים־שפּילן האָבן מיר ערשט אויסן אָנהייב פֿון 18טן יאָרהונדערט.**

אין פֿראַנקפֿורט־דמײַן איז אַ פּאָר יאָר פֿאַר דער גרויסער שׂרפֿה (ד״ה פֿאַר 1711) אויפֿגעשטעלט געוואָרן אין דער ייִדישער גאַס „אַ טעאַטער אויף פּורים“ — „אין הויז צום ווײַסן אָדער זילבערנעם קענדל“, און מע האָט דאָרט 4 וואָכן נאָכאַנאַנד געשפּילט: אַ טאָג „מכירת יוסף“ און אַ טאָג „דוד און גלית“. די ערשטע פּיעסע איז מיט עטלעכע יאָר שפּעטער געוויזן געוואָרן אויך אין מעץ. אין יאָר 1714 האָט מען באַנײַט די פֿאָרשטעלונגען אין פֿראַנקפֿורט־דמײַן. זיי פֿלעגן פֿאָרקומען חנוכּה־צײַט און פּורים־צײַט (ווײַזט אויס, אויך אין אַנדערע דײַטשישע שטעט אַזוי). עס דערציילט וועגן דעם אַלעם מיט אינטערע־סאַנטע פּרטים שודט אין אויוון שוין געדאַכטן ווערק, און איך האָב זײַנע ידיעות שוין געגעבן רעפֿערירט אין דער וואַרשעווער „טעאַטער־וועלט“ 1909 (נומער 6 פֿון 18טן און 7 פֿון 25טן פֿעברואַר).[1]

אַרום 1720 האָבן די תּלמידים פֿון אָפּנהיימס ישיבֿה אין פּראָג געשפּילט אויף אַן אמתער בינע דאָס שטיק „אַקטאַ אסתּר מיט אַחשורוש“. שיפּער I 192 רעדט אויף דעם סמך וועגן „אַ פּורים־

1 שאַצקי אין דער שיפּער־רעצענזיע (פֿילאָלאָגישע שריפֿטן פֿון ייִוואָ, II, 234), פֿאַררופֿנדיק זיך אויף קעניגס ווערטער אין די Annalen der Juden in der Mark Brandenburg (מיר הי זענען זיי נישט צוגענגלעך), שרײַבט: „אין יאָר 1703 האָט מען אין בערלין געשפּילט די אחשורוש־שפּיל; אין דער פֿאָרשטעלונג האָבן זיך באַטייליקט קלעזמער“...

טעאַטער אין פּראָג“. אַ גוזמא: מער ווי אַ צופֿעליקער ספּעקטאַקל פֿון אַמאַטאָרן איז דאָס נישט געווען (לכל־הדעות זענען נישט בנמצא קיין באַווײַזן אויף מיין).

אין יאָר 1731 האָט דער באַקאַנטער קאָמפּילאַטער און פֿאַרלעגער שלמה־זלמן לונדן אָפּגעדרוקט אין אַמסטערדאַם אַ בוך „חקירות הלב“, וואָס איז פֿאַרבליבן אין כּתבֿ־יד נאָך איינעם שלמה־זלמן בן שמעון וועצלר (וועצלאַר), וועלכער איז געשטאָרבן מיט 13 יאָר פֿריִער, אַ בחור נאָך, אין זײַן געבוירן־אָרט פֿערט („פֿיורדאַ“). ס'איז אַ שרעקלעך, אָבער אינטערעסאַנט ווערק („די פֿילאָזאָפֿיע און אַפּאָלאָגעטיק פֿון זעלבסטמאָרד“ וואָלט איך עס אָנגערופֿן), אָנגעשריבן פֿון אַן אינטעליגענטן, שוין אין יענער צײַט אַ ביסל „הײַנטוועלטיקן“, דערצו הויך טאַלענטירטן יונגן מאַן מיט אַ דורך־און־דורך מאָדערן־אינדיווידועלן און ברעניק־דראַמאַטישן סטיל און אומפֿאַרגלײַכלעך רײַכער און בילדלעכער שפּראַך.[1] פֿאַרזוכט פֿון אַלע ערדישע פֿאַרגעניגנס, איז ער מיטאַמאָל (איבער אַ שווערער קרענק אפֿשר?) אַרײַנגעפֿאַלן אין אַ מרה־שחורה, געוואָרן אַ „בעל־תּשובֿה“, אַ ווילדער אַסקעט, פֿאַנאַטישער שונא פֿון דער וועלט און פֿונעם לעבן, און דאָס פֿאַרחושכטע געמיט זײַנס מיט די שטאָכפּינצטערע געדאַנקען האָט ער אויסגעגאָסן אין אַ מוראדיק גיפֿטיקער, געפֿערלעך סוגעסטיווער פֿאָרעם.

גראָד [פֿון אַזאַ מקור לוינט צו ברענגען דעם ווײַטערדיקן פּאַסאַזש (איך גיב אים מיט הײַנטיקן אויסלייג):

— ...די קומעדיאַנטן און פֿעכטמײַסטער, וועלכע אין דער אַקציאָן מיט דער שיינען, ראַרע [=זעלטענע] און קאָסטבאַרע מלבושים אָנגעצויגן און אויפֿגעצירט זײַן [=זענען], ווען זי [=זיי] אין דער קומעדיע אַגירן אָדער אין געפֿעכט זײַן, ווערדן זעלביקע פֿון אַלע לײַט מיט גרעסטער פֿאַרווונדערונג אָנגעזען. זאָ [=ווי] אָבער די אַקציאָן פֿאַרבײַ איז, און זי [=זיי] אירע [=זייערע] פֿאָריקע מלבושים ווידערום אָנציִען [=טוען אָן], בלײַבט אינען [=זיי] ניקס איבעריק, אַלס די בלויזע באַשעדיקונג, דער שווייס און מאַטיקייט דער גלידער. אַלזאָ [=אַזוי] אויך איז אויך דער מענטש מיט זײַן שפּיגלפֿעכטיקן לעבן צו פֿאַרגלײַכן. איין עושר איז בעולם הזה הויך דערהויבן, ווערט

---

י. צינבערג אין דער נײַיאָרקער „צוקונפֿט“ 1923, 72, גיט איבער דעם פֿאַקט אַ ביסל אַנדערש, און דהײַנו, אַז „1703 האָבן אָרעמע ייִנגלעך פֿאָרגעשטעלט אין בערלין אום פּורים אין רײַכע הײַזער די 'אחשורוש־שפּיל'“, הייסט עס, איז עס נישט געווען קיין עפֿנטלעכע טעאַטער־פֿאָרשטעלונג. צינבערג פֿאַררופֿט זיך אויף די Mitteilungen d. Ges. für jüd. Volkskunde 2, IX (1908), 15, אָבער כ'האָב דאָרט די ידיעה נישט געפֿונען.

1 זע מײַנע אַרטיקלען וועגן אים אין וואַרשעווער טאָגבלאַט „דער מאָמענט“ 1935, נומערן 92, 95, 96, 101, 107, 119, 120.

צום פּרנס אָדער זונסט צו איין קהל־מאַן געזעצט, ער ווערט פֿון איטלעכעם בן־אָדם ווײל אָנגעזען און אין גרויסן כּבֿוד דערהאַלטן; לסוף, ווען ער שטערבן זאָל, האָט די קומעדיע איין ענד: ער ווערט פֿון זײַן אַמט אָפּגעזעצט, בלײַבט קיין פּרנס מער, אַלער כּבֿוד און עשירות ווערט אים גענומען, מען ציט אים זײַן שיינע מלבושים אָפּ, ער ווערט ווידער דער אַלטע [=אַלטער], נעמלעך, ער איז געבוירן פֿון דער ערד און ווערט ווידער צו ערד ווערדן [=ווערן] מוזן. דער מלאך־המות, דער [=וועלכער] מיט אים פֿעכט, טרײַבט אים ניקס אַלס דעם אַנגסטשווייס אויס, ער מאַכט אים אַלע גלידער מאַט, ענדלעך שטעכט ער אים גאָר צו טויט...[1] —

דעם משל, מיט וועלכן שלמה־זלמן וועצלאַר באַניצט זיך דאָ, קען ער נישט בלויז פֿון זען: דאָס צעבראָכענע לעבקינד איז אַמאָל אַליין אויפֿגעטרעטן אין קאָמעדיעס (מיסתּמא אַמאַטאָריש), ווי ער דערציילט אין קאַפּיטל 5:

— ...איך זאָג עס און קאָן עס מעלדן: וויפֿל לוסטיקע מיטברידער און גוטע פֿרײַנט האָב איך געהאַט, די [=וועלכע] מיר געהאָלפֿן האָבן אַלערליי קורצווײַל טרײַבן, אונטערשידלעכע מאָל אין קומעדיען מיט מיר אַגירט [=געשפּילט] האָבן מיט דער אײַנבילדונג, מיר וואָלן אונדז איין באַרימטן שם צו מאַכן, אָבער בעו״ה [=בעוונותינו הרבים] ליגן שוין פֿיל דערפֿון און פֿוילן, נימאַנד [=קיינער] געדענקט אירער [=זיי] מיין, און איך, אַלס איר געוועזטער [=געוועזענער] מיטקונסאָרט [=חבֿר] האָב זאָלכע שוין אָפּט מיט פֿיסן געטרעטן אויף אירע [=זייערע] קבֿרים. איך און מיר מענטשן אַלע ווערדן [=וועלן] אינען [=זיי] נאָכפֿאָלגן מוזן...—

זענען דאָס געווען ייִדישע פֿאָרשטעלונגען?

**4. די לעצטע שורה: ייִדישע דראַמאַטישע ליטעראַטור ווערט געבוירן ערשט אין אויסלאַז פֿון 16טן יאָרהונדערט; אויפֿפֿירונגען פֿון ייִדישע פּיעסעס זענען באַקאַנט ערשט אויסן אָנהייב פֿונעם 18טן. אויב שיפּער, III, 19, באַהאַנדלענדיק טעאַטער־קונסט און דראַמע ווי איין פֿענאָמען, מיינט, אַז די אַזויגערופֿענע „פּורים־שפּילן" זענען געשאַפֿן (און געשפּילט) געוואָרן „נישט שפּעטער ווי אין פֿופֿצעטן יאָרהונדערט", איז גרײַלעך אַ שאָד, וואָס ער האָט נישט צוגעשטעלט קיין ראַיות דערויף.**

## ג

**וואָס־זשע איז געווען דאָס מוסטער, וועלכן עס זענען נאָכגעגאַנגען די שרײַבער פֿון די ערשטע ייִדישע פּיעסעס און די שפּילער, וואָס האָבן אייניקע פֿון די לעצטע אויפֿגעפֿירט?**

---

1 אָנהייב פֿון פּרק 12.

1. פֿעליקס ראָזנבערג אין יאָר 1888 (ז׳ 50) פֿאָרמולירט אויס־דריקלעך:

— די דראַמעס, וואָס געפֿינען זיך אין דער ייִדיש־דײַטשער [=ייִדישער] ליטעראַטור, זענען צום גרעסטן טייל געשאַפֿן געוואָרן פֿון וועגן דעם יום־טובֿ פּורים און פֿלעגן טאַקע אין דעם דאָזיקן טאָג אויפֿגעפֿירט ווערן. עס קומט אין זיי מייסטנס צום אויסדרוק אַ פֿרייִלעכקייט, וואָס לאָזט זיך וווילגיין אין די משוגענסטע שפּרונגען און האָט אַ דורכויס געטרײַע פּאַראַלעל אין די דײַטשע פֿאַסטנאַכטשפּילן.

2. אַ ווײַטלעכן ווונק אויף אַ תּשובֿה גיט אַנטאָן בינג, רעדנדיק וועגן ייִדישן „מכירת יוסף“, וואָס איז געשפּילט געוואָרן אין פֿראַנקפֿורט־דמײַן פֿאַר דער שׂרפֿה פֿון יאָר 1711. אין יאָר 1546, דערמאַנט ער, איז אין דראייגענער שטאָט שוין פֿאַרפֿאַסט געוואָרן פֿון איינעם מאַטיאַס רייטער אַ דײַטשע יוסף־דראַמע, און אַ צווייט דײַטש שטיק אויפֿן זעלביקן סוזשעט האָט דער שטאָטראַט מיט עטלעכע יאָר שפּעטער דערלויבט אַ גרופּע געזעלן צו שטעלן אין ראַמהאָף; אין יאָר 1690, ווידער, איז אין דרעזדן און לײַפּסק אַרויס פֿון דרוק די פּיעסע „דער ריינער יוסף“ פֿון דײַטש כריסטיאַן ווײַס. אויך אינעם רעפּערטואַר פֿון די דײַטשע וואַנדער־טרופּעס אין אָנפֿאַנג פֿון 18טן יאָר־הונדערט האָבן זיך געפֿונען טעאַטער־שטיק אויף דראייגענער טעמע. מיינט דער דײַטשער פּובליציסט: די אַלע דראַמאַטישע ווערק זענען דעם מחבר פֿונעם ייִדישן „מכירת יוסף“ מן־הסתם געווען קוים באַקאַנט, אָבער הערן פֿון זיי האָט ער געמוזט, און זיי טאַקע האָבן עס אים אפֿשר געגעבן דעם אימפּולס אָנצושרײַבן אַן ענלעכע פּיעסע אויף ייִדיש[1].

3. ד״ר אַלפֿרעד לאַנדוי אין די Mitteilungen XIII, (1904) 30, מאַכט די באַמערקונג, אַז „די פֿאָרעם פֿונעם פּורים־שפּיל דערמאַנט לעבעדיק די פֿאָלקסטימלעכע פּיעסע (Schauspiel) פֿון אויסלאָז מיטלאַלטער“ (געמיינט, לויט אַלע סימנים, די „פֿאַסטנאַכטשפּיל“).

4. אין דער ייִדישער ענציקלאָפּעדיע אויף רוסיש, באַנד VII (אַרויס צווישן 1910 – 1912) עמוד 322, שרײַבט י. צינבערג:

— די ייִדישע דראַמע איז נולד געוואָרן אונטער דער השפּעה פֿון די דײַטשע דראַמאַטישע פֿאָרשטעלונגען, וואָס האָבן צו דער עפּאָכע פֿון דער רעפֿאָרמאַציע בכּלעכווײַז אָנגעווירן זייער ריין רעליגיעזן כאַראַקטער און, חוץ די מיסטעריעס און מיראַקלען אויף

1 זע מײַן אַרטיקל אין דער „טעאַטער־וועלט“ 1909, נומער 7.

ווייַנאַכט און פּאַסכע, בהדרגה זיך אומגעוואַנדלט אין וועלטלעכע קאַרנאַוואַל־ספּעקטאַקלען, אויף וועלכע די יוגנט פלעגט אָפּשפּילן כלערליי פּאַרסן. פּונקט אַזוינע פּאַרסן, אויף ביבלישע טעמעס דערעיקרשט, האָט מען צונויפגעשטעלט אויף זשאַרגאָן[1] און געשפּילט פּורים, חנוכּה און אויף חתונות.

אין באַנד XIII פון דער זעלביקער ענציקלאָפּעדיע, עמוד 127 א״וו, רעדט צינבערג אויך וועגן דער דייַטשער „ביבלישער קאָמעדיע“, ווי וועגן אַ מוסטער, אויף וועלכן עס האָבן זיך מן־הסתם פּאַרקוקט מחברים פון „פּורים־שפּילן“.

5. שיפּער נעמט־איבער ראָזנבערגס, לאַנדויס און צינבערגס פּרינציפּיעלע טעזיסן (אַגבֿ, אָן דערמאַנען דעם מקור), אָבער פּרעציזירט זיי נישט, הגם אָן אַ פאַרפּינקטלעכנדיקן אַנאַליז וועט מען קיינמאָל נישט קומען צו אַ באמת וויסנשאַפטלעכער געשיכטע פון יידישן טעאַטער (און פון דער יידישער דראַמע).

6. צוערשט אין דייַטשלאַנד זענען יידישע פּיעסעס געוואָרן געשריבן (נאָנט צום סוף פון 16טן יאָרהונדערט) און געשפּילט (זיבטן אָנהייב פון 18טן), — בעט זיך אַליין דער אויספיר: לויט דייַטשישע מוסטערן האָט מען דאָס געטון.

לויט וועלכע?

(a) בינג רופט אָן ביבלישע דראַמעס אויסן 16טן און 17טן יאָרהונדערט און אויך אויס דער התחלה פון 18טן.

(b) אַ. לאַנדוי ווייַזט־אָן אויף די „פאַסטנאַכטשפּילן“.

(c) צינבערג רעדט נעפלדיק וועגן די דייַטשע „מיסטעריעס“ און „מיראַקלען“ (הגם דייַטשלאַנד האָט די לעצטע בכלל נישט געהאַט) און קלערער וועגן ביבלישע קאָמעדיעס, קאַרנאַוואַל־שפּילן און פּאַרסן.

(d) לויט שיפּער I 24 זאָלן „די עלטסטע פּורים־שפּילן, וואָס זענען אונדז באַקאַנט פון 16טן[?] יאָרהונדערט“ זייַן „ס׳רובֿ שאַפונגען, וואָס זייערע מחברים האָבן גענומען אַלס מוסטער די דייַטשע פאַסטנאַכט־שפּילן און פּאַרסן פון ענדע 15טן און אָנהייב 16טן יאָרהונדערט“.[2] פון ז׳ 25 א״וו דאָרטן גופא וואָלט מען אפשר געמעגט דרינגען, אַז די דייַטשע „מיסטעריע“ האָט, לויט דער מיינונג פון דעם זעלביקן אויטאָר, קיין איינפלוס אויף דער יידישער דראַמאַטיק נישט געקענט האָבן.

1 אַזוי האָט נאָך געהייסן יידיש בייַ די באַלבאַטים פון דער ציטירטער ענציקלאָפּעדיע.

2 סך־הכּל איז פונעם 16טן י״ה אונדז באַקאַנט בלויז איין פּיעסע, שטאַמט דאָס מוסטער פון יאָר 1582 (זע אויווען ז׳ 150), ד״ה נישט „פון ענדע 15טן און אָנהייב 16טן יאָרהונדערט“!

אָבער אין פינף יאָר אַרום איז שוין ביי שיפערן אַ רייד וועגן דעם, „אַז דער עלטסטער צייטפּונקט, זינט ווען עס שאַפט זיך אַ בריק צווישן דער אַלטדייטשער מיסטעריע־שפּיל און דער יידישער דראַמאַטיק, קען נישט ליגן ווייטער, ווי אין אָנהייב פון 14טן יאָרהונדערט", און אַז „די תקופה, אין וועלכער די יידישע דראַמאַטיק שטייט אונטערן איינפלוס פון דער דייטשער מיסטעריע, גרייכט פון אַן ערך דעם 14טן ביז אַן ערך דעם סוף פון 16טן יאָרהונדערט" (III, 121); אויך וועגן דעם, אַז אין יידיש זענען אויפגעקומען „הייליקע שפּילן לויטן מוסטער פון דייטשע מיסטעריע־שפּילן".. (232).

די אַלע אויספירן שיפּערס וועגן כלומרשטן פאַרבונד פון די „פּורים־שפּילן" מיט די אַלטדייטשע „מיסטעריעס" („הייליקע שפּילן") האָבן, צום באַדויערן, איין גרויסן חסרון: טראָגן אַ ריין־ספּעקולאַטיוון כאַראַקטער, נישט אונטערגעהאַלטן אַבסאָלוט מיט קיין שום פאַקטישע ראַיות, און דעריבער נישט איבערצייגעוודיק.

(e) צו ענדגילטיקע, וויסנשאַפטלעך זיכערע רעזולטאַטן וועט מען זיך משמעות קענען דערשלאָגן ערשט נאָך דעם, ווי מע וועט זיך האָבן אָנגעטון די טירחא איבערצולייענען מיט קאָפּ די גאַנצע דייטשישע דראַמאַטישע ליטעראַטור פון די עלטסטע צייטן אָן ביז צו דער מיט פון 18טן יאָרהונדערט און צו פאַרגלייכן מיט איר די יידישע פּיעסעס, וואָס זענען אויפגעהיט געוואָרן אין מאַנוסקריפּטן צי דרוקן.

אָבער לעת־עתה וועט אפשר דאָך נישט זיין איבעריק זיין אין שייכות מיטן באַרירטן פּראָבלעם צו פאָרמולירן דאָ אַ פּאָר טעזיסן, מעגן זיי אַפילו אָנגיין בלויז פאַר שלעגישע אַרבעטס־היפּאָטעזעס.

**7. אַ קרובישאַפט צווישן די דערמאָנטע יידישע פּיעסעס און די אַלטדייטשישע „הייליקע שפּילן" („מיסטעריעס")** קען אַ פּריאָרי אָפּגעוואָרפן ווערן (מיט איין באַוואָרעניש: דערדורך וועט מען, פאַרשטייט זיך, נישט פּטור ווערן פונעם חובֿ איבערצו־קאָנטראָלירן דעם טעזיס מיט דער הילף פונעם פאַראַנענעם דאָקומענטאַלן מאַטעריאַל).

די מאָטיוון:

(א) די קירכלעך־רעליגיעזע (קאַטוילישע) פיזיאָגנאָמיע פון דער מיטלאַלטערלעכער דייטשער „מיסטעריע". ווען די לעצטע איז זיך שוין זייער צעוואַקסן, ביז גאָר אָנגעשטאָפּט מיט וועלטלעך־קאָמישע עלעמענטן, איז זי דאָך נאָך געבליבן דעמאָנסטראַטיוו קריסטלעך

(נאָמען, הויפּטסוזשעט, סימבאָליק, רעקוויזיט וכ׳). איבעריקנס, די ווײַנאַכטס־ און פּאַסיע־שפּילן האָבן אין תוך נישט געקענט זײַן קיין אַנדערע.

אויסן רעפּערטואַר: „יעזונס קינדשאַפֿט" (דאָס 14טע יאָרהונדערט), „קריסטוסנס תחית־המתים" (1391), „שפּיל פֿון דער הייליקער דאָראָטייע" (דאָס 14טע י"ה), די לעגענדע פֿון טעאָפֿילוס...

(ב) די ליטעראַריש־קאָמפּאָזיציאָנעלע און טעאַטראַליש־טעכנישע אייגנשאַפֿטן פֿון דער דאָזיקער מיסטעריע.

זי איז, ווי אויוון, ז׳ 52, שוין דערציילט, געווען אַ כאַאָטישע אָנגלידערונג פֿון פֿאַרשידנאַרטיקע, איניק צווישנאַזאַמען לחלוטין נישט געקניפּטע שטאָפֿן, אומגעלומפּערט לאַנג (אַ ספּעקטאַקל מיט איין שטיק, פֿון אינדערפֿרי ביז אין אָוונט געשפּילט, פֿלעגט פֿאַרשלינגען עטלעכע טאָג און צוווײַלן אַפֿילו וואָכן).

אַקעגן, די אַלטייִדישע „פּורים־שפּילן" האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט קורצקייט — שפּילעכלעך געווען אין פֿאַרגלײַך מיט דער מאָנסטרועז צעפּוישטער „מיסטעריע".

(ג) די לעצטע איז געשריבן געוואָרן פֿאַר קאָמפּליצירטע פֿאָרשטע־לונגען מיט פּילשטאָקיקע בינעס און קונציקע מאַשינערײַען (זע אויוון, זז׳ 50, 62); די „פּורים־שפּילן" – פֿאַר סעאַנסן „אויפֿן שפּרונג", אַזויצו־זאָגן (אויף עטלעכע צענדליק מינוט, העכסטנס אויף אַ פּאָר שעה).

(ד) אַ היסטאָריש־כראָנאָלאָגישער מאָמענט: בשעתן דרײַסיקיעריקן קריג (1618–1648) האָבן דראַמאַטישע פֿאָרשטעלונגען אין דײַטשלאַנד כמעט ווי אינגאַנצן אויפֿגעהערט, „אין משך פֿון דער לאַנגער צײַט איז דעריבער ביסלעכווײַז פֿאַרשוווּנדן דאָס שײַכות צו דער אַלטער דראַמע" (קורץ, 163), און שפּעטער וואָלט ווען, גראָד בײַ די ייִדן דאָרטן זאָל דורך די דרײַ יאָרצענדליק חורבן און טויט (און כלערליי פּורעניות דערנאָך) דווקא אָנהאַלטן און ביז אין 18טן יאָרהונדערט אַרײַן אומבאַשעדיקט בלײַבן די פֿאַנטאַסטישע „בריק צווישן דער אַלטדײַטשער מיסטעריע־שפּיל און דער ייִדישער דראַמאַטיק"!

8. דאָס דײַטשע מוסטער פֿאַר די „פּורים־שפּילן" האָבן געקענט זײַן נאָר: (א) די „ביבלישע דראַמעס", (ב) די קאַרנאַוואַל־שפּילן („פֿאַסטנאַכטשפּילן"), (ג) די אַזויגערופֿענע „ענגלישע קאָמעדיעס".

(a) „ביבלישע דראַמעס" באַווײַזן זיך בײַ די דײַטשן שוין אין דער מיט פֿון 16טן יאָרהונדערט[1] (וואָס שייך דער שפּראַך

1 Susanna („שושנה") פֿון סיקסט בירק (באזל 1532); Susanna פֿון פּאול

אַקעגנשטעל די לאַטײַנישע שולקאָמעדיעס). די טעמאַטיק זייערע (ס׳רובֿ אויס דעם תּנך) איז אַ רעאַקציע קעגן די „מיסטעריעס״, אין וועלכע מע פֿלעגט אַרויספֿירן אויף דער סצענע קריסטוסן, זײַן מוטער וכ׳. נאָך דער רעפֿאָרמאַציע האָט מען דאָס מיין נישט פֿאַרטראָגן — דערפֿון די ווענדונג צום אַלטן טעסטאַמענט, ווו ס׳איז דערצו נאָך געווען מער שטאָף פֿאַר דראַמאַטישער באַאַרבעטונג. די ביבלישע פּיעסעס ווערן אַלע פֿאַרפֿאַסט אין פּראָטעסטאַנטישן גײַסט,[1] ממילא נישט קירכלעך פֿאַרפֿאַרבט, ווי די קאַטוילישע „הייליקע שפּילן״. די פֿאָרעם זייערע, אין זין פֿון ליטעראַריש־קינסטלערישער באַאַרבעטונג נאָך גאַנץ פּרימיטיוו, לײַדט פֿון צעצויגנקייט, די דראַמאַטישע האַנדלונג איז ס׳רובֿ טויט — ווי בײַ געלערנטע מחברים, וואָס האָבן טאַקע גוטע כּוונות, אָבער נישט קיין טאַלענט.

שפּילן פֿלעגט מען די „ביבלישע דראַמעס״ אין גרעסערע לאָקאַלן, אַמאָל אויך אונטערן פֿרײַען הימל. די אַקטאָרן: קינדער פֿון בירגער, ד״ה מערסטנטיילס ליבהאָבער.[2]

גראָד דער דאָזיקער דראַמאַטישער זשאַנער האָט געקענט פֿאַר־אינטערעסירן די ייִדן — מיט דער סוזשעטיק, וואָס איז זיי געווען אַזוי פֿאַרשטענדלעך און נאָענט (בײַ אַבסאָלוט נישטקירכלעכן פּרצוף פֿון די פּיעסעס און אויפֿפֿירונגען).

אַן אַנאַלאָגיע, וואָס איז, נאַטירלעך, געקומען פֿון נאָכקאָפּירן: „מכירת יוסף״ און „דוד און גלית״ זענען אין פֿראַנקפֿורט־דמײַן פֿאַר דער שׂרפֿה פֿון יאָר 1711 פֿאָרגעשטעלט געוואָרן דורך „עטלעכע פּרעגער און האַמבורגער ייִדן־סטודענטן״,[3] ד״ה משמעות ישיבֿה־בחורים. ווען דאָס ערשטע פֿון די צוויי שטיק איז דערנאָך געוויזן געוואָרן אין מעץ, זענען אַהין צו דעם צוועק געקומען צו פֿאָרן (עקסטרע?) אייניקע פֿון די אָנטיילנעמער אין די פֿראַנקפֿורטער ספּעקטאַקלען.[3] — די אויפֿפֿירונג פֿון „אַקטאַ אסתּר

---

רעבהון (צוויקוי 1536); Judith („יהודית״) פֿון סיקסט בירק (אויגסבורג 1539); Heirat Isaacs („יצחקס חתונה־האָבן״) פֿון האַנס טיראָלף (וויטנבערג 1539); Joseph („יוסף״) פֿון טיבאָלדט גאַרט (שטראַסבורג 1540); Ruth („רות״) פֿון ניקאָדעמוס פֿרישלין (1547—1590)...

1 די קאַטוילן אין דײַטשלאַנד האָבן איגנאָרירט דעם זשאַנער, אַפֿילו ענערגיש אַקעגנגעווירקט (דערהויפּט די יעזויִטן), שטאַרק ווײַטערפֿלאַנצנדיק די לאַטײַנישע „שולקאָמעדיעס״.

2 זע: הײַנריך קורץ, 83, 115 א״וו, 118.

3 לויט שודט. זע מײַן אַרטיקל אין דער „טעאַטער־וועלט״ 1909, נ׳ 7.

מיט אַחשורוש" אין פּראָג אַרום 1720 איז, ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, אויך געווען די אַרבעט פֿון ישיבֿה־בחורים.[1]

(b) וועגן די „פֿאַסטנאַכט־שפּילן", זייער שניט און אויפֿפירונג איז שוין געווען אַ רייד אויוון אין קאַפּיטל II (ב, 3, ג) און III (ה, 1).

זיי האָבן געקענט ווערן אַ מוסטער פֿאַר ייִדן אַדאַנק אַזעלכע שטריכן זייערע: (א) פֿון געבוירן וועלטלעך, אָן אַפּוטרופּסות פֿון קירך און קלער אַ לעבן טרײַבנדיק (פֿאַרקערט, פֿון זיי קוים טאָלערירט), האָבן די שפּילן אין פּרינציפּ נישט געהאַט אין זיך יענעם עלעמענט, וואָס האָט געמוזט שאָקירן אַ דעמאָלטיקן ייִדן אין די „מיסטעריעס"; (ב) די טעמאַטיק, רעאַליסטיש (אַפֿילו נאַטוראַליסטיש), איז בכוח געווען צוצוציִען דעם אינטערעס פֿון אַ נישטקריסט אויך; (ג) דער קורצער טעקסט פֿון די זאַכן, דאָס פּשטות און פֿאָלקסטימלעכקייט פֿון פֿאָרעם און פֿון אופֿן רעפּרעזענטירן האָבן געלאָקט צו גרינגן נאָכשאַפֿן; (ד) טומלען זיך מיט זיי פֿלעגט אין קאַרנאַוואַל, ד״ה אומגעפֿער אין דער צײַט, ווען ס׳געפֿאַלן געוויינטלעך חנוכּה און פּורים מיט זייער פֿריילעך שטיפֿן, האָט לײַכט געקענט קומען אויפֿן רעיון, די ייִדישע יום־טובֿדיקע פֿאַרווײַלונגען צו באַרײַכערן מיט נאָך איינער, פּונקט ווי אַנדערע (אַ שטייגער, ווי דאָס פֿאַרשטעלן זיך, אַרומלויפֿן אין מאַסקעס וכ׳) אָן אָפּגעלערנטער פֿונעם אַרום.

(c) די „ענגלישע קאָמעדיאַנטן", וואָס האָבן זינטן לעצטן פֿערטל פֿון 16טן יאָרהונדערט פֿאַרפֿלייצט דײַטשלאַנד (קאַפּ׳ III, ה, 2), מיטבריינגענדיק אַן אייגענעם רעפּערטואַר און נעמענדיק דעם עולם מיט דער פֿאַרשידנאַרטיקסטער סוזשעטיק און מיט איר לעבעדיקער באַאַרבעטונג, האָבן געגעבן אַ טויטקלאַפּ דער איינטאָניקער „ביבלישער דראַמע" פֿון די געלערנטע, וואָס זענען נישט פֿעיִק געווען צוצופּאַסן זיך צום נײַעם שניט; די „פֿאַסטנאַכטשפּילן", אַקעגן, מיט זייער קיינמאָל נישט ערנצטן כאַראַקטער, זענען גרינג אַרונטערגעפֿאַלן אונטערן אײַנפֿלוס פֿון דער „ענגלישער קאָמעדיע", פֿלײַסנדיק זיך נאָכצומאַכן אירע קוואַליטעטן און פֿאַרהײַנטוועלטיקן זיך, אַזויצוזאָגן.

איין וויכטיקער דעטאַל: אין אַלע פֿריִערדיקע דײַטשע שפּילן, סײַ די „גײַסטלעכע", סײַ די וועלטלעכע, איז די פֿריילעכע פּערזאָן, דער לוסטיקמאַכער, געווען דער טײַוול, תּמיד געוויזן ווי אַ לעקיש, אַ למך,

---

1 די לאַטײַנישע „שולקאָמעדיעס" אין דײַטשלאַנד פֿלעגן געשפּילט ווערן אין די שולן דורך שילער־אַמאַטאָרן.

וועמען אַלע אַרום פֿירן פֿאַר דער נאָז. אויך אין ענגלאַנד איז אַמאָל געווען אַזוי, אָבער איין אַלעגאָרישע פֿיגור פֿון די מאָראַליטעטן – Vice („די מיאוסע מידה") – האָט זיך דאָרטן ביסלעכווײַז טראַנספֿאָרמירט אינעם רעאַליסטישן געשטאַלט פֿונעם אַלטענגלישן פֿאָלקס־לץ–Clown–, וואָס איז אין לעצטן פֿערטל פֿון 16טן יאָרהונדערט שוין געווען אָבליגאַטאָריש אין יעדער פּיעסע, נישט קיין שמענדריק מער, וועמען איטלעכער, ווער ס'וויל נאָר, קען קריכן אויפֿן קאָפּ, נאָר אַ שאַרפֿזיניקע, ציניש בעסטיע, וואָס קען דורך־און־דורך דאָס לעבן און די מענטשן, דרייט זיך אַרום אויף גאָטס דרערד מיט דער מאַסקע פֿון אַ תּם אויפֿן גנבֿישן פּנים, מאַכט דאָס גענאַר פֿון אַלץ און פֿון אַלעמען, פֿירט אין באָד אַרײַן רײַך און אָרעם, גרויס און קליין.

דעם דאָזיקן ק ל ו י ן פֿון די אײַנגעוואַנדערטע „ענגלישע קאָמעדיאַנטן" האָבן די דײַטשע „פֿאַסטנאַכטשפּילן" תּיכּף אויפֿגעכאַפּט, רופֿנדיק אים מיט פֿאַרשידענע נעמען (Johann Bousset, John, John Eulenspiegel, Pickelhering, Clown, Hans Wurst).

די ייִדן איז נישט שווער אָנגעקומען צו זען אי די „ענגלישע קאָמעדיעס", אי די נײַערע „פֿאַסטנאַכטשפּילן". קעגן אָנהייב פֿון 18טן יאָרהונדערט האָבן שוין כּמעט אַלע דײַטשע רעזידענץ־שטעט און רײַכערע ישובֿים געהאַט ספּעציעלע טעאַטער־בנינים. אַז ייִדן פֿלעגן גיין אַהין, דרינגט אַרויס אויסן צאָרן פֿון אַזאַ י ה ו נ ת ן א י י ב ע ש י ץ[1] (1690 – 1764), י ע ק בֿ ע מ ד י ן[1] (1697–1776) צי י ח ז ק א ל ל אַ נ ד ע[1] (1713 – 1793). זענען געווען, הייסט עס, קאַנאַלן פֿאַר השפּעות פֿון דער „ענגלישער קאָמעדיע" (דירעקט אָדער דורך דער „פֿאַסטנאַכטשפּיל") אויף דער יונגער ייִדישער דראַמאַטיק. קאָנקרעטער וועט מען קענען וועגן דעם רעדן ערשט נאָך גרינטלעכע פֿעדערפֿאָרשונגען.

(d) אויף צו איבערצײַגן זיך, אַז די דײַטשע מוסטערן פֿאַר די „פּורים־שפּילן" האָבן געמוזט זײַן זייער פֿאַרשידן, איז גענוג צו פֿאַרגלײַכן די צוויי ייִדישע פּיעסעס, וואָס ש ו ד ט האָט איבערגעדרוקט בײַ זיך.

„מ כ י ר ת י ו ס ף" איז אַ „ליטעראַריש ווערק", קען מען זאָגן, זויבער אין אינהאַלט, ערנצט אין טאָן (אַפֿילו דער „פּיקלהערינג" דאָרט

---

1 זע די רעגעסטן 16–18 בײַ ערנסטן. — די דײַטשע גײַסטלעכע פֿון דערזעלביקער צײַט (סײַ די פּראָטעסטאַנטישע, סײַ די קאַטוילישע) האָבן אויך אויסגערופֿן טעאַטער־אויפֿפֿירונגען פֿאַר גאָטלעסטערונג און אַקטאָרן פֿאַר פֿאַרשאָלטענע בריאות (קורץ, 165), נאָר מע האָט זיי ווינציק געהאָרכט.

איז שמוציק נאָר אין דער מאָס, וואָס איז אין יענער עפּאָכע מיט איר נאַטוראַליסטישן לשון געווען נאָרמאַלער שטייגער). די שפּראַך — אַ „געלערנטע“, ווימלט מיט צײַטווערטער אויף ‎-irn[1] („אָבסערווירן, אינפֿאָרמירן, יודיצירן, עסטימירן, עקסקוסירן“ אאַז״וו אאַז״וו — ס׳רובֿ פֿון גרינגן גראַם וועגן באַניצט) און מיט כּלערליי פּרעמדווערטער („ווערגוניע, סערמאָניע, אַ פּראָפּאָ, דעקומפּענץ“ און דעסגלײַכן; אַ גראַם: „פּאָטענטאַטע / מאַנדאַטע / סאָלדאַטע“).

די „אחשורוש־שפּיל“, אַקעגן, איז אַ פֿאָלקסשטיק אין פּרימיטיווסטן זין פֿון וואָרט מיט פֿולשטענדיקסטן אויפֿגעקנעפּלטקייט פֿון געמיט און הפֿקרדיקסטן צעבאָמבלטקייט פֿון צונג, אָנגעשריבן, לויט אַלע סימנים, נישט פֿון קיין למדן (כּמעט אַלע העברעיִזמען זענען בײַ אים אויסגעלייגט אויף אַ נאַטוראַליזירטן אופֿן), נאָר פֿון איינעם, וואָס איז געווען אַ שטיקל „גראָבער פּליגל“.[2]

---

# קאַפּיטל VII

נאָכן פֿאָריקן קאַפּיטל, ווו ס׳ווערן אַרומגערעדט די ערשטע פּרוּוון פֿון ייִדישער דראַמאַטישער ליטעראַטור (סוף פֿון 16טן יאָרהונדערט, סוף פֿון 17טן, אָנהייב פֿון 18טן) און די ערשטע באַקאַנטע עפּנטלעכע אויפֿפֿירונגען פֿון „פּורים־שפּילן“ (התחלה פֿון 18טן י״ה), איז באַרעכטיקט אַן אויפֿקלערונג פֿון די פּאָר שורות, מיט וועלכע דער גאַנצער עטיוד הייבט זיך אָן: „טעאַטער — אין ברייטערן זין פֿון באַגריף — איז בײַ ייִדן אויפֿגעקומען ערשט אין נײַנצעטן יאָרהונדערט — גענויער: אין לעצטן פערטל זײַנעם“.

## א

קורץ מיט דער זאַך זיך אָפּצופֿאַרטיקן, זאָל דאָ באַלד געזאָגט ווערן, אַז די גאַנצע אַלטע ייִדישע דראַמאַטיק — די „פּורים־שפּילן“ מיט די אויפֿפֿירונגען זייערע ביז צום אויסלאָז פֿון 18טן יאָרהונדערט — קומען מיר פֿאָר נאָר ווי „אַ טעאַטער אין עפּיזאָדן“, אויב מע קען זיך אַזוי אויסדריקן, — אַ קאַפּיטל פֿאָרגעשיכטע פֿון דער ייִדישער בינעקונסט.

1 זע מײַן ארבעט: „צײַטווערטער מיטן סופֿיקס ir אין די ייִדישע מונדאַרטן“ (ייִוואָ־בלעטער 1934, באַנד VI, ז׳ 117 א״וו).

2 זע מײַן עטיוד אין דער „טעאַטער־וועלט“ 1909, טאָפּל־נומער 8—9 (21—22).

1. שוין דער אינווענטאַר פֿון די אַלט־ייִדישע פּיעסעס איז ניט אַזעלכער, עס זאָל זײַן אַ גרונט אים צו פֿאַררעכענען צו די רײַכערע: 1 שטיק פֿון פֿאַר קנאַפּע פֿערדהאַלבן יאָרהונדערט („יונה" אין אײַזיק וואַליכס זאַמלונג), נאָך איינס פֿון מיט אַן ערך דריטהאַלבן הונדערט יאָר צוריק (דער לײַפּסקער כּתבֿ־יד פֿון אַן „אַחשורוש־שפּיל") און ווינציקער ווי אַ צענדליק (כּתבֿ־ידן און ערשטדרוקן) פֿונעם אַכצעטן יאָרהונדערט – דאָס איז די גאַנצע ירושה, וואָס איז אונדז איבערגעלאָזט געוואָרן פֿון דער אַלט־ייִדישער דראַמאַטיק.

ס'איז ניט צו לייקענען דאָס מעגלעכקייט, נאָך אַנדערע דראַמאַטישע ווערק פֿון דעם מין זאָלן האָבן עקזיסטירט בײַ ייִדן אין די דײַטשישע און סלאַווישע מדינות, דערהויפּט אין 18טן יאָרהונדערט: אייניקע – אין כּתבֿ־ידן, וואָס זענען ניט אויפֿגעהיט געוואָרן ביז אונדזערע צײַטן; אַנדערע – אין מינדלעכער טראַדיציע, אײַנגעחזרט פֿון שטעטלדיקע פּורים־שפּילער און דערנאָך, פֿונעם זיכּרון, בעל־פּה, איבערגעפֿערט פֿון דור צו דור; אָבער, צוריקגעשמועסט, מוז מען זיך דאָך אָפּגעבן אַ חשבון, אַז אויך מיט די דאָזיקע היפּאָטעטישע מאַטעריאַלן אינאיינעם וואָלט דאָס אַלגעמיינע בילד פֿון דער אַלט־ייִדישער דראַמאַטישער ליטעראַטור ניט אויסגעזען פֿיל אימפּאָזאַנטער.

דאָס כּמות אַליין – איז איבעריק זיך צו באַוואָרענען – וואָלט אין אַזאַ פֿאַל ניט געקענט זײַן דער איינציקער מעסטער בײַ אָפּשאַצונג און רעזיומירונג, ווען ניט דער פֿאַטאַלער אומשטאַנד, אַז דאָס איכות איז לגמרי ניט ביכולת צו פֿאַרריכטן דעם אָנבליק פֿונעם געמעל.

פֿונעם קנאַפּן טוץ אַלט־ייִדישע פּיעסעס, וואָס זענען (אין מאַנוסקריפּט צי אין דרוק) אַנטרונען געוואָרן פֿון פֿאַרגעסנקייט, זענען מיר נעענטער באַקאַנט פֿינף: די „יונה"־דראַמע, די אחשורוש־שפּיל (בײַ שודטן), דער מכירת־יוסף (אויך בײַ אים) און די צוויי, וואָס ווײַנרײַך רעפֿערירט אין צווייטן באַנד פֿילאָלאָגישע שריפֿטן. אַלץ אין זיי איז קינדיש־נאַיִוו ביז גאָר: דער בוי אומבאַהאָלפֿן, די אַקציע קוים שקיצירט, די פּערסאָנאַזשן טויט (קיין צייכענונג פֿון כאַראַקטער, קיין שמץ פּסיכאָלאָגישע פֿאַרטיפֿונג), די שפּראַך ס'רובֿ שווער, שטאָלצנדיק, ניט־ייִדיש. ווי עס האָט זיך געדײַטשלט, אַזוי האָט זיך געייִדלט. די אַלט־ייִדישע נאָכמאַכעכטסן זענען באַשײַמפּערלעך ניט בעסער פֿון די דײַטשע מוסטערן, און וואָסער פּנים די לעצטע האָבן געהאַט, איז שוין דערציילט געוואָרן אויבן, אין קאַפּיטל III, ה.

אין דער „יונה"־דראַמע באַשטייט דעם „אויטאָרס" זעלבשטענדיקער אויפֿטו נאָר אין קירצן דעם דײַטשן אָריגינאַל, וואָס איז פֿאַרפֿאַסט געוואָרן דורך צוויי קליינע שרײַבער־

לעך. — דאָס פֿאָלקסטימלעכע (פֿאָלקלאָריסטישע) אין „אחשורוש-שפּיל“ (שודטס טעקסט) איז גראָב, נידריק-סאָרטיק. — דאָס גײַפֿל באַנאַלע פֿאָלקסוויצן איז צו שוואַך אויף צו נייטראַליזירן דאָס גראָבע לאַנגוויַליקייט פֿון די איבעריקע דרײַ דער־מאָנטע שטיק.

אין טיפּיש־מגידיש־„פּאַטריאָטישע“ אויסדריקן לויבט שיפּער III 237 אײו דעם „פּאַטאָס“ פֿון די אַלט־ייִדישע „פּורים־שפּילן“, איגנאָרירנדיק דעם עלעמענטאַרן כּלל, אַז דער שענצטער און שטאַרקסטער פּאַטאָס האָט קיין ווערט נישט, ווען מע אַבסטראַהירט אים פֿון אינהאַלט און פֿאָרעם, און אַז מכּל־שכּן איז אַנאַכראָניסטישער, אַלטשאַבלאָניקער „פּאַטאָס“ נישט מסוגל צו הייבן די ווערדע פֿון ווערק, אין ליטעראַריש־קינסטלערישן זין דורכויס נישטיקע (העכסטנס קען ער אַרויסרופֿן קולטור־געשיכטלעכן אינטערעס).

**2.** פּיעסעס (צי געשריבענע צי געדרוקטע), מעג די צאָל זייערע אַפֿילו זײַן מי יודע ווי גרויס, מאַכן אַליין פֿאַר זיך נאָך נישט קיין טעאַטער.

טעאַטער איז אויפֿפֿירונג, שפּיל, — בינע, אַקטאָר.

עפֿנטלעכע פֿאָרשטעלונגען פֿון „פּורים־שפּילן“ זענען אויף דער אַלטייִדישער גאַס אָבער געווען אַן אויסערגעוויינטלעך זעלטענע דערשײַנונג.

פֿאַר צוויי שטעט ווייסן מיר פֿון איינציקע פֿאַלן; דאָס זענען: מעץ, פּראָג (זע קאַפּ' VI, ב, 3).

אין פֿראַנקפֿורט־דמײַן האָט מען אַ שטיק צײַט פֿאַר 1711 געשפּילט יעדן אָוונט 14 טאָג פֿאַר פּורים און 14 נאָך פּורים, ד"ה אַ גאַנצן לבֿנה־חודש. ווען די ספּעקטאַקלען זענען באַנײַט געוואָרן דרײַ יאָר נאָך 1711, האָט מען שוין געמעגט שטעלן די פּיעסעס בלויז 8 טאָג פּורים־צײַט און 8 חנוכּה־צײַט (לויט שודטס נישטקלאָרער אינפֿאָרמאַציע וואָלט אויסקומען, אַז נאָך ערגעץ־ווו אין דײַטשלאַנד זאָלן ייִדן האָבן אַרויסגעקריגן אַן ענלעך דערלויבעניש[1]). אויך דאָ האָבן מיר אַזוי־אַרומערט צו טון מיט ספּאָראַדישקייטן: אַן אימפּרעזע, וואָס איז אין אַקטיוקייט באַגרענעצט אויף 16 טאָג אין יאָר, קען נישט זײַן מער ווי אַן עפּעמערידע; עס זענען נישט געמאָלט: נישט אויסבילדונג פֿון טעכנישער רוטין און אַרטיסטישער טראַדיציע, נישט פּראָגרעס און נײַעס־אויפֿטוערײַ. אָבער קודם־כּל: ס'איז נישט שכיח צו האַלטן אַ שטענדיקן לאָקאַל פֿאַר אויפֿ־

---

1 וועגן פֿאַקטישע פֿאָרשטעלונגען אין יענע שטעט רעדט ער נישט. זע מײַן אַרטיקל אין „טעאַטער-וועלט“ 1909, נומער 7.

פירונגען, און ס׳פעלן די פעדעם, וואס זאלן צונויפבינדן די צופעליקע שפילער אין א קאלעקטיוו פון א שטאבילער טרופע.

3. אויס דער עפאכע, וועלכע מיר באהאנדלען אצינד, איז נישט באקאנט קיין איין פאל פון יידישע פארשטעלונגען חוץ חנוכה און פורים, קיין איין שטענדיקער (מעג זיין כאטש גע־דונגענער) יידישער טעאטער־לאקאל, קיין איין פראפעסי־אנעלע יידישע אקטארן־טרופע.

שיפער מאכט „פון א ווארט א קווארט״[1]: פון שודטס קליינער אינפארמאציע, אז צו דער מעצער פארשטעלונג זענען געקומען שפילן עטלעכע ישיבה־בחורים, אנטיילנעמער פון די פראנקפורטער אויפפירונגען (זע אויוון, ז׳ 153), ווערן ביי אים (I, 190 א״וו) גאנצע צוויי קאפיטל וועגן א כלומרשטן „יידישן וואנדער־טעאטער״; דער כוח־המדמה צעשפילט זיך אזוי שטורמיש, אז תוך־כדי־דיבור שפרינגט ארויס א סענסאציע (ז׳ 193): „ווי ס׳ווייזט אויס האבן זיך אין דער ערשטער העלפט 18טן יארהונדערט געשאפן זייער פיל יידישע וואנדער־טעאטערן״... (שפאצירט פון מיר). די „באווייזן״ זענען קאטעגאריש אנעקדאטישע: (1) אויב יהונתן אייבעשיץ (1690 — 1764) אין „יערות דבש״ באשווערט די יידן נישט צו גיין „אין אן ארט, וואס מע רופט עס שויא שפיל, קאמעדיע, אפרייא״ (שוישפיל, קאמעדיע אפער), — „אין די טעאטער־הייזער, ווו די קאמעדיאנטן שפילן אויף

---

1 א שוואכקייט אזויגס. קען איך מאכן פון נישט א יש; למשל, אין מיינע „יידישע פאלקסלידער״ I (ווארשע 1911) 154 איז אפגעדרוקט א פורים־לידל, איז דארט פאראן א סטראפע II:

— היינט אמאל א קודש [?] איבער די גאנצע וועלט. / ווער ס׳האט א שיין לשון, דער גייט פורים פארשטעלט. / איך בין פון א מיל, / איך וועל אייך זינגען א פורים־שפיל, / איך וועל אייך זינגען א שיין שטיקל, / מע וועט מאכן דעם עולם אן אפעטיקל.

צום ווארט „אפעטיקל״ גיב איך צו אונטערן טעקסט דעם פארטייטש, אז ס׳איז אידענטיש מיט אפעטיטל („אפעטיק״ איז א פאלקסעטימאלאגיע; אויך אין פויליש פאראן א פאלקס־פארעם apetyk). שיפער III 178 ציטירט דעם פראגמענט, איגנארירט באוווסטזיניק מיין אויפקלערונג צום ווארט „אפעטיקל״, פאלעמיזירט אפילו מיט מיר נישט, נאר מיט א קוראזש „פון בריק אין וואסער״ דרינגט ער ארויס, אז ביי יידן איז אמאל געווען א באזונדער „אפטייק־שפיל״ אדער „אפעטיקל־שפיל״! (ווייטער אביסל, אויף ז׳ 225, אינעם קאטאלאג פון די פורים־שפילן, פיגורירט ביי אים שוין האסטו־נישט וויסטו־נישט: „דאס אפטייקל־שפיל״...).

אַ בינע״[1], — זאָל עס זײַן אַ סימן־מובֿהק, אַז אין אַלע שטעט, ווו דער פֿאַנאַטיקער איז געווען רבֿ (פּראָג, מעץ, אַלטאָנע, האַמבורג און וואַנדזבעק), „פֿלעגן שפּילן יִדישע וואַנדער־טעאַטערן״...; (2) „די היפּשע צאָל פּורים־שפּילן, וואָס זענען אין דער דאָזיקער צײַט אַרויסגעגעבן [געדרוקט] אין פֿאַרשידענע שטעט און לענדער״[2]...

שאַצקי אין דער דערמאַנטער רעצענזיע האָט שוין ריכטיק אויסגעזעצט שיפּערן, אַז ביז איצט איז בכלל נאָך נישט פֿעסטגעשטעלט געוואָרן דאָס פֿאַראַנען־געווען־זײַן פֿון יִדישע „קאָמעדיאַנטן־טרופּעס״ אין 18טן יאָרהונדערט, אָבער דערבײַ איז ער אַליין ניכשל געוואָרן מיט דער פֿאַרזיכערונג, אַז אין פֿערט זאָל אין יאָר 1747 כּלומרשט יאָ האָבן געשפּילט אַזאַ טרופּע.[3]

**4.** אַ גימנאַזיסט אין צויזמער, האָב איך דאָרט, פּורים 1897, געהאַט אַ געלעגנהייט צו זען פּורים־שפּילער. זיי זענען געקומען אין אַ פּריוואַטהויז און אין אַ נישטגרויסער (סך־הכּל צוויי־פֿענצטערדיקער), גענוג ענג מיט זאַכן פֿאַרשטעלטער שטוב געוויזן אַ קורצינקע אַחשורוש־שפּיל (די צאָל פּערסאָנאַזשן געדענק איך נישט, ס'איז מיר נאָר פֿאַרבליבן דער אײַנדרוק, אַז זי איז געווען מינימאַל) און אַ מיניאַטור פֿאַרסל וועגן אַ שנײַדערל, וואָס מאַכט זיך תּמעוואַטע לגבי אַ באַשטעלער (אַ דרײַ פּערסאָנאַזשן אַרום־און־אַרום). פֿאַר אַ בינע האָט געדינט אַן עיגול (קוים מער ווי אַ מעטער אין דיאַמעטער), אַרום־געהאָנגען מיט לײַלעכער. די אַקטאָרן זענען געשטאַנען מחוץ דעם

---

1 נישט געזאָגט, אַז עס האַנדלט זיך וועגן יִדישע פֿאָרשטעלונגען!

2 געדענקט נישט אַזאַן עלעמענטאַרע זאַך, אַז דרוקן דרוקט מען קודם־כּל צום לייענען. אויפֿן שער־בלאַט פֿון דער „אַחשורוש־שפּיל״, וואָס איז אַרויס אין פֿראַנקפֿורט־דמײַן 1708, שטייט אויסדריקלעך (איך מאָדערניזיר דעם אויסלייג): „דערום אויך, איר בעלבאַטים און בחורים און יונגען, קומט איר באַהענט צו לויפֿן און טוט מיר דאָס שיינע אַחשורוש־שפּיל אָפּקויפֿן; דאָס געלט ווערט [=וועט] אײַך ניט פֿאַרדריסן: ווען איר ווערט דרינען לעזן, ווערט אײַער געלט ווידער געניסן״... (כ'ציטיר לויט שודט, II, 202).

3 אין דער קהילה־תּקנה, אויף וועלכער ער איז זיך סומך, ווערט גערעדט וועגן „קומעדיע און שפּיהל דיעצט דאָזיבד״, און אַזוי ווי ס'איז נישט דער־מאָנט, די ספּעקטאַקלען זאָלן זײַן יִדישע, איז ענדער אויסצופֿירן, אַז זיי זענען געווען דײַטשע. פּשוט: מיט דײַטשישע טרופּעס איז דאָס לאַנד דעמאָלט געווען פֿאַר־פֿלייצט, פֿון קיין יִדישע אויס יענער צײַט איז נישט דערגאַנגען קיין פּיפּס ידיעה!

דאָזיקן פֿאָרהאַנג, נענטער צום פּענצטער, ווו קיין פּובליקום איז נישט געווען, און אַרײַנגערוקט זיך יעדער אויף דער „סצענע“, ווען ס׳איז געקומען צו זײַן אויפֿטריט. עולם האָט צוגעזען דורך די שפּעלטלעך צווישן די פֿאָרהענג־לײַלעכער און פֿון איבער זיי, אויף שטולן שטייענדיק. אָפּגעשפּילט און באַקומען באַצאָלט די פּאָר גראָשן האָנאָראַר, האָט חבֿרה זיך געשווינד אָפּגעטראָגן צו דעמאָנסטרירן די קונסט אין אַנדערע דירות.

קוים האָט מען געמוזט אין איין אָוונט אָפּשטאַטן אַ וויזיט אין וואָס מער הײַזער, כדי אויפֿצומאַכן עפּעס מיין געלט, איז נישט שכיח געווען צו שפּילן לאַנגע זאַכן. עלטערע פּראָטאָטיפּן זענען ממילא גע־קירצט געוואָרן — אין יעדער שטאָט און אין יעדן שטעטל אויף אַן אַנדער אופֿן: דערפֿון נעמט זיך די גרעסערע צאָל מינדלעכע וואַריאַנטן פֿון „אַחשורוש־שפּיל“, פֿון „מכירת־יוסף“, פֿון „גלית־הפּלשתּי“, „עקדת יצחק“ און נאָך אַנדערע שפּילן.[1] אויך די אַקטועלע צוגאָבן פֿון לאָקאַלן כאַראַקטער (אַלוזיעס אויף אָרטיקע מענטשן און געשעענישן וכו׳) זענען געווען פֿאַרשידן לויטן מקום נאָך, נאָך מער פֿאַרגרעסערנדיק די צאָל אונטערשידן צווישן די וואַריאַנטן.

אין וואַרשע מיט אַ יאָר 30 (און אַפילו נאָך 20) צוריק האָט דאָס יאָגן זיך נאָך אַ וואָס רײַכערן פּידיון דערפֿירט די פּורים־שפּילער (מער ווי 2 — 5 פּלעגן אין איין קאָמפּאַניע שוין נישט גיין) דערצו, אַז זיי האָבן אָנגעהויבן יוצא צו זײַן מיט אַ פֿראַגמענט פֿון 20 — 100 שורות (העכסטנס) אויף אַ סעאַנס. פֿון אַזעלכע פֿראַגמענטאַרישע רעפּרעזענטאַציעס זענען עס מיסתּמא אַוועק אין פֿאָלק אַרײַן די פּורים־לידלעך, וואָס אַ טייל פֿון זיי איז פֿאַרעפֿנטלעכט אין ערשטן באַנד פֿון מײַנע „יידישע פֿאָלקסלידער“ (וואַרשע 1911).

מיט אַ יאָר דרײַסיק צוריק איז אין געוועזענעם קאָנגרעס־פּוילן מן־הסתּם נישט געווען קיין יידיש מקום, ווו מע זאָל פּורים נישט שפּילן אַ „מכירת־יוסף“, „המנס מפּלה“ צי אַן אַנדער ענלעך שטיק. אין שטאָט פּלעגט זיך געוויינטלעך געפֿינען איינער אַ פֿאַרברענטער ליבהאָבער פֿון דער דאָזיקער קונסט, אַ בעל־זיכּרון — געדענקט אויף אויסנווייניק איינע אַ פּיעסע און אַ מאָל אויך מער — און אַ פּאָר וואָכן פֿאַרן יום־טובֿ

---

1 אין מײַנע זאַמלביכער פֿאַר יידישן פֿאָלקלאָר, פֿילאָלאָגיע און קולטורגעשיכטע, I (וואַרשע 1912), II (דאָרט 1917) האָב איך פֿאַרעפֿנטלעכט 14 וואַריאַנטן אַזעלכע, פֿאַרנעמען זיי אין דרוק: 3 וואַריאַנטן — צו 3 זײַטן יעדער, איינער — פֿיפֿטהאַלבן זז׳, 3 — צו 5 זז׳, 1 — 6 זז׳, 1 — 7 זז׳, 1 — 9 זז׳, 1 — צענטהאַלבן זז׳, 1 — 12 זז׳, 1 — 16 זז׳.

אויסגעשטעלט אַ פּראָוויזאָרישע טרופּע און אײַנגעקנעלט מיט איר די גראַמען.

איך שטעל מיר גרינג פֿאָר, אַז אין 18טן יאָרהונדערט איז אויך געווען אַזוי — אי אין פּוילן, אי אין דײַטשלאַנד. דאָס גיין פֿון אַמאַטאָרן פּורים איבער די הײַזער מיט אַ שפּיל (בײַ אייניקע — אַ מאַסקירטע פֿאָרעם פֿון שנאָרערײַ) איז אָבער פֿאָרט געווען בלויז אַן איינמאָליקייט, הגם אַ פּעריאָדיש (איטלעכס יאָר) זיך איבערחזרנדיקס, אַ „נומער״ פֿונעם יאָר־יערלעכן פּורים־פּראָגראַם, אַ באַשטאַנדטייל פֿון דער יום־טובֿדיקער שימחה, אַ פֿראַגמענט פֿון די יִדישע „קאַרנאַוואַל״־פֿאַר־ווײַלונגען. מע קען דעם דאָזיקן פֿאָלקלאָריסטישן זשאַנער קוואַליפֿיצירן העכסטנס ווי פֿאָלקס־דראַמאַטיק, קיין טעאַטער אין אייראָפּעיִשן זין פֿון באַגריף איז דאָס באַין־אופֿן נישט געווען.

ב

דער געשילדערטער מעמד פֿון דער דראַמאַטישער קולטור אויף דער אַלטיִדישער גאַס אין דײַטשלאַנד (וועגן פּוילן פֿון יענער עפּאָכע איז אין דעם פּרט בכלל גאָרנישט באַקאַנט) לאָזט זיך פֿאַרענטפֿערן דער־מיט, וואָס טעאַטער־קונסט האָט זיך דאָרטן קיינמאָל נישט געפֿונען אין יענע באַדינגונגען, אין וועלכע עס געווענדט זיך איר נאָרמאַלע פֿאָר־מירונג, אויפֿוויקלונג און עוואָלוציע (זע די קאַפּיטלען I—III אויוון).

**1.** די סאָציאַלע שיכטן, וואָס האָבן אויף דער אַלטיִדישער גאַס זיך געניייטיקט אין אַ בינע, לעכצנדיק נאָך איר, מיט קינאה קוקנדיק אויף די טעאַטער־בינינים און סצענישע פֿאָרשטעלונגען איבער דער וואַנט פֿון געטאָ, — יענע מאַסן, וואָס האָבן באַלעגערט דאָס אָרט פֿון צופֿעליקע עפֿנטלעכע יִדישע ספּעקטאַקלען (אַ שטייגער, ווי אין פֿראַנקפֿורט־דמײַן דאָס „הויז צום ווײַסן אָדער זילבערנעם קענדל״, וווּ דאָס אויפֿ־געלאָף איז יעדן אָוונט געווען אַזוי מסוכן, אַז מע האָט געמוזט אַוועק־שטעלן צוויי זעלנער אָפּצוהאַלטן דאָס געדראַנג און היטן די אָרדענונג), — קורץ: די פֿאָלקסמענטשן פֿון דער קהילה האָבן נישט געהאַט נישט די מאה און נישט די דעה (פֿ״גל קאַפּ׳ V, ה, 6).

די יִדישע פֿאָלקסמאַסע האָט זיך תּמיד אַן עצה געגעבן—געפֿונען אירע וועגן און מיטלען צו זעטיקן די נאָרמאַלע באַדערפֿענישן פֿונעם געזונטן און לעבנספֿריידיקן געמיט אירן. שבת און יום־טובֿ זענען געווען די טעג פֿון שפּאַצירן-גיין, פֿון טרעפֿן זיך אין באַקאַנטע שטובן, פֿון מעשׂיות־דערציילן, לידער־זינגען, קאָטאָוועס־ און ליצנות-טרײַבן. אַ מישפּחה־

שׂימחה (ברית, פּידיון־הבן, תּנאים־שרײַבן, חתונה) פֿלעגט פֿאַרוואַנדלט ווערן אין אַ פֿאַרגניגענען זיך מיט עסן, טרינקען, געזאַנג און טענץ.[1] דער חזן און דער בדחן זענען געווען די ליבלינגער פֿון דער מערבֿ־וואַנט און פֿון די פֿלוש־דאַוונער.[2] פֿאָלקסלידער (אַמאָל אויך שול־מעלאָדיעס) האָבן געקלונגען אין שטובן, ווו מענטשן זענען געווען פֿאַרטון אין אַ מלאָכה. נאָר אין דער פֿאָלקסמאַסע האָט אויך די „פּורים־שפּיל״ געפֿונען דעם באַגײַסטערטסטן פֿרײַנט, דעם געטרײַסטן היטער, דעם אַקטאָר און דעם צוקוקער. אָבער נישט לויט די כּוחות פֿון דער דאָזיקער גרעסטער אין געטאָ, נאָר פֿון רעכט טאָפּלט באַרויבטער (הן דורך דער דרויסנדיקער – נישטיִדישער – מאַכט, הן דורך דער היימישער – ייִדישער) און מיט מאַטעריעלע גיטער פֿון דער וועלט קאַרגלעך באַזאָרגטער סאָציאַלער שיכט איז געווען צו פֿאַרגינען זיך עפּעס גרעסערס, אַזוינס, וואָס קען נישט באַשאַפֿן ווערן אָן ברייטערער אָרגאַניזאַציע, אָן אָנגעזעענע געלט־הוצאות, אָן גינציקייט, הילף און שוץ פֿונעם מאַכטהאָבנדיקן אויוון־אָן (אין דעם פֿאַל: בויען טעאַטער־הײַזער, אויסהאַלטן שטענדיקע טרופּעס וכ׳).

**2.** דער ייִדישער אויוון־אָן, ווידער (קלער, פּרנסים, פּני), האָט זיך צו טעאַטער פֿאַרהאַלטן פֿײַנטלעך (דאָס איז געווען טראַדיציע – זע קאַפּ׳ V, ה, 2); אין בעסטן פֿאַל האָט די באַציִונג געקענט זײַן אַן אינדיפֿערענטע (פּעולה פֿונעם צײַטגײַסט).

לויט אַלע סימנים איז עס ווײַט נישט קיין צופֿעליקייט, וואָס די ידיעות וועגן עפּנטלעכע אַלטייִדישע בינע־אויפֿפֿירונגען שטאַמען ערשט

---

1 שלמה־אפֿרים פֿון לונטשיץ אין „עמודי שש״ (פּראָג 1618) a14 איז אויפֿגעבראַכט, וואָס מע באַשטימט כּסדר סעודות און מאָלצײַטן („סעודות ומשתּאות״) פּונקט אויף דער צײַט, ווען מע דאַרף דאַוונען בציבור, און מע האַלט צומאָל נישט פֿאַר נייטיק אויפֿצושטיין פֿון טיש דער תּפֿילה צוליב, נאָר מע איז ענדער מפֿקיר אַ „מינחה״, אַ „מעריבֿ״ וכ׳.

2 אין דעם זעלביקן „עמודי שש״ a14: „און בײַם רובֿ חזנים פֿון אונדזער דור איז לחלוטין נישטאָ די כּוונה [דורכגענומען צו זײַן מיטן זין און מיט די ווערטער פֿונעם דאַוונען], וואָרן די עיקר־כּוונה זייערע זענען די ניגונים, כּדי מע זאָל אים [=דעם חזן] לויבן צו זאָגן: ׳וואָסער גבֿורה ער פֿאַרמאָגט דאָס, און ווי גוט ער קען דאָס זינגען!׳, און דערפֿאַר באַלוינט אים דאָס פֿאָלק [׳העם׳] מיט זילבער און גאָלד און מתּנות, און חוץ דעם טראַקטירט מען נאָך זיי [=די חזנים] אין שענקהײַזער, כּדי זיי זאָלן דאָרט זינגען גאָטס ליד אין אַ פֿרעמד אָרט, וואָס איז גאָר נישט פּאַסיק דערצו״...

אויסן אָנהייב פֿון אַכצעטן יאָרהונדערט. ס'האָט שאַנסן ערנצט גענומען צו ווערן אַן השערה, אַז פֿריִער האָט מען, ווײַזט אויס, אַזעלכע אימפּרעזעס פּשוט נישט דערלויבט.

אין פֿראַנקפֿורט־דמײַן נאָך דער גראַנדיעזער שׂרפֿה פֿון יאָר 1711 האָבן די ראָשים פֿון דער קהילה פֿאַרווערט אויף גאַנצע 14 יאָר אַלע מיני פֿאַרווײַלונגען (דערונטער אויך די טעאַטער־פֿאָרשטעלונגען): ס'האָט געזאָלט זײַן פֿון טרויער וועגן און אויך „אַ שטראָף פֿאַר די גרויסע זינד, וואָס האָבן דערוועקט גאָטס צאָרן“.[1] – איז זיך דאָך נישט שווער צו מאָלן, אַז אין שרעקלעכן זיבעצעטן יאָרהונדערט (זע אויוון, ז' 153) זענען ענלעכע פֿאַרבאָטן אָנגעווענדט געוואָרן אין אַ פֿיל ברייטערן פֿאַרנעם.

אין יאָר 1714 זענען די ייִדישע טעאַטער־פֿאָרשטעלונגען אין פֿראַנקפֿורט־דמײַן פֿונדעסטוועגן צוריק דערלויבט געוואָרן דורך די פּרנסים, מיטן באַדינג, ווי שוין געזאָגט, ס'זאָל געשפּילט ווערן נישט מער, ווי 16 מאָל אין יאָר (8 אין דער פּורים־וואָך און 8 אין דער חנוכּה־וואָך). אָבער באַלד נאָך דער אויפֿפֿירונג פֿון דער ערשטער „קאָמעדיע“, ווי שודט רופֿט עס, זענען אין שטאָט „געשטאָרבן אומגעווייניטלעך מער מענטשן ווי שטענדיק“, אָרטיקע ייִדן האָבן אין דעם אײַנגעזען „גאָטס שטראָף און אַ סימן, אַז דעם אייבערשטן איז די זאַך זייער נישט ניחא געווען: צו גאָטס וואָרט טאָר מען גאָרנישט צוגעבן, מע טאָר עס נישט פֿאָרשטעלן אין טעאַטער ווי עפּעס קורצווײַליקס, און דערבײַ זאָל נאָך אין דער אַקציע זיך אַרײַנמישן אַ פּיקלהערינג מיט זײַנע נאַרישע העוויות, – דאָס קען גאָט נישט געפֿעלן“[2]...; מע האָט אָנגעהויבן אין פֿראַנקפֿורט צו שמועסן, אַז דעריבער „וועט מען איינגיכן נישט לאָזן שפּילן קיין שום קאָמעדיע“[2].

אין אַזאַ אַטמאָספֿער איז לכל־הדעות געווען אַ וווּנדער שוין דאָס, וואָס די קהילה־פֿירער זענען דאָך ווו־נישט־ווו אַמאָל אײַנגעגאַנגען אויף עטלעכע עפּנטלעכע ספּעקטאַקלען פֿון „קאָמעדיעס“ מיט אַן אינהאַלט אויסן תּנך און מיט אַ פּיקלהערינג אין דער מיט. אַקעגן, איז גאָר נישט צו חידושן זיך, וואָס קהל האָט אומעטום אין די געטאָס געבויט שולן,

---

1 זע מײַן אַרטיקל אין „טעאַטער־וועלט“ 1909, נ' 7.

נאָך פֿריִער איז דורך די פּרנסים בכלל פֿאַרבאָטן געוואָרן מער אויפֿצופֿירן די „אחשורוש־שפּיל“, און די געדרוקטע עקזעמפּלאַרן פֿון דעם שטיק (1708) האָט מען פֿאַרברענט אויפֿן פֿײַער (שודט, II, VI, קאַפּ' 35, § 20).

2 דאָרט גופֿא, עמוד 5.

קלויזן, בתי־מדרשים, מקוות, הקדשן, אַפילו טאַנצהײַזער (חתונות דאָרט צו שפּילן), נאָר קיינמאָל נישט קיין טעאַטער; אויסגעהאַלטן אויף זײַן חשבון רבנים דיינים, שוחטים, מנקרים, חזנים וכו׳, נאָר אין ערגעץ נישט קיין דראַמאַטישע טרופּע.

אַזוי ווי עס האָט זיך „כּל־ישׂראלט״, אַזוי האָט זיך אויך „רעבּ־ישׂראלט״. נישט געווען קיין פאַל אין די געטאָס פון די דײַטשישע צי סלאַווישע לענדער, אַ ייִד אַ גביר זאָל אײַנפאַלן אויפצושטעלן אַ בינין פאַר דער ייִדישער בינע צי סובווענציאָנירן אַ ייִדישע טרופּע אַקטאָרן.

**3.** אין 18טן יאָרהונדערט איז בײַ די דײַטשישע ייִדן כּידוע אָנ־געוואַקסן אַ רעפאָרמאַטאָרישע באַוועגונג מיט דער דעה אַרויסצורײַסן זיך פון קולטורעלן געטאָ און באַהעפטן מיט דער נײַער אייראָ־פּעיִשער קולטור: די השׂכּלה. אָט פונוואַנעט מע וואָלט זיך אין פלוג געמעגט ריכטן אויף מער אינטערעס צו דער ייִדישער פאָלקסדראַמאַטיק און צום „ייִדישן טעאַטער אין עפּיזאָדן״. איז דאָך משה מענדעלזאָן געווען אַ נאָענטער פרײַנט פון לעסינגען (1729 – 1781), דעם באַ־גרינדער פון אַ מאָדערנער עסטעטיק און צוגרייטער פון אַ נײַער דראַ־מאַטיק בײַ די דײַטשן.

אָבער די בערלינער השׂכּלה האָט באַלד בײַם געבוירן־ווערן זיך געשטעלט אויף אַ פאַלשן – אַסימילאַטאָרישן – וועג. איר אידעאַל איז געווען: אין נאַציאָנאַלן זין צו מאַכן די דײַטשע ייִדן אויסגיין אין דער דײַטשישער אומה ווי זאַלץ אין וואַסער. צום אַלעם ערשטן און צום אַלעם שטאַרקסטן האָבן די משׂכּילים זיך אַ וואָרף געטון אויף דער ייִדישער שפּראַך: צו פאַרלענדן און צו פאַרטיליקן – זי און אַלץ, וואָס עס איז אויף איר ווען־נישט־איז געשאַפן געוואָרן. די פּאָליטישע און די סאָציאַל־עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן אין דײַטשלאַנד בכלל און אין געטאָ בפרט זענען געוואָרן זייערע העלפער אין דער צעשטער־אַרבעט. מיטן אונטער־גאַנג פון ייִדיש דאָרטן האָט זיך אויך געענדיקט די פאָרגעשיכטע פון ייִדישן טעאַטער, אויף וויפל זי איז געווען פאַרבונדן מיט יענער מדינה.

ג

ייִדיש טעאַטער אין ברייטערן – אין אייגנטלעכן – זין פון באַגריף איז אויפגעקומען ערשט אין יאָר 1876, באַלד אין אָנהייב אַוועקגעשטעלט אויף פּראָפעסיאָנעלע יסודות צו פירן די עקזיסטענץ פון אַ פּערמאַנענטער נאַציאָנאַלער קולטור־אינסטיטוציע.

געשעען איז דאָס ביַי די מיזרח־אייראָפּעיִשע ייִדן, וואָס האָבן אין קאָמפּאַקטע מאַסן וויַיטער געטריבן אַן אייגן לעבן, פּאָליטיש און בירגערלעך רעכטלאָז נאָך און אין יעדן מעגלעכן זין אונטערדריקט און גערודפט, אָבער אינעווייניק ביַי זיך – דורך די סאָציאַל־עקאָנאָמישע אומוואַנדלונגען אין דער גיגאַנטישער מלוכה בכלל און אינעם ענגן ייִדישן שטעטל בפרט, דורך די רעוואָלוציאָנערע יערונגען אין רוסלאַנד און פּוילן און דורך די אָפּקלאַנגען זייערע אויף דער ייִדישער גאַס, דורך דער ניַיער (וועלטלעכער) ייִדישער ליטעראַטור – אין אַ געוויסער מאָס שוין אויפגעוויגט צו באַגערן מענטשלעכע, סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע באַפריַיונג און אַרויסצוטרעטן צום קאַמף פון אירעט וועגן.

דעם 12טן יולי היַיער געפּאַלט דער הונדערטסטער געבוירן־טאָג פונעם זייגערמאַכערישן זון, דעם פּאָלקסדיכטער אַבֿרהם גאָלדנפאָדעם (ווי ער פלעגט זיך תּחילת רופן) אָדער גאָלדפאַדן (דערנאָך), וואָס האָט באַוויזן דעם נס צו באַשאַפן דאָס ערשטע אמתע לעבנספּעיִקע טעאַטער אין דער געשיכטע פון די אייראָפּעיִשע ייִדן. צום אָנדענק פון דער דאָזיקער דאַטע איז טאַקע פאַרטראַכט און אָנגעשריבן געוואָרן דער איצטיקער עטיוד. –

ווילנע — קאָוונע,

מערץ — יוני 1940

---

## צו פאַרריכטן:

ז׳ 43 (שורה 7 פון אונטן) שטייט: „פינף קאַפּיטלען״; דאַרף זיַין: „זיבן קאַפּיטלען״. // ז׳ 64 (ש׳ 15) און ז׳ 70 (ש׳ 10) שטייט: 1542; דאַרף זיַין: 1548. // אויף ז׳ 97 (ש׳ 14 פון אונטן) אויסמעקן די פּאַראַגראַף־נומעראַציע „6״. // ז׳ 119 (ש׳ 16) שטייט: „צו״; דאַרף זיַין: „צי״. // ז׳ 128 (ש׳ 12 פון אונטן) שטייט ק(נסט; דאַרף זיַין: קונסט.

י. מ. ניימאַן

# קינס טויט

קין. הבֿל. צלה.

פֿאַרן טויער פֿון גן־עדן. כּרובֿ און שווערד

קין: מיטאָג איז. דער טאָג ווערט שוין געווענדט.
הויך שטייט איצט די זון, אין בלענד.
און שטיל די וואָגשאָל פֿון דער צײַט. שטיל דאָס שווײַגן.
די זון האָט אַלע שאָטנס, ווי דונקלע זאַפּטן, אויסגעזויגן
און זי שטראַלט אין ליכטיקייט — — —
איצט איז די שעה פֿון ווידוי, ווען די זעעל איז אײַנ־
געהערט און אויפֿגעהאָרכט,
קום, מײַן זעעל, — איך וויל מיט דיר איצט רעדן,
וואָס פֿילסטו, זעעל? (עס קומט די זעעל).

זעעל: זעליקייט און פֿאָרכט.

קין: ווי דאָס ווײַב, ווען זי גענענט צום ערשטן מאָל, פֿול
אויסקוק און פֿול שרעק, —
און די גלידער זענען פֿול מיט צעגער, —
אויף מאַן־געלעגער
פֿון איר ערשטן און באַשערטן.

זעעל: עס איז דער רויש פֿון כּרובֿ און דער פֿלאַם פֿון שווערדן.

קין: דער באַנד, אין בלוטן־פֿראַל, ווערט אויפֿגעריסן,
עס קומט דאָס וויסן —
זעליקייט נאָך באַרוישונג — —

זעעל: און אַנטוישונג, —
אַזוי מײַן לעבן־לאַנג האָב איך אַלדינג
פֿאַרגוואַלדיקט
און צעריסן, —
און לאַסט באַלאָדן און באַלעסטיקט איז מיר מײַן וויסן.
זייער פֿיס אויף מײַן רוקן און קלעטערן
איבער מײַן לײַב, — ברודער קין, טו מיך דערהייבן,
לאָמיך צעשמעטערן,

צעפּאַלן מיט געפּינק.
מיר איז קאַלט.
קין: באַלד שאַלט
די שטומע שטיינער-וועלט און פאַרזינקט.
שטיין: אַלץ בליט. עס צירט זיך ערד אין גראָזן
די ביימער גרינען. עס רייפט די פּרוכט.
די חיות פּרעסן און ווערן אויך געפּרעסן,
נאָר איך, קין, בין פאַרגעסן
און פאַרפלוכט, —
קום, קין, שמעטער מיך.
קין: אומגערעכט איז גאָט און ווידריק, —
ער האָט דיך טיף פאַרוואָרפן און דערנידריקט, —
איך קני פאַר דיר, מײַן שטיין. איך פאַרגעטער דיך.
איך וועל פאַר דײַנע פיס זיך וואַרפן, —
איך וועל דיך קריצן, איך וועל דיך שאַרפן,
באַקאַנטיקן, באַרונדיקן, —
איך וועל דיך שלײַפן, איך וועל דיך טעסען,
און דער שטיין, פון גאָט פאַרגעסן,
וועט מײַן בלײַב זײַן און מײַן שטאָט באַגרינדיקן.
איך בוי פון דיר מײַן מזבח, —
דערנידעריקטער, — שיס אויף אין הייך.
איצט איז גורל-שעה. עס נענטערט זיך דער סוף.
די שעה פון שיידן.
וואָס כ׳האָב מיט מי פאַרזייט, — דאָס וויל איך שנײַדן.
האַקן זאַנגען, זאַמלען גאַרבן.
רוי — ס׳געבירן. רייף — דאָס שטאַרבן.
איך האָב אַ מענטש פאַרזייט.
אַ הויפן שטויב. אין טיף געשיט.
אַ בערגל הייבט זיך. וועל יאָגט וועל.
עס קומט דער שניט.
איך וויל און וועל
שנײַדן אין דער שניטער-צײַט.
זעעל: ווי דײַנע אויגן לײַכטן, לײַכטן.
ווי זיי בלענדן, ווי זיי בלענדן.
קין: ענדציל בין איך,
אורטייל זין איך, —

עס ציִען מענטשן צום פֿולנענדטן,
צום דערגרייכטן.
לעבן הייסט — זיך נאַקעט אַנטבלייזן.
עס לאָקן, רופֿן צו פֿאַרטרויטער.
קומסט צו נאָענט, — ביסט אַ טויטער.
נישט זעט מיך מענטש און בלייבט ביים לעבן —

זעעל: ווי גאָט?
קין: אַ שלאַנג בין איך, — איך שפּאָט
פֿון דעם שטרעבן און באַגערן
וואָס דער מענטש באַגערט, —
מלאך-המוות-אויגן זענען אַלע שטערן
אויף דער ערד.
מיין שטערן אין הימל איז פֿאַרלאָשן. מיין שאָטן אויף דער ערד האָט זיך אָפּגעטון.
נאַקעט שטיי איך איצט, אין מיטאָג פֿון דער זון, —
און אַלץ לייכט זיך אין מיר איצט, איז אויפֿגעקלערט
אין שיין פֿון כּרובֿ, אין שיין פֿון שווערד, —
אַלץ לייכט, —
אַ רייפֿער מענטש האָט אַלץ דערגרייכט
און נידערט שוין צום טאָל, —
קום, לעבן מיינס, און לעב עס נאָך אַ מאָל,
אין צוקן־אויפֿבליץ, אין געוויטער.
איך ציטער.
איך שפּיר די זעליקייט און פֿאָרכט.
ווי די יונגפֿרוי גיי איך צעגערדיק און דאָך פֿאַרטרויט צו מיין געליבטן.

זעעל: צו וועמען?
קין: צו מיין טויט.
צו זיך אַליין. דעם לעצטן וועג צו זיך. איך בין אַליין דער טויט.
מיין שאָטן איז אַוועק און בין אַליין שוין שאָטן.
דער פֿינצטערניש איבערענטפֿערט, — דער טונקלקייט פֿאַרטרויט.
פֿאַרן קינד איז פֿינצטערניש, — פֿאַרן מאַן איז ליכטיקייט דער טויט.

קין־מלאך־המוות לײַכט מיט טויזנט אויגן,
אויפגעבליצט, ווי ס'פֿאַרלעשט דאָס גרויסע ליכט.
די וואָגשאָל נייגט זיך. דאָס געוויכט
איז אויפגעהויכט.

זעעל: צוויי שאָלן זענען זיי, די שאָל פֿון לעבן און די שאָל פֿון טויט.

קין: עס איז אַשמורה־שעה. די שעה פֿון אַנטשיידן.

זעעל: כּרובֿ און שווערד אויף טויערן פֿון גן־עדן.

קין: די בלום האָט איר ריח, דער שטיין — זײַן גלאַנץ,
דער מענטש האָט זײַן באַשער, —
איך, — איך בין, ווי וואָרצל טיף און שווער.
איך בין געווען פֿאַרפֿלוכט.
איך בין געווען פֿאַרשטויסן.
איך האָב מײַן זעעל געזוכט
אויף וואָגל־וועגן פֿון דער וועלט,
איבער ימים, שניי־בערג, מדבריות, — אין דרויסן,
און נישט געוווּסט,
אַז זעעל איז אין מיר, אינעווייניק, אין מײַן אייגענער ברוסט, —
אַ ליכטיקער שאָטן און אַ פֿײַערזײַל.
איצט ווייס איך שוין. איך ווייס. נאָר צו שפּעט.
און ביז צום אייטל־איבערדריסן
איז אויך מײַן דאָזיק וויסן.
ווי לעסטיק איז מיר יעדער טריט. וואָס כ'טרעט.
גענוג דער וואָגל. גענוג דער וואַנדער.
דאָ איז מײַן רו און אָפּהאַלט. די וועגן טיילן זיך פֿונאַנדער.

גן־עדן־טויער, —
אין שאַרף פֿון ביימער, אין וויגן פֿון די טײַכן, — פֿאַרוויִיט,
פֿאַרוואַשט פֿון מיר דעם וואָגלער־צייכן.
כּרובֿ, — באַזעגנפּטיק מיך, פֿאַרוויש מײַן לייד.
פֿלאַמעדיקע שווערד, — פֿאַרפֿעכט דײַן שאַרף און שנײַד, —
גאָט, לאָמיך זײַן געקרייציקט, צוגענאָגלט, —
באַפֿרײַ מיך פֿון מײַן וואָגל.

(צלה באַווײַזט זיך)

צלה: איך הער אַ שטים. ווי אַ פאַרוווּנדעט פליגל־פּאָכן.
ווער רעדט?

קין: אַ מענטש. געוויטיקט צו צעבראָכן.

צלה: איך הער דײַן רוף —
דײַן שטים איז, ווי ס'געקליר פון שווערד און ווי דער גלעט פון כּרובֿ.
אָ, גאָט. אָ, גאָט, — דערבאַרמען.
ווער ביסטו?

קין: אַן ערדמאַן בין איך געווען און גאָט האָט פאַרשאָלטן די ערד, —
דער זוימען־וואַרפער בין איך געווען און איצט דער זאַנגען־שנײַדער.
יונגע בליִענדיקע לעבנסשלײַדער
איך. אַן אויפהער, אין ערדס געדערעם
זי צו זעטיקן און שטילן —
און ערדן־גרונטן ברומען אייביק נאָך טויטע. טויטע, — אַזוי ערדס ווילן.
איר פּיסק איז קראַטער
אַן אויסלאָז, ענד, —
איבער אַלעווינקלען פון דער וועלט לויף איך אין מאַטער
און כ'פאַרלענד,
און אומגעשטילט איז זי, — עס שרײַט די ערד:
אַלץ, אַלץ, אַלץ נאָר צו מיר געהערט, —
אַלץ איז מײַן צוק און רויב, —
שטויב איז אַלץ, און כ'בין דער האַר פון שטויב.
אַזוי שרײַט די ערד. איך האָב זי אָנגעטרונקען
מיטן בלוט פון אייגענעם ברודער.
מיט זיך אַליין. און זי איז ווילד
אומגעשטילט, —
זי ציקט, זי צערט
די הונגעריקע ערד.
זי וויל נאָר רויב און רויב.
איך האַלט די קאָסע אין מײַן האַנט, — און איך בין דער טויטער.

צלה: און ווידער האָב איך דײַן זיפֿץ געהערט,
קין־מלאך־המוות. (איך פֿיל דיר מיט) דאָך ביסטו
אומגערעכט,
אַ דערבאַרעמדיקע מאַמע איז די מוטער־ערד,
און זי טוט די מענטשן נאָר דאָס רעכט.
יעדער נערט זיך פֿון איר שויס —
און עפֿנט אויף פֿאַר יעדן טרײַ די שוועל פֿון הויז,
ווען ער איז מיד... גיב אָפּ אַ לויב דער ערד,
דער מאַמען.
איר שטויב, — עס איז, ווי כוואַליעס פֿון די ימים.
זי נערט
און צערט,
אַ געבערין און טייטערין איז די ערד.
ווי גאָט, אַ ממית ומחיה, — סם און באַלזאַם איז
איר זאַפֿט,
און אַזוי די פֿרוי. זי איז אַ פֿעלד, —
זי טייט, ווען זי שאַפֿט.
מאַן, מאַן, גיב איצט מיר דײַן קראַפֿט.
קין: איך בין דער טויט.
צלה: איך וויל דעם טויט פֿאַרוויגן, ווי אַ קינד.
קין: האָרך, האָרך! אויף מיר לאָקערט דער גורל —
צלה: ער איז בלינד.
קין: טויזנט אויגן מײַנע, — ווערט פֿינצטער אַ ווײַל.
איך וויל פֿאַרלירן איצט מײַן וויסן און מײַן זען.
אומוויסנהייט, — דאָס איז דעם מענטשנס הייל.
נישט זען, נישט וויסן, פֿאַרגעסן, —
ווי איך וואָלט קיינמאָל נישט פֿון דער פֿרוכט געגעסן.
אָבער ווײ, — איך געדענק.
צלה: וואָס?
קין: אַז כ׳האָב די ערד מיט בלוט געטרענקט.
אַז כ׳האָב געטייט.
צלה: אויך איך וויל טייטן. כ׳וויל טייטן די ערינערונג פֿון טויט.
קין: איך שטיי איצט פֿאַרן גן־עדן־טויער.
צלה: שטאַרקער ווי דער טויט איז די ליבע.
און ליבע איז טרויער.
איך ליב דעם טויט.

קין: איך טייט די ליבע.
איך פּאַרטיליק.
קרבנות ברענג איך.
צלה: זיי ווערן נישט באַוויליקט.
קין: איך פּאַרשטויס די ליבע,
ווי גאָט האָט מיך פּאַרשטויסן.
צלה: וואָס טרײַבט דיך?
קין: אַ טונקלער טריב.
צלה: איך ליב.
איך שפּיר —
קין: וואָס?
צלה: די זעליקייט און פּאָרכט.
קין: אויך מיר איז לײַכט און שווער.
צלה: באַמאַן. געביר.
קין: געראַנגל.
קערפּער, — שלאַנגל
זיך אין ווייטיק און אין לוסט, —
איך האָב דאָס ווײַב באַוווסט
אויפגעציקט, אויפגעבליצט
אין ווידערשפּעניקייט,
אין אונטערטעניקייט
און ווייליקייט, — און דאָך געגייט.
איך האָב אין דיר מײַן פונק אַרײַנגעשפּריצט.
צלה: דער פונק פון לעבן?
קין: ניין. דער פונק פון טויט.
צלה: ליבע איז, — ווען טויט און לעבן זיך צעקרייצן.
קין: דו רעדסט אַ רעטעניש.
צלה: נאָר די רעטענישן רייצן.
קין: איך בין מיט דער זעטיקונג געזעטיקט.
געבערן, — דאָס איז די לעצטע רעטונג
פונעם מאַן, וואָס האָט געוואָגלט און געוואַנדערט
אויף דער ערד, —
אין באַנגע אַנגסן אים באַשלייכן
אויף דעם שוואַרצן טאָוול פון די נעכט
קריצט ער אויס זײַן צייכן, —
און גייט אויף געשלעכטער אויף געשלעכט,

און ער געבערט זײַנס גלײַכן.
זײַן קינד, וואָס איז פֿון זײַן לענד געבוירן,
דאָס איז דער שאָטן, וואָס ער האָט פֿאַרלוירן.
אַזוי ווערט מאַן געצוימט אין זײַן געראַנגל און
געפּעכט,
ער ווערט געשפּאַנט אין יאָך פֿון זײַן געשלעכט.
און זײַן געשטאַלט פֿאַרשווינדט, —
אין פּנים פֿון זײַן קינד.

צלה: דו ווייסט, — פֿול וויסן זענען דײַנע רייד.

קין: אויפֿן מזבח פֿון וויסן ברענג איך מײַן פֿרייד.
וויסן איז שלאַנג אויף דער ליער, —
וויסן איז טרויער.

צלה: זע. עס האָט זיך ווידער אַנטפּלעקט פֿאַר אונדז דער
גן־עדן־טרויער.

קין: די שווערד פֿלאַמט ווידער. און ווידער בין איך העל.
ווײַב. אַ פּײַן איז צו וויסן, אַז מען איז נאָר צו
טרעטן צו גערטנער אַ שוועל.
און נאָר אַ שטאָפּל פֿון אַ לייטער.
מען שטײַגט. מען נידערט. מען שפּאַנט אין אייגענעם
קרײַז און מען קומט נישט ווײַטער.
אויך איך, — דער אייביק־וואָגלער האָב אין וואָגל
געזוכט מיין דערלייז
און אויך געבליבן אינעם קרײַז
געבונדן, — און געלעכצט נאָך ווײַטע כּישוף־ליכטער
און געבליבן אייביק ניכטער.
און געוווסט דאָס שרעקלעכסטע: אַז איך ווייס.
איך האָב געוואָלט ציילן, זען, וועגן, מעסטן, —
און געוווּגן אַלץ, געמאָסטן אַלץ, געציילט, —
מײַן גאַנצע וועלט אין שפּליטער צעטיילט.
מײַן אייגענע זעעל צעטרייבערט און זיך געפּײַניקט.
און נישט געדענקט, אַז גאָט איז איינער און אַלץ
איז אייניק,
און נאָר די הימלען זענען זעליקע.
פֿיר איילן האָט דער מענטש אויף דער ערד, — און
נאָר די הימלען זענען אומצייליקע.
ווײַט, אומאויסגעפּאָרשט, אומגעזען, —

נאָר דאָרט, בײַם הימל־אָנבליק ווערט מענטש
אויפגעהײַטערט,
געלײַטערט.
ער פאַרלירט זײַן לערקייט,
זײַן שטויבן־שווערקייט.
ער ווערט לײַכט, ווי זעפיר, —
נאָענט צו זײַן באַשעפער, —
אויסגעמישט מיט די ווינטן, וואָס ווייען
פון יענזײַט־טירן, —
ווי אַ קלאַנג, ווי אַ דופט
אַזוי אין חלל פון דער וועלט זיך פאַרלירן.

צלה: עס רעדט נישט מער די שווערד.
עס רעדט דער כּרובֿ.
דו גלייבסט.

קין: די גלייביקע ווייסן נישט. כ׳שפּיר ווידער די לאַסט פון שטויב־
אַוועק איז די גליקווײַל־רגע. ווי בלענדיק.
איך שפּיר: די שפּראַך פון ערד
און איר רוף: פאַרלענדיק.
דער גאָט פון הימל האָט פאַרשאָלטן די ערד.
און ווידער וואָגל איך אין לאַנד פון נוד.
און די קאָסע אין מײַן האַנט.
און ווידער איז די ערד פול מיט ברומען.
ווײ, פאַרוואָס האָב איך די ערד גענומען.
ע ר ד, — נ ע ם מ י ך צ ו.
ווי שווער איז פאַרן לעבן צו זײַן דער טויט?
דער ערדמאַן שעלט,
ווי דער הימלישער. דער טויזנט־אויגיקער בעט:
זאָל פ י נ צ ט ע ר ווערן מיר מײַן וועלט.
ערד, נעם מיך צו.
דער וואָגלער וויל די רו.
ערד, עפן אויף דײַן הילונג.
נעם מיך צו. עס איז די שעה פון דערפילונג.

צלה: דו בעטסט דעם טויט?

קין: איך בעט דעם טויט און קאָן אים נישט קריגן.
די ערד האָט מיך אויסגעשפּיגן.
די ערד וויל מיך נישט אָרבן.

איך קאָן נישט לעבן און איך קאָן נישט שטאַרבן.
הבל, הבל, העלף מיר.
(הבל קומט אָן)

הבל: דער וואָלקן בין איך. אויף הימלען הענג איך.
אומהייל ברענג איך.
איך יאָג. איך יאָג אויף הימל-וועגן,
ווי פלעדערמויז-געפלאַטער, —
מײַן בויך איז פול מיט רעגן, —
און איך מאַטער
מיט מײַן אָנבליק בייזן, —
איך יאָג מיט ריזן-שפרײַזן
אויפן רוקן פונעם בייזן
הימל... זין פאַרשטעל איך
אויף די הימלען, הימלען הענג איך.
מורא שיק איך, אימה ברענג איך.
אין מײַן גרימצאָרן גרויזאַם קוועל איך.
איך בין גאָרנישט. זין פאַרשטעל איך.
באַלד צעהעל איך.
אין זונען=גאָלד=זוימען.
איך בין גאָרנישט. נאָר די שוימען.
און כ׳צי און צי אין הימל=רוימען.
ערד פאַרהיל איך.
מאַכט דערפיל איך.
קיינער, קיינער נישט באַזיגט זי.
ווײַל אין גאָרנישט ליגט זי.

קין: צווישן הימל און ערד שוועבט
דער מענטש, וואָס האָט זײַן לעבן נאָך נישט אויסגעלעבט.
איך בין געגאַרט.
די פרוכטן וועלקן. די גן-עדן=ביימער זענען פאַרדאַרט.
ווי׳ דעם, וואָס לעבט
אין פלוך, —
וואָס זײַן ערד איז באַקלעבט
מיט בלוט=גערוך,
וואָס הייבט צום הימל זיך און דאַמפט.
איך בין מיד. איך גלייב נישט מער אין בוי.
איך גלייב נישט אין צעשטערונג.

צלה: איך בין דײַן פרוי.

קין: מײַן בעשערונג.

צלה: לאָמיר בויען אַ געצעלט,
זאָל װאַנדערער װױנען אין זײַן װױנונג.

קין: און שוין? דאָס איז אַלץ? די באַלױנונג
פאַר מײַן אָפּער? איז דאָס דער װעג פון מאַן?
אין יאָך געשפּאַנט,
אין פּענט, —
און בויען, בויען מיט דער מידקייט פון די הענט.
הבל. ברודער מײַן, הבל–גאָרנישט. הבל-אייטל,
איך זע דיך אַרום זונען-רייטל,
אין די װאָלקן שװעבן.
איך זע דיך אין די הימלען שװימען – פאַרלוירן זײַן.
שיין איז די עלטער, נאָר שענער איז די מאַנהייט.
און שענער װי די מאַנהייט איז די יוגנט
און שענער װי די יוגנט איז די קינדהייט,
נאָר שענער פון דער קינדהייט, —
איז די פריצײַט פון נישט געבוירן זײַן.
דער גאָרנישט. דער גרויסער גאָרנישט. הבל.
אומגעזען, אומגעשען, װי אַ גײַסט.
אין דער לופטן װייען. —

צלה: און אין שטאַרבן אויפשטיין.

קין: װי אַ װאָלקן, האָב איך געװאָגלט, —
איצט װער איך, װי אַ קנעכט, צוגענאָגלט
צו דער טיר, — צו רו, — און רו איז טויט —
איך װיל נישט דעם טויט. איך װיל נישט דאָס לעבן.
װו איז מײַן הייל? מײַן באַפרײַען?
אויפן שיידװעג שטייט איצט װידער קין.
גאָט. שלאַנג.
רוף זיך אָפּ. װוּ װײַז קינען זײַן גאַנג.

צלה: װידער אַנטפּלעקט זיך אונדז די כּרובים און די שװערד.

קין: די ערד איז אונדז הימל, און הימל איז אונדז ערד.

צלה: איז דאָס דײַן לעבנס-לויף?

קין: װערטער דרײַ. און עס איז אין װאָרט:
ר ו ף — ר ײַ ף — אַ ר ו י ף.

גאָט, איך האָב דיך געזוכט. אין ערד. אין בוים. אין שטורעם.
אין גן־עדן. אין גהינום. אין אָפּער. אין הכנעה.
אין שטורעם. אין קאַמף. אין עמפּערן, —
אויף מדבר־זאַמדן. אויף ימים־פּלאַכן. אין שימער פֿון די שטערן, —
און דיך נישט געזען. און איצט נעגטערט זיך די רגע —
אַלע מײַנע טעג און יאָרן האָבן זיך געקאָלערט צו דער רגע,
די רגע, —
ווי אויפֿבראָך פֿון אַ שטרוים,
ווי אַ באַשייד פֿון טרוים,
ווי דערפֿילונג פֿונעם קרײַז,
די רגע פֿון דערלייז, —
דער לעצטער ווײ.
פֿולענדיקט איז מײַן לעבנס־לויף.
גאָט, — איך זע דיך — — —- איך דערזע, —
און עס איז מײַן סוף.
איך שפּיר די זעליקייט און פּאָרכט.
צלה: און איך בין דו. און דו ביסט איך, — אין פּאַראייניען, —
אין טויט און ליבע טוט אונדז גאָט דערשײַנען.
(הבל באַווײַזט זיך דײַטלעך)
קין: זע! צופֿוסנס — דער שאָטן! מײַן פּאַרלוירענער שאָטן האָט זיך אומגעקערט.
קין לויבט. אַ לויב דעם הימל און אַ לויב דער ערד.
(דער שאָטן הייבט זיך אויף און הילט אײַן קינען)
ווי אַ וואָלקן־זײַל הילט מיך ווידער אײַן דער הבל־שאָטן,
אין הייליקן טונקל, אין שלייער.
צלה: באַלד קומט אויך די זײַל פֿון פֿײַער.
קין: איך שפּיר: לײַכטקייט – לאַסט –
צלה: די קילע שאָטנס פֿונעם טויט האָבן אויפֿגעשאָרכט.
קין: שעה פֿון זעליקייט און פּאָרכט.
צלה: דו רייטלסט זיך אין אַנגסט און פּאַרבלאַסט.
קין. זע. אַ צייכן אויף דײַן שטערן.
הבלס שאָטן האָט אַ צייכן דיר אַרויפֿגעפּרעסט
און פּאַרשוווּנדן, ווי אַ פֿויגל אין זײַן נעסט.

קין: דער צייכן ברענט מיט שאַנד.

צלה: מיט גנאָד. די טויטע פאַרלאָזן זייערע ברידער
און קומען אויף דער ערד, און אומאַרמען אונדז, און
לאָזן איבער
אַ צייכן, — אַ סימן פון זייער פאַרוויילן מיט די
שטערבלעכע און שטויביקע, —
אַזוי גלייבן אַלע גלייביקע.

קין: מײַן צייכן ברענט.

צלה: דאָס איז גאָטס זיגל,
אַ בריה — בראַנד־איבערבלײַב פון זײַנע ברענענדיקע
פליגל, —
פון זײַן געפלאַמל —

קין: איך שטאַמל —
אָפּגענומען זענען אַלע רייד.
(צלה הייבט אויף הבלס קלייד)

צלה: זע – הבל איז דאָ געווען און איבערגעלאָזט זײַן קלייד.
פון פורפור און ווייכן
וואָל. —
קין, כ׳וויל פאַרוויגן דיך און גלעטן —
אין הבלס ווייכן קלייד וועל איך דיך פאַרבעטן, —
איך קוש דיך. מיט מײַנע ליפּן וועל איך פאַרבלייכן
דײַן צייכן.

קין: איצט שפּיר איך אויף מײַן שטערן... עס ברענט
דער צייכן
און דײַן קוש... און ביידע ווילן נישט ווײַכן.
(קין טוט אָן הבלס קלייד)

צלה: קין, דו גייסט צו גאָט. צו דײַן האַר.
(הבלס שאָטן באַווײַזט זיך ווידער. קין דערזעט דעם שאָטן און ראַנגלט זיך)

קין: שאָטן מײַנער. ברודער מײַנער. הבל. —
שאָטן מײַנער, הייליק טונקל, וואָלקן.
היל מיך.
אויך גאָט איז וואָלקן.
איך האָב פאַרלוירן דיך און ווידער צוריקגעפונען.
דו האָסט באַגלייט מיך, אומגעזען, נאָך די פּיס־טריט
נאָכגעשלענגלט, —

איך האָב זיך מיט דיר געראַנגלט, —
שאָטן מײַנער.
גאָט.
איך האָב דיר געדינט אין אָפּפער־בראַנד, אין פֿײַער, —
איצט דין איך דיר אין וואָלקן־שלייער,
אין פֿינצטערן און בליציקן געוויטער.
גאָט. איך שטיי פֿאַר דיר. איך ציטער,
ווי אַ ווערקצײַג. איך בין דײַן ווערקצײַג און דו,
מײַן גאָט, די האַנט,

דו טוסט מיך קלאַמערן
און שלײַדערן אין טונקעלן לאַנד, -
אין דײַנע פֿינצטערע קאַמערן.
און איך הער די זעעל מײַנע יאָמערן.
איך האָב מיט ערד געקעמפּט, מיט מענטש, מיט גאָט.
איך האָב מיט ערד געקעמפּט און געוואָרן ערד,
און מיט מענטש געקעמפּט און געוואָרן מענטש.
און מיט גאָט... בין איך גאָט געוואָרן?
יעדער ווערט, יעדער נעמט זיך איבער
מיט וואָס ער קעמפּט. דעריבער
ווילעריש
זאָל מען זײַן בײַם אויסוואַל פֿון זײַן קאַמף, —
די שוואַכע זענען שטאַרק און באַפֿעלעריש —
געשטאַרקט ווערט דער וואָס פֿאַלט.
אויך גאָט וויל דעם קאַמף. אין אָנהייב איז זײַן צאָרן
פֿול מיט צאָרן, פֿאַרכט און שרעק, —
נאָר גאָט, — ער וויל מיר זאָלן ווערן האַרטנעקיק
נקמה־פֿול, — ווי זײַן עבן־בילד.

און שטאָלן אין דער שלאַכט:
גיי אַדורך די אַכזריותן פֿון לעבן און ווער מילד.
הבל. זעעל מײַנע. שאָטן מײַנער. גאָט. איך ווער
איצט הבל,

ווי הבל אין די וואָלקנס געהילט.
איך בין געהילט אין הבלס געשטאַלט און זאָג
מײַן ווידוי:
איך האָב געזינדיקט. איך האָב פֿאַראומווירדיקט. איך
האָב פֿאַראומרייניקט.

איך האָב געלעסטערט. איך האָב פֿאַרבראָכן. איך האָב געפּײַניקט.

דו האָסט געלײַטערט מיך אין דײַן טיגל.
נעגטער פֿיר מיך אויף דײַנע פֿליגל,
טראָג מיך אין דײַנע ווײַטן
אויף דײַנע וואָלקנס רײַטן, —
אין דײַנע לויטערקייטן.

(צלה האַקט אַ ביסל היי)

קין: עס איז די שניט-צײַט. די קאָסע בלאַנקט.
ס'פֿאַלט קניִעדיק מײַן זאַנג
אין דאַנק, —
אַלע זאַנגען זענען לאַנג.
לאַנגע הויפֿנס. לאַנגע מענגעס.
די שניט-צײַט איז, ל אַ נ ג ע שאָטן-סטענגעס
נאָך מײַנע יונגע זוימען.
קערנער האָב איך געוואָרפֿן דער ערד.

צלה: די זאַנגען... זיי אויסגעבעט אויף דײַנע אייגענע זאַנגען, ערדמאַן.

קין: איך שפּיר דעם ריח פֿון פֿעלד.
צלה: דו גייסט אין הימל.
קין: ווײַב. פֿעלד מײַנס.
צלה: שערבלעך לייג איך אויף דײַנע אויגן.
קומסט פֿאַר גאָט. זײַ בלינד.
קין: מײַנע אויגן זענען אָפֿן.
צלה: דער בלינדער למך ווײַזט זיך פֿאַרן גן-עדן-טויער.
ער שלײַדערט זײַנע פֿײַלן.
קין, זײַ גרייט.
נאָך רגעס וועסטו אויף דײַן ערד דאָ ווײלן.

(גן-עדן-טויער ווײַזט זיך ווידער)

צלה: קין, זע, ווי די בלײכע כּרובֿים-ליליען זיך טוליען,
ווי שטיל זיי קושן זיך און ליוליען,
ווי זיי בלאַנקען איצט שוין גאָלדן
אין אַ ליבלעך ליכטיק האָלדן
קוש — און ווידער זענען בלאַס זיי, בלייך-געווײַסטע,
און ווידער וועקן זיי זיך דרייסטע.
ווי גלידער צאַרט פֿון קינדערלעך נאַקעט.

קין: די שווערד איז שפּיציק.
וױ אַ דאָרן געצאַקט.
צלה: אוןביידע דרייען זיך בליציק.
קין: עס רױשט.
צלה: עס איז אַ רױשן, וױ ס'פֿאָכען פֿון פֿליגל.
וױ ס'קול פֿון מלאַכי־השרת אין ספֿערן,
וױ אױפֿבליץ פֿון לײַכטנדע שטערן.
עס פֿאַלט, וױ אַנטפּלעקונג, אַ קינד אױף דער וועלט־
זע נאָר: מען האַקט דאָס הײ.
ס'איז שניט־צײַט. די קאָסע בלאַנקט.
קין: איך הער דעם געשריי
פֿון טויט.
צלה: און אַלץ איז פֿאַרמישט,
אין רויש.
אין זיסן רויש.
וױ פֿ אַ ר ן לעבן און נ אָ כ ן טויט.
און אין מיטן, —
די אייביקע־אייביקע ליבע.
אויך דו ביסט איינער, אַ שטערן פֿון שטערן, —
קאָנסט הערן
דעם זין
פֿון פֿאָדעם־געשפּין,
פֿאַרנעמען ס'געדריי פֿון גלגלים.
די שטילע דפֿק־קלעפּ פֿון שיקזאַל־שעה.
דעם רויש פֿון צײַט.
און פֿילן: איך בין אין אומענדלעכקייט ווײַט.
און פֿילן: כ'בין דאָ. כ'בין דאָ.
(למך וואַרפֿט אַ פֿײַל. עס בליצט. קין פֿאַלט אַנידער. די שטאָט. חנוך באַווײַזט זיך. אַ קינד אַנטפּלעקט זיך. דער כּרובֿ נידערט אַראָפּ פֿון דער טיר און די שווערד און פֿירן קינען)
צלה: אַ טרויער
יאָמערט פֿון די געבראָכענע צווײַגן.
קום, ערדן־מענטש, אין טונקעלן טויער,
אין טאָל פֿון שווײַגן.

בזשאָזוווקע, 31 יולי 1934

ישׂראל ראַבאָן

# פֿאַרצײכענונגען פֿון יאָר 1939

די דאָזיקע פֿאַרצײכענונגען זענען פֿראַגמענטן
פֿון אַ גרויס װערק פֿון ישׂראל ראַבאָן אַ. נ.
די „געשיכטע פֿון אַ װאַנדערונג״.

פֿרײַטאָג, דעם 1טן סעפּטעמבער 1939, פֿאַרטאָג, איז די באַאומרויִקונג אין דער שטאָט דערגאַנגען צו אַ זײער הויכן פּונקט. דער ראַדיאָ האָט איבערגעגעבן דעם אַפּעל װעגן קריגס־אויסברוך. דער טאָן פֿונעם ספּיקער איז דאָס מאָל געװען אַ דערהויבענער, פֿײַערלעכער, און איך מוז צוגעבן, אַז איך האָב אין אים געהערט אָפּקלינגען אַ נאָטע פֿון פּחד. עס איז אָנגעזאָגט געװאָרן, אַז „דער אײביקער פֿײַנט פֿונעם פּױלישן פֿאָלק איז אַרויס פֿון זײַנע גרענעצן און אָנגעהויבן קריגס־אָפּעראַציעס״. אין די פֿאַבריקן האָט מען גלײַך געװאָרפֿן יעדער אַרבעט. דער גרעסטער טײל פֿון די געשעפֿטן איז באַלד נישט געװאָרן געעפֿנט. אין בתּי־מדרשים און שולן האָט מען אײַליק, אין צעבראָכנקײט, אָפּגעדאַװנט און מען איז אויך אַרויס אויף די גאַסן. ייִדן האָבן זיך צונויפֿגעמישט מיט פּאָלאַקן. מען האָט גערעדט, געשריגן. פֿון דער ענדעקישער פּרעסע איז װי דורך אַ כּישוף־שפּרונג פֿאַרשװוּנדן דער אַנטיסעמיטישער טאָן. עס איז נישט געװען צו זען אין איר קײן אײן װאָרט װעגן ייִדן. אין ערגעץ אין שטאָט האָט מען נישט געהערט רעדן קײן װאָרט קעגן אונדז. לאָדזשער ייִדן האָבן ענדלעך שוין רויִק און זיכער מיטן לעבן געקענט פֿרײַ שפּאַצירן אויף יענע גאַסן, װוּ זײ האָבן זיך קײנמאָל נישט דערװעגט צו גײן... אָבער װער איז איצט געװען אַ בעלן אויף אַזאַ שפּאַציר?..

„יודעאַ־פּאָלאָניאַ״ — האָב איך געטראַכט, װען איך האָב געזען, װי דער סטרוזש פֿון אַ הינטער־גאַס אין לאָדזש האָט, טראָגנדיק אויף די הענט דעם אָקאָרשט־דערהאַלטענעם מיליטערישן מונדיר, זיך געקושט מיט אַ ייִדישן שנײַדער, אויך מיט אַ זעלנערישן פּאַס און פֿינקלענדיקע נײַע בגדים און נײַע שטיװל פֿון רויטן געלן לעדער אויף די אַקסלען; געאָרעמט און ברידערלעך זענען זײ בײדע אַרײַן אין אַ שענק, װוּ זײ האָבן אין

געהיים געטרונקען בראַנפֿן (קיין אַלקאָהאָל איז שוין נישט דערלויבט געווען צו פֿאַרקויפֿן)...

„יודעאַ־פֿאָלאָניאַ!" — האָב איך אויסגערופֿן, ווען איך האָב געזען, ווי אַ פּאָליציאַנט האָט געענטפֿערט גאַנץ פֿרײַנדלעך אַן אָרעמער ייִדענע פֿון באַלוט, פּונקט ווי זי וואָלט געווען גלײַך מיט אַלע בירגער.

איך בין זיך איבערגעגאַנגען איבער די ייִדישע האַנדלסגאַסן, דער עיקר איבער דער באַקאַנטער נאָוואָמיעיסקע, ווו דער געוויינלעכער בירגער פֿון דער שטאָט, על־פּי־רובֿ קריסטן, און הונדערטער, טויזנטער צוגעפֿאָרענע פּויערים פֿון די שכנותדיקע שטעטלעך און דערפֿער פֿלעגן מאַכן זייערע אײַנקויפֿן. דער גרעסטער טייל פֿון די געוועלבער איז פֿאַר־מאַכט. עפּעס אַ פּאָר געשעפֿטן זענען יאָ אָפֿן. די אייגנטימער דרייען זיך אַרום אין זייִ צערודערטע, מיט גערונצלטע פּנימער פֿון זאָרג. זיי באַוועגן זיך אין די קראָמען, ווי געפּענטעטע פֿייגל אין אַ שטײַג, מיט די פּנימער צו דער גאַס. אָבער דאָס מערקווירדיקסטע איז: נישטאָ מער די באַרימטע „פּיקעטן", די געדונגענע יונגען, וועלכע פֿלעגן שטיין פֿאַר די ייִדישע קראָמען און נישט אַרײַנלאָזן קיין קריסטלעכע קונים, האַלטנדיק דערבײַ אויסגעלערנטע דרשות, אַז אַ קריסט טאָר נישט אָנשטאָפּן די קעשענעס פֿון די ייִדישע בלוט־זייגער.

הײַנט זענען מער קיין פּיקעטן נישטאָ. זיי זענען פֿאַרשוווּנדן ווי אין דער ערד אַרײַן. אָדער אפֿשר זענען זיי אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין די מיליטערישע רייען און אַנשטאָט צו קעמפֿן קעגן ייִדן, האָט מען זיי געשיקט אויף דעם לכל הדעות אַ סך געפֿערלעכן פֿראָנט?

איך קוק אָן די דורכגייער. אַלע האָבן פֿאַרכמאַרעטע, אָנגעצויגענע מינעס. די קאָנדוקטאָרן אויף די טראַמווײַען שווײַגן; זיי גיבן שטילע און פֿאַרזאָרגטע דעם בילעט, נעמען געלט און דרייען זיך שאָטנהאַפֿט פֿון איין וואַגאָן צום צווייטן. אויף די פּאַסאַזשירן זיצן שטילע, מיט נערוועזע פּנימער געווענדט צו דער אָפֿענער גאַס. מען שעפּטשעט צווישן זיך, מען גיט איבער נײַעס.

רעזערוויסטן מיט די דאָרפֿישע פּנימער, מיט די הויכע, נישט־געפּוצטע שטיוול, מיט די לײַוונטע פּויערישע העמדער, קומען אָן. זיי שיטן זיך אויף פֿורלעך, זיי מאַרשירן צופֿוס. זיי ציִען פֿון אַלע וועגן, זיי טאַפּן אין דער פֿרעמדער שטאָט און זאָרג און פֿינצטערניש טאַנצט אַראָפּ פֿון זייערע פּנימער.

אויף דער נאָוואָמיעיסקע־גאַס האָבן דרײַ שיכּורע רעזערוויסטן, מיט עפּעס אַ פּראָסטיטוטקע, וועלכע האָט פֿאַר זיי געדינט פֿאַר אַ וועג־ווײַזערין, געפֿרווט אַרויסרופֿן עקסצעסן.

זיי זענען אַריין אין אַ ייִדיש קאָנפֿעקציע־געוועלב, אויפֿגעהויבן אַ טומל, אַז ייִדן זענען שולדיק אין דער מלחמה.

זיי זענען אַרויס אויף דער גאַס, לעבן געוועלב, און געשריגן מיט באַנומענע, הייזעריק־שיכּורלעכע קולות צו די הונדערטער פֿאַרבײַציִענדיקע רעזערוויסטן:

— מאַכט אַ סוף מיט די ייִדן און עס וועט זײַן שלום! שלאָגט די ייִדן און מיר וועלן נישט דאַרפֿן גיין געהרגעט ווערן!

— יאָ, שלאָגט די ייִדן! – האָט די פּראָסטיטוטקע מיט דער אָראָפּ־געקראָכענער שמינקע אויפֿן פּנים און מיט די צעפֿלויגענע האָר און שיכּורע אויגן העכער געשריגן פֿון אירע דרײַ פֿאַרערער, – און מיר וועלן נישט גיין אויף די שלאַכטפֿעלדער! –

אָבער זע: אַן אומגעוויינלעך בילד. באמת אַ נס. די הונדערטער קריסטן, וואָס גייען פֿאַרבײַ, קוקן אָן גלײַכגילטיק די לאָבוסעס. אַ סך שמייכלען און גייען חוזקדיק ווײַטער. קיין איינער האַלט נישט אונטער דעם רוף צו עקסצעסן. עפּעס אַ קריסט מיט אַ פּאָר פֿעסטע רויטע הענט און ברייטע פּלייצעס, מן הסתּם אַ קליינשטעטלדיקער שמיד, אַ רעזערוויסט, שטעלט זיך אָפּ און שייגעצט אויס די כוליגאַנעס: – אַזעלכע „דראַניעס״, ווי אײַך, דאַרף מען אויף דער תּליה שיקן, פּשאַקרעוו! אין אַזאַ צײַט האָט איר נישט עפּעס אַנדערש אין זין, ווי „זשידקעס״ צו שלאָגן און עפּעס צו ראַבעווען בײַ זיי. שעמען מעגט איר אײַך!

ייִדישער „פּאַכאָלעק״! ייִדישער „וואָיטעק״! – שרײַט די פּראָסטי־טוטקע און ציט אָפּ מיט אירע דרײַ באַגלייטערס.

איך קום אַרײַן אין דער קאַפֿע „אַסטאָריאַ״, דער זאַמלפּונקט פֿון דער ייִדישער אינטעליגענץ אין לאָדזש. די טישלעך זענען באַזעצט. עס קלינגען גלעזער אין נערוועזע פֿינגער. אַ בלאָער רויך פֿון פּאַפּיראָסן ליגט אין דער לופֿט ווי אַ נעפּל. געשרייען, טומל, אומרו. „מלחמה״, „מלחמה״, „מלחמה״! – דאָס זעט מען אָן אין יעדער באַוועגונג, בײַ יעדן טיש. אָט זיצט משה בראָדערזאָן, דער פֿעליעטאָניסט אָבעזשאַנעק, די מאָלער ק. און י. ב. איך זעץ זיך צו. זיי זענען בלאַס. אַ פֿינצטערער שאָטן ליגט ווי אַ דריקנדיקע מאַסע אויף זייערע פּנימער. עס גייט אַ שווערע דיסקוסיע, אַ שלאַכט פֿון ווערטער, אין וועלכע מען איז אַליין נישט זיכער.

— ייִדן, מאַכטס די פּעקלעך: ער וועט אַרײַן קיין לאָדזש! – זאָגט משה בראָדערזאָן אין אַ טאָן פֿון פּאָעטישן פּראָפֿעטיזם, און עס איז קענטיק, אַז ער איז צעטומלט, צערודערט. זײַנע געדיכטע, שוואַרצע האָר

זענען צעוואָרפֿן און די אויגן זענען געווענדט אין דער לופֿטן, אַזוי ווי ער וואָלט כּסדר געהאַט פֿאַר זיך אַ נישט־אָפּטרעטנדיקע וויזיע פֿון מאַרשירנדיקע קאָלאָנעס...

די לופֿט איז ענג, דושנע. פֿון דער גאַס הילכן אָפּ די טריט פֿון די פּויערישע שטיוול, פֿון די פֿרעמדע מאַנסלײַט, וואָס זענען גערופֿן געוואָרן פֿון דער נויטווענדיקייט צו פֿאַרטיידיקן דאָס לאַנד.

איך גיי אַרויס. אויף ראָג זאַכאָדניע און גדאַנסקע איז פֿאַרזאַמלט אַ קופּקע מענטשן. איך גיי צו נענטער. אין מיטן שטייט דער משוגענער שנײַדער מיט דער געלער באָרד און מיט די לאַנגע האָר, ווי די אַמאָליקע טאָלסטאָיאָווצעס. ער איז משוגע, זײַן קאָפּ איז פֿול מיט צעטומלטע פֿאַנטאַזיעס און ווילדע מחשבֿות, וועלכע ער שעפּט פֿון דער טיפֿער, אומבאַקאַנטער וועלט פֿון שגעון. ער מעג רעדן, וואָס ער וויל. איבער אים איז נישט חל דאָס געזעץ פֿון דער באַגרענעצטער וואָרט־פֿרײַהייט אין דער צײַט פֿון קריגצושטאַנד.

— ייִדן, ס'גייט אַ ביטערע צײַט אויף ענק... עץ וועט באַצאָלן פֿאַר אַלע אײַערע זינד, פֿאַר דעם, וואָס איר האָט אויף ברויט די אָרעמע־לײַט און די טויטע אויף תּכריכים נישט געוואָלט געבן. עמלק איז ווידער אויפֿגעשטאַנען פֿון קבֿר און ער וועט מאָרדן אײַערע קינדער און אײַערע ווײַבער וועט ער שענדן... אָבער ניין, — צעלאַכט ער זיך מיט אַ ווילד, שנײַדנדיק געלעכטער, — דאָס איז נישט דער זעלבער עמלק, וואָס אַמאָל. אָנשטאָט מיט אַ שווערד, וועט ער מאָרדן מיט אַ טאַנק, אָנשטאָט מיט אַ פֿײַלבויגן, וועט ער אײַך אויסשיסן מיט „סאַמאָלאָטן“. ער וועט פֿון אײַך מאַכן אַש און האָלעוועשקעס און איר וועט נישט וויסן, ווו אײַער געביין איז אַהינגעקומען... יאָרן לאַנג האָט איר געזויפֿט און געפֿרעסן... יעצט קומט אויף אײַך גאָטס שטראָף!..

— משוגענער, מאַך צו דעם פּיסק! — שרײַט פּלוצלינג אויס עפּעס אַ דערצאָרנט ייִדל מיט אַ קליין שפּיציק בערדל, ווײַזט אויס, עפּעס אַ קרעמער פֿון דער אַלטשטאָט. ער הייבט אויף זײַנע שוואַכע, ווײַבערישע פֿויסטן און וויל זיך פֿאַרמעסטן אויף דעם משוגענעם „נבֿיא“.

— לאָז אים אָפּ! — האַלט מען אים אײַן, — ער איז דאָך אַ משוגענער און ער מעג רעדן, וואָס ער וויל.

אָבער די ווערטער פֿון דעם גײַסטיק־גערירטן קריכן אַרײַן טיף אין האַרץ און עס רײַסן זיך אַרויס בײַ מאַנכע שנײַדנדיקע זיפֿצן. עפּעס אַ פֿרוי שטעלט צו אַ טיכל צו די אויגן — זי וויינט.

אָפּגערעדט ס'זײַניקע, לאָזט דער „משוגענער שנײַדער“ שטיין די

קופקע מענטשן און ער גייט ווײַטער פּרעדיקן זײַנע שוידערלעכע שוואַרצע נבֿיאותן.

אויפֿן אַנדערן טאָג זענען אָנגעקומען ידיעות פֿון פֿראָנט, וואָס האָבן געקלונגען גאַנץ האָפֿערדיק. אין איין באַריכט פֿון גענעראַל־שטאַב איז געווען מיטגעטיילט, אַז די פּוילישע קאַוואַלעריע האָט דורכגעריסן דעם דײַטשן פֿאַרטיידיקונגס־רינג און שלאָגט זיך שוין אויף דער טעריטאָריע פֿון מזרח־פּרײַסן. ווײַטער האָט דער קאָמוניקאַט מיט־געטיילט מיט עמפֿאַזע, אַז די פּוילישע סאָלדאַטן רינגלען אַרום דאַנציק און דײַטשע סאָלדאַטן לויפֿן אַריבער די קאַמפּס־ליניע און גיבן זיך איבער אין געפֿאַנגענשאַפֿט. עס איז דערויף געלייענט געוואָרן אַ צעטל פֿון דײַטשע נעמען: האַנס׳ס און פֿריצס און אַדאָלפֿס.

איך דריי מיך אויף דער גאַס. אָבער אָ, וואָס איז דאָס? איך קום אָן צום בנין פֿון דער ייִדישער קהילה אויף פּאָמאָרסקע, זע איך ייִדן מיט קלימעקלעך און פּעקלעך, ייִדן מיט בעטגעוואַנט און טשײַניקעס, ייִדן מיט קינדער און ווײַבער, פֿאַרצווייפֿלטע, נידערגעשלאָגענע, צע־בראָכענע, ייִדן, וואָס זעען אויס, ווי זיי וואָלטן אַנטלאָפֿן פֿון אַ שרעקלעך פֿײַער; זיי מאַכן מיט די הענט אין בהלה, אָדער זיי זיצן אויף די שטיינערנע טרעפּן אין אומענדלעכער מרה־שחורה, אין אַ טיפֿער אַפּאַטיע פֿון מענטשן, וואָס האָבן פֿאַרלוירן דעם שׂכל.

— פֿונוואַנען זענט איר, ליבע ייִדן, און וואָס איז מיט אײַך געשען?

— פֿון וואַנען מיר זענען? מיר זענען פֿון טשענסטאָכאָוו און פֿון וולוין זענען מיר?

— און פֿאַרוואָס זענט איר פֿון דאָרט אַנטלאָפֿן? ווער האָט אײַך געטריבן?

— פֿאַרוואָס זענען מיר פֿון דאָרט אַנטלאָפֿן?! אַ שיינע קשיא, כ׳לעבן! – צעלאַכט זיך איינער אַ ייִד מיט אַ בייז, ביטער, ווייטיקלעך געלעכטער, – איר ווייסט נישט פֿאַרוואָס?! דער דײַטש איז דאָך שוין אַרײַן קיין טשענסטאָכאָוו, און וולוין האָט ער אײַנגענומען פֿיר שעה נאָך דעם אויסבראָך פֿון דער מלחמה? פֿון „אונדזעריקע“ האָט ער געמאַכט אַש!

און אַלס באַשטעטיקונג פֿון זײַנע ווערטער, הער איך וויינען קינדער און ווײַבער זיפֿצן און ווישן מיט די שפּיצן פֿון די קליידער די נעז.

— אַ הויז האָב איך געהאַט איינס אין וולוין [וויעלון], האָט עס

געטראָפֿן אַ באָמבע און עס איז אַוועק מיטן פֿײַער, — זאָגט איין ייִדענע.

— און מײַנע קינדער און מײַן מאַן זענען דערהרגעט געוואָרן, און פֿון מײַן שטוב איז געוואָרן רויך און האַלאָוועשקעס, — זאָגט אַ צווייטע ייִדענע.

— און איצט האָבן מיר נישט קיין היים און קיין אָרט, ווו דעם קאָפּ אַנידערצולייגן! — זאָגט אַ דריטע ייִדענע.

אויף דער גאַס, לעבן דער קהילה, ווערט אַ געזעמל. עס שטייען מענטשן אַרום די ערשטע פּליטים און מען קוקט אויף זייערע פּנימער, אויף זייערע צעקנייטשטע, פֿאַרגעלטע פּנימער, פֿול מיט שמוץ, טרערן און פּײַן.

איך פֿאַרטראַכט זיך. דאָס זענען די ערשטע שוואַלבן, וואָס זאָגן אָן דעם פּוילישן „זיג".

אין אָוונט, אַזייגער אַכט, נאָך אַ גאַנצן טאָג לויפֿן אין די שוצ־קעלערן, האָבן זיך אָנגעהויבן צו שיטן די ערשטע איובֿ־בשׂורות. איך בין געזעסן אין דער וווינונג פֿון מײַן ברודער און געוואַרט אויף דעם קאָמוניקאַט פֿון גענעראַל־שטאַב. עס זענען געווען פֿאַרזאַמלט אַ סך שכנים פֿון הויז, וועלכע האָבן נישט פֿאַרמאָגט קיין ראַדיאָ־אַפּאַראַטן, אָדער אַזעלכע, וואָס האָבן ליב געהאַט צו זיצן צוזאַמען, כּדי אויסצוטײַטשן די באַריכטן און אַרויסצונעמען דאָס, וואָס איז אמת אין זיי, און דאָס, וואָס איז נישט אמת.

דער קאָמוניקאַט איז ווי שטענדיק געגעבן געוואָרן פּינקטלעך אַ זייגער אַכט. דער ערשטער קלאַפּ איז געקומען. דער ספּיקער האָט אין אַ טרויעריקן, געבראָכענעם טאָן מיטגעטיילט, אַז לײדער איז דאָס פּוילישע מיליטער געצוווּנגען געווען אַוועקצוגעבן טשענסטאָכאָוו, קאַטאָוויץ און בידגאָשטש. מיר זענען געוואָרן דערשטוינט. דער דײַטש איז שוין אין טשענסטאָכאָוו. ווי ווײַט איז דאָס קיין לאָדזש?

מיר האָבן אַ סך נישט געהאַט צו רעדן. דאָס אויסטײַטשן און דאָס אַרויסנעמען דעם אמת איז דאָס מאָל אָפּגעלייגט געוואָרן. מען האָט נישט געדאַרפֿט ערשט זוכן צווישן די ווערטער פֿון דעם ראַדיאָ־ספּיקער. עס איז געלעגן קלאָר ווי אויף דער דלאָניע... עס איז געוואָרן טרויעריק אויפֿן האַרצן. עס איז אײַנגעטרעטן אַן אומעטיק שווײַגן.

— ווער ווייסט, צי בלויז די דאָזיקע שטעט זענען פֿאַרנומען געוואָרן? ווער ווייסט, וויפֿל נאָך? — האָב איך זיך אָפּגערופֿן.

אַזייגער זעקס אינדערפֿרי האָט דער לאָדזשער ראַדיאָ געגעבן אַן אַלאַרם: — אַעראָפּלאַנען איבער דער שטאָט! באַהאַלטן זיך!

מען איז געלאָפֿן פֿון די הײַזער. די גאַסן זענען אָפּגערייניקט געוואָרן. די קאָנדוקטאָרן האָבן איבערגעלאָזט אינמיטן ברוק די טראַמוויַען, די פּאַסאַזשירן זענען אַנטלאָפֿן. די דראָזשקערעס האָבן געלאָזט שטיין די פֿערד און די דראָזשקעס.

אַלץ האָט גענומען לויפֿן, זוכן שוץ, באַהאַלטן זיך. אָבער וווּהין? עס זענען געשטאַנען הונדערטער גריבער, וואָס מען האָט ספּעציעל געמאַכט צו שיצן זיך בעת לופֿטאַטאַקעס. אָבער די גריבער זענען געווען אָן אַ צודעק; עס זענען געווען אָפֿענע, נאַקעטע שוואַרצע גריבער, פֿול מיט בלאָטע און וואַסער. און איצט קריך אַרײַן אין אַזעלכע גריבער, וואָס ווען סײַ־ווי גאָרנישט העלפֿן!

אַזוי, אַז נאָך אַ וואָך צײַט גראָבן גריבער אינמיטן די גאַסן, אויף די שענצטע סקווערן, אין די שענצטע פּאַרקן, גרעסערע הייף, אַן אַרבעט, וואָס איז געטון געוואָרן מיט אַ הייליקער באַגײַסטערונג דורך דער גאַנצער באַפֿעלקערונג אָן אונטערשייד פֿון גלויבן און נאַציאָנאַליטעט — האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס אַלץ איז אומזיסט, טויג אויף כּפּרות.

מען האָט בחינם צעגראָבן און צעטרייבערט אַ שטאָט. קיינער האָט נישט געהאַט קיין נוצן דערפֿון; עס האָט קיין איין מענטש נישט געראַטעוועט דאָס לעבן, קיינעם נישט געשיצט.

נישט אומזיסט האָבן שפּעטער די דײַטשע סאָלדאַטן מיט חוזק, אָנקוקנדיק די גריבער, באַמערקט:

— דאָס זינד גאַנץ גוטע שײַס־גריבער! די האָזען ׳רונטער!..

דער עולם איז דעריבער געלאָפֿן זיך באַהאַלטן קודם כּל אין די קעלערן. אָבער דער גרעסטער טייל פֿון די קעלערן אין דער אַרבעטער־שטאָט לאָדזש איז באַוווינט דורך דער פּראָלעטאַרישער אָרעמקייט. אין די רײַכע הײַזער האָבן די ווירטסלײַט אַרײַנגעשטעלט אין די קעלערן קאַנאַפּעס און שטולן, כּדי מען זאָל האָבן אויף וואָס צו זיצן, אויב עס וועט אויסקומען צו זײַן באַהאַלטן לאַנגע שעהן און גאַנצע נעכט; אויך זענען די דאָזיקע שוצקעלערן באַזאָרגט געוואָרן מיט קליינע אַפּטייקלעך.

— אַלאַרם! אַלאַרם! אַלאַרם! — האָט דערווײַל דער ראַדיאָ געיאָמערט, — באַהאַלטן זיך! אַעראָפּלאַנען איבער לאָדזש! האַלאָ!..

און אין דער זעלבער צײַט האָט מען שוין געהערט דאָס זשומען פֿון די שטאָלענע דײַטשע פֿליגלען. איך האָב אַ קוק געטון אין דער הייך, אין דעם הימל, איבער מײַן קאָפּ.

קליינע זילבערנע פליגלען, וועלכע עס איז שווער געווען צו דערקענען אין דער זון, האָבן זיך געדרייט מיט אַ בליציקער שנעלקייט, אַזוי ווי זיי וואָלטן געוואָרן אויסגעשאָסן מיט אַ גע־וואַלדיקער קראַפט.

אויף די דעכער זענען געשטאַנען גרייט די פּוילישע זעניט־האַרמאַטן. זיי האָבן געעפנט אַ פייער קעגן די מאָטאָרן. עס האָבן געקנאַקט די גראַנאַטן. די מאָטאָרן האָבן זיך אַלץ געדרייט הין־און צוריק, ווי משוגע. אָבער קיין באָמבעס האָבן זיי נישט געוואָרפן. מען האָט נישט געהערט אין ערגעץ קיין אויפרייס.

דערווייל זענען די קעלערן פול געוואָרן. דערשראָקענע ווייבער האָבן געחלשט. מען האָט זיי געמינטערט. עס איז נישט געווען ווו צו לויפן, מחמת נישט יעדער הויף האָט געהאַט אַ קעלער, און דאָרט ווו אַזאַ איז יאָ געווען, האָט ער נישט געקענט אַרייננעמען אַלע איינוווינער. איז מען געלאָפן פון פערטן אויפן דריטן שטאָק, פון דריטן אויפן צווייטן, פון צווייטן אויפן ערשטן און דאַן אין פּאַרטער.

עס איז געווען דער ערשטער לופטאָנגריף און דאָס צעמישעניש איז געווען זייער גרויס.

ענדלעך האָט זיך דער ראַדיאָ ווידער דערהערט:

— האַלאָ! האַלאָ! האַלאָ! דער לופט־אַלאַרם ווערט אָפּגערופן!

דער עולם האָט גענומען פרייער אָפּאָטעמען. מען איז אַרויס פון די קעלערן. מען האָט געפירט אין דער וווינונג אַריין די טויט־איבער־געשראָקענע פרויען, קינדער.

מען האָט זיך דאַן אַ וואָרף געטון מיט אימפּעט צו דעם איינציקן געוועלב פון דער לופטשוץ־קאָמאַנדע; מען האָט געקויפט גאַזמאַסקעס. אַ קשיא אויף אַ מעשה: אפשר וועט מען באָמבאַרדירן מיט גאַז? אין פאַרלויף פון אַ האַלבער שעה איז דאָס גאַנצע געוועלב אויספאַרקויפט געוואָרן. עס זענען סך־הכל געווען אויפן לאַגער אַ צוויי הונדערט שטיק, צו זיבעצן זלאָטעס אַ מאַסקע. דאָס איז געווען זייער אַ הויכער פּרייז, פאַר קיין לאָדזשער אַרבעטער און אָרעמען קרעמער אינגאַנצן נישט צוגענגלעך.

דערווייל האָבן פּראָוואָקאַטאָרן אין דער שטאָט גענומען פאַרשפּרייטן קלאַנגען, אַז ביי די ווייטערדיקע אָנגריפן וועט מען שוין באַשיטן די שטאָט מיט גאַזבאָמבעס און די, וועלכע פאַרמאָגן נישט קיין מאַסקעס, דערוואַרט אַ זיכערער שרעקלעכער טויט דורך פאַרגיפטונג.

מיט פאַרצווייפלטע פּנימער און מיט אַ טויט־פּחד אין האַרצן האָט

מען זיך ווידער געוואָרפֿן אויף דעם ליידיקן געוועלב פֿון דער לופֿט־שוץ־קאָמאַנדע.

אָבער דער פֿאַרקויפֿער, אַנגעטון אין אַ מונדיר, האָט דערקלערט, אַז מער ווי וואָטע און יאָדינע האָט ער נישט צום פֿאַרקויפֿן.

— אַ סקאַנדאַל! אַ געמיינהייט! אַ באַלאַגאַן! — האָט מען געשריגן מיט פֿאַרקראַמפּטע פֿויסטן! —

אָבער דאָס שרײַען און פּראָטעסטירן האָט גאַנץ ווייניק געהאָלפֿן. קיין גאַזמאַסקעס זענען פֿאָרט נישט געווען.

אַ האַלבע שעה צײַט האָבן מיר געקענט פֿרײַ אָפּאָטעמען און זיך געפֿרייט פֿון דער מעלדונג פֿון ראַדיאָ־ספּיקער, אַז די זעניט־אַרטילעריע האָט מיט דעם גוט־געצילטן פֿײַער פֿון אירע האַרמאַטן פֿאַר־טריבן אַן עסקאַדרע אַעראָפּלאַנען, אַראָפּשיסנדיק גאַנצע דרײַ פֿון זיי. אָבער פּונקט אַ האַלבע שעה נאָך דעם ערשטן לופֿט־אַטאַק, האָט דער לאָדזשער ראַדיאָ ווידער געגעבן אַ סיגנאַל:

— האַלאָ! האַלאָ! האַלאָ! באַהאַלטן זיך אין די שוץ־ערטער! אַעראָפּלאַנען איבער לאָדזש!

מען האָט איבערגעלאָזט דאָס פֿרישטיק און מען האָט זיך אַ וואָרף געטון אין די קעלערן. — זש... זש... זש... זענען ווידער געפֿלויגן שטאָלענע מאָטאָרן און מיט זייער זילבער־ניקלנעם קאָליר זיך געשיקט אויסגעמישט אין די גאָלדענע שטראַלן פֿון דער שיינער, וואַרעמער ערבֿ־האַרבסטיקער זון.

ווידער האָבן אָנגעהויבן צו קנאַקן די זעניט־האַרמאַטן און די קוילן־וואַרפֿער אויף די דעכער.

איצט האָבן זיך שוין געפֿונען דרייסטערע. זיי האָבן זיך אַוועק־געשטעלט בײַ די טויערן און זיך צוגעקוקט, ווי אַזוי די אַעראָפּלאַנען פֿירן דורך זייער אַרבעט.

איך בין אַרויף אויף אַ בוידעם, צוגעשטעלט דעם קאָפּ צו אַ פֿענצטערל און דאָס ערשטע מאָל אין מײַן לעבן אָבסערווירט אַ שלאַכט אין דער לופֿטן.

איך האָב געזען זיך טראָגן פֿון דער ריכטונג פֿון פּאַביאַניץ, וואָס פֿירט, כּידוע, צו דער דײַטשער גרענעץ, וואָלקנס רויך, רויך פֿון אַ גראָלעך־ווײַסן קאָליר. פֿון די דאָזיקע וואָלקנס האָט זיך דערהערט אַ געזשומעניש, אַזוי ווי פֿון אויטאָ־מאָטאָרן, אַזוי ווי די דאָזיקע וואָלקנס וואָלטן זיך באַוועגט מיט בענזין־קראַפֿט.

נישט זײַענדיק אַפֿילו קיין קענער פֿון מיליטערישע ענינים, האָב איך גלײַך פֿאַרשטאַנען, וואָס די וואָלקנס באַטײַטן. דאָס זענען קינסטלעך־

געמאַכטע כמאַרעס, אין וועלכע די אַעראָפּלאַנען זענען מאַסקירט. באַלד האָב איך געפֿונען אַ באַשטעטיקונג פֿון מײַנע באַאָבאַכטונגען אין דעם געוואַלדיקן הוראַגאַן־פֿײַער פֿון די פּוילישע האַרמאַטן און קוילנ־וואַרפֿערס.

הונדערטער קוילן, גראַנאַטן און שראַפּנעלן האָבן זיך געשיט אין הימל אַרײַן אין די דאָזיקע וואָלקנס.

זיי האָבן געהודזשעט און'געפֿיפֿן, זיך געשניטן מיט אַ מעסער־שאַרפֿער קראַפֿט אין דער לופֿטן.

עס האָט אויסגעזען ווי פֿאַר אַ געוויטער, אַ שטורעם, אַ שלאַקס־רעגן און אָט באַלד וועט זיך אַראָפּלאָזן איבער אונדז אַ מוראדיקער מבול.

אָבער פֿון דער אַנדערער זײַט, ווידער, איז דער הימל געווען אַ בלאָער, אַ וואַרעמער, אַ גלעטנדיקער, און די זון, די וואַרעמע, שיינע, פֿולע האַרבסט־זון, האָט געשײַנט פֿאַר דער וועלט אין פֿולן גלאַנץ, פּונקט, ווי עס איז נאַריש צו טראַכטן, אַז עס שטייט פֿאַר וועלכן עס איז אומגעוויטער.

אַ פּאָר מינוט, לערך אַ צען מינוט, האָב איך אין הימל מער נישט געזען, ווי אָט די זיך גליטשנדיקע, געהיימניש־פֿולע וואָלקנס.

אָבער דאָס פֿײַער פֿון די פּוילישע האַרמאַטן און קוילנוואַרפֿערס איז אויף קיין רגע נישט שוואַכער געוואָרן.

זיי האָבן געשאָסן אויף די וואָלקנס מיט אימפּעט און צאָרן.

איך בין געווען געשפּאַנט וואָס דאָ וועט ווערן. פּלוצלינג האָט דאָס שיסערײַ פֿון די האַרמאַטן און קוילנוואַרפֿערס אויף די פֿעלדער הינטער לאָדזש און אויף די דעכער פֿון די לאָדזשער פֿאַבריקן און וווינ־הײַזער אויפֿגעהערט. עס איז געוואָרן שטיל. איך האָב געמיינט, אַז די אַעראָפּלאַנען זענען אַנטלאָפֿן און דאָס נאָכיאָגן זיי האָט אויפֿגעהערט.

אָבער איך האָב געהאַט אַ טעות.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אָט וואָס:

פֿון דער לינקער זײַט, דאָס הייסט פֿון צענטער שטאָט, האָבן זיך פּלוצלינג אויף באַוויזן אַ זעקס כמאַרעס רויך. עס האָט געקענט אויסזען, ווי ערגעץ אויף אַ גאַס וואָלט אויסגעבראָכן אַ שׂרפֿה און די קנוילן רויך לויפֿן פֿאָרויס אין דעם הימל. אָבער מען האָט נישט געדאַרפֿט האָבן קיין געניט אויג, כּדי צו זען, אַז די וואָלקנס באַוועגן זיך סיסטעמאַטיש, רויִק, אויסגערעכנט, מען קאָן זאָגן, געאָמעטריש. אַ ווײַלע גייען זיי, פֿליסן, אָבער מיט גרויס פּאָרזיכטיקייט, אַזוי ווי שווימער, וועלכע לאָזן זיך דאָס ערשטע מאָל אויף די כוואַליעס פֿונעם ים. אָבער דאָס מערקווירדיקסטע

פֿון די וואָלקנס רויך איז געווען דאָס, וואָס קיין פֿײַער, קיין פֿלאַם, קיין פֿונק האָט זיך אין ערגעץ נישט געזען. אַלזאָ, דאָס איז רויך, אָבער נישט פֿון קיין פֿײַער, עפּעס אַן אַנדערער, אַ נײַער, מען קאָן זיך אויסדריקן, געהיימנישפֿולער רויך.

איך בין געלעגן בײַ מײַן בוידעם־פֿענצטערל און מיט אַן אומ־געווײנלעכער שפּאַנונג זיך צוגעקוקט, ווי אַ זעקס־זיבן כמאַרעס לאָזן זיך קעגן אַזאַ מין צאָל כמאַרעס, און נאָך אַ רגע און נאָך אַ רגע און — דער צוזאַמענשטויס קומט פֿאָר.

— זש... זש... — האָבן בלויז געקלאַפּט און געברומט שטאָלענע מאָטאָרן, באַהאַלטענע ערגעצווו.

אַחוץ דעם האָט מען אַרום נישט געהערט קיין שאָרך. די האַרמאַטן און די קוילנוואַרפֿערס אויף די דעכער, מאַסקירטע אונטער קינסטלעך־אויפֿגעשטעלטע קוימענס, האָבן געשוויגן. אַלץ האָט זיך געפֿונען אין אַן אָפּוואַרטנדיקער פּויזע. איך האָב מיט שטוינען באַמערקט, אַז מחנות פֿייגל פֿלִיִען אַוועק מיט פּחד פֿון דעם אָרט, ווו עס דאַרף באַלד פֿאָרקומען אין דער לופֿטן דער קלאַפּ, פּונקט ווי זיי וואָלטן געוווּסט, אַז דער הימל שמעקט איצט מיט טויט און פֿאַרניכטונג. אָט האָט אַן עלטערע שוואַלב אַ געשריי געטון צו אַ מחנה פֿון אַ צוועלף שטיק שוואַלבן מיט אַ יאָמער־לעך קול:

— קינדער... שנעל קומט מיט מיר... שטרענגט אָן די פֿליגל און היידאַ פֿונדאַנען!

און די שוואַלבן האָבן געפֿאָלגט. מיט שרעק האָבן זיי אַ קוק געטון אין דער הייך, צו די פֿאַרדעכטיקע גראָלעך־בלאָע גלײַכפֿאָרמיקע וואָלקנס, אונטער וועלכע עס האָבן געהודזשעט מיט אימפּעט און רציחה די געהיימנישפֿולע שטאָלענע מאָטאָרן, און אַנטלאָפֿן ווײַט אין דעם גרויסן הימל, שיטנדיק אין אַלע זײַטן מיט וואָרענונגס־סיגנאַלן.

בייזע, מיט אָפֿענע פּיסקעס, ווי שנײַדנדיק די לופֿט מיט שאַרפֿע מעסערס, האָבן אַ פֿינף שוואַרץ־געפֿלעקטע קראָען זיך געריסן אין דער זון, געקראַקעט אימהדיק, ווי זיי וואָלטן געפֿילט אין דעם הימל, אין זייער באַקאַנטן אַלטן הימל, עפּעס פֿײַנדלעכס, פֿרעמדס און געפֿערלעכס.

זיי האָבן אַ שלאָג געטון אין דער ריכטונג צו די פֿאַרדעכטיקע וואָלקנס, אויסגעבויגן אין אַ פֿאַרשטײַפֿטער פּאָזע די קעפּלעך, געשפּריצט מיט פֿונקען פֿון די קלײנע שאַרפֿע אייגלעך און צאַפּלענדיק מיט די רויטלעכע נאַקעטע פּיסלעך, האָבן זיי זיך אײַנגעהערט, ווי עס קלאַפּן אומאויפֿהערלעך עפּעס ווילד־אומבאַקאַנטע, נײַע שטאָלענע הערצער:

— דזש... דזש... זש... זש... — הערצער פֿון שטאָלענע פֿייגל.

דאָס געררויש אויבן אין דעם הימל האָט געמוזט זײַן פֿאַר־טויבנדיק, אַזוי ווי פֿון אַ וואַסערפֿאַל, ווען מען נעמט אין אַכט, אַז אין דעם הימל זענען געשטאַנען גרייט אָנצוהייבן דעם קאַמף אַ צוועלף אָדער דרײַצן באָמבאַרדיר־אַעראָפּלאַנען, יעדערער מיט אַ צוויי אָדער דרײַ ריזיקע שטאָלענע מאָטאָרן.

איך האָב געזען, אַז די קראָען האָבן, צוקומענדיק נאָענט צו די מאַסקירטע וואָלקנס, אַ צאַפּל געטון מיט די קעפּלעך און זייערע דינע רויטלעך־באָרדאָ פֿיסלעך אין דעם בלאָען אַוויר האָבן אַ דריגע געטון און באַלד האָבן זיי, ווי זיי וואָלטן באַקומען אַ פֿאַרטייבונגס־קלאַפּ איבער זייערע פֿייגלשע מוחות, געגומען, שרײַענדיק און קראַקענדיק, גיך אָפּציִען, פּאַניש אַנטלויפֿן.

און צווישן די צוויי מחנות קינסטלעכע וואָלקנס האָט זיך געדרייט די זון, ציטערנדיק לײַכט, קוים באַמערקלעך, פּונקט ווי זי וואָלט אַליין געברענט פֿון נײַגעריקייט, וואָס דאָ וועט ווערן.

באַלד האָט זיך עס אָנגעהויבן:

קוים צו דערזען, שנעל ווי אַ בליץ, האָט זיך פֿון דער רעכטער זײַט באַוויזן אַ זילבערנע שיף, אַ געפּאַנצערטער דײַטשער באָמבאַרדירער. אין דער זון, וואָס האָט געשאָטן מיט ווײַסע שטראַלן, וועלכע האָבן מער אויסגעקוקט ווי זילבער און נישט ווי די שטענדיק־גאָלדיקע, זענען די קאָנטורן פֿון דעם אַעראָפּלאַן זיך צעשווומען און מ׳האָט אים גאַנץ גרינג געקענט פֿאַרלירן אויסן אויג.

ער איז געלאָפֿן אין דער ווילדקייט און פֿלינקייט פֿון אַן אויס־געשאָסענעם גראַנאַט, געבליבן שטיין אין מיטן, זיך אַ דריי־געטון אין אַ קרײַז, און פּלוצלינג האָט ער אָנגעהויבן אַ שיסערײַ קעגן די אָנ־שווומענדיקע וואָלקנס.

הינטער אים האָט זיך באַוויזן נאָך איינער און נאָך איינער. אין איין מאָמענט האָבן זעקס דײַטשע אַעראָפּלאַנען, אַלע געפּאַנצערט אין אַ זילבער־מאַטן ניקל, אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך די מאַסקעס פֿון וואָלקנס.

עס האָבן געקנאַקט לײַכטע האַרמאַטן און קוילנוואַרפֿערס; צען, הונדערט, הונדערטער שאָסן אין אַ מינוט... דער הימל איז פֿול געוואָרן פֿון קליינע קײַלעכלעך רויך.

אויך פֿון דער לינקער זײַט האָבן די פּוילישע אַעראָפּלאַנען זיך דעמאַסקירט און גלײַך אַרויף אויף די דײַטשע באָמבאַרדירער; זיי זענען אַרויסגעקראָכן פֿון די רויך־כמאַרעס.

אין אָנהייב האָבן די דײַטשע אַעראָפּלאַנען זיך צוריקגעצויגן, מאַכנדיק אַן אָנשטעל, ווי זיי וואָלטן אַנטלאָפֿן. אָבער אין אַ קורצער ווײַלע אַרום האָבן זיי אַ פֿלי געטון פֿאָרויס, זיך אַרײַנגעריסן אין מיטן די פּוילישע פֿליגלען און שיסנדיק איןביידע זײַטן אין אַ ווילדער, פֿאַר־טייבנדיקער סאַלווע, האָבן זיי זיך געהויבן אָט אין דער הייך, איבער די אַטאַקירטע אַעראָפּלאַנען, און אָט אין דער נידער; דרײַ פּוילישע אַעראָפּלאַנען זענען אָפּגעיאָגט געוואָרן אין אַ זײַט און דאָרט האָבן זיי אָנגעהויבן אַ דועל מיט דרײַ דײַטשע אַעראָפּלאַנען; אַלע האָבן זיי זיך אַראָפּגעלאָזט נידעריקער, גאַנץ נידעריק. איך האָב געזען דײַטלעך, ווי אַ דײַטש, אין אַ לעדערן היטל, וואָס האָט אים פֿאַרשטעלט כּמעט דאָס גאַנצע פּנים, שטעפּט בײַ אַ קוילנוואַרפֿער; זײַן פּנים איז געווען רויט, אָנגעגאָסן מיט בלוט, און די אויגן, אין אָנשטרענגונג, האָבן, ווי מיר האָט זיך געדאַכט, געפֿינקלט ווי פֿון גרינלעכן גלאָז. איך האָב געזען, ווי דער פּילאָט, וועלכער האָט געקערעוועט מיט דער מאַשין, האַלט אין דער האַנט אַ רעוואָלווער און שיסט אומאויפֿהערלעך פֿון אים; אין אַ מינוט אַרום האָב איך געהערט עפּעס אַן אויפֿרײַס, וואָס איז נישט ענלעך געווען צו קיין דעטאָנאַציע פֿון אַ שאָס פֿון מעכאַניש געווער, און באַלד דערויף האָט איין אַעראָפּלאַן, אַ זילבערנער, אַ בלאַנקענדיקער, ווי דער קלינג פֿון אַ בליצנדיק מעסער, גענומען אין אַ משוגענעם קרײַז זיך דרייען אַראָפּ און אַרויף, ווי ער וואָלט פֿלוצלינג באַקומען אַן אַפּאָפּלעקסיע־אַטאַק, און גלײַך האָט ער אָנגעהויבן צו פֿאַלן וואָס אַמאָל נידעריקער. איך האָב געזען, אַז אין זײַן עפּענונג איז איין דײַטשער אָפֿיציר אָדער אונטער־אָפֿיציר געבליבן הענגען מיטן קאָפּ אויף דעם בלאַנקנדיק־ניקלנעם קערפּער פֿונעם אַעראָפּלאַן, און שטרײַפֿן רויט, דאַמפּנדיק בלוט האָבן גענומען אין ריטשקעס אַראָפּרינען אויף אים, טריפֿנדיק אין קליינע פּאַסקעלעך אין דעם בלאָען, תּכלתדיקן הימל.

און אין דער זעלבער סעקונדע, ווען איינער פֿון די פּילאָטן איז געטראָפֿן געוואָרן פֿון אַ קויל און געפֿאַלן טויט אויף זײַן זיצאָרט, איז אַ צווייטער פּילאָט אַרויסגעשפּרונגען און עפּענדיק אַ טונקעלן פֿאַלשירעם האָט ער, ווי אַ מידער זומער־פֿויגל, זיך אַראָפּגעלאָזט אין דעם בלאָען אַזור פֿונעם הימל. ער איז געפֿאַלן וואָס אַמאָל נידעריקער און נידעריקער.

דער אַראָפּגעשאָסענער באָמבאַרדירער איז בליץ־שנעל פֿאַרשוווּנדן פֿון מײַנע אויגן. ער איז אַראָפּגעפֿאַלן מיט דער שטאַרקייט פֿון אַ שטיין צוזאַמען מיט דעם דערשאָסענעם פֿליִער, וואָס איך האָב נישט געוווּסט וועגן אים, צי ער איז טויט, אָדער בלויז שווער פֿאַרווונדט.

און איבער דעם טויטן, אָדער אויף יעדן פֿאַל שווער־פֿאַרוווּנדעטן פֿליִער, האָט אָפּגעהילכט די שיסעריַי, און די אַעראָפּלאַנען האָבן, ווי ווילדע, פֿאַרצוקנדע וועלף, אָט צוגעשפּרונגען נאָענט איינער צום אַנדערן און אָט ברומענדיק און זעצנדיק מיט אַ פֿאַרטייבנדיק געוויש, דורכגעלאָפֿן, כּדי גליַיך מיט מער אימפּעט און צושטערערישן ווילן אָנצופֿאַלן איינער אויפֿן אַנדערן.

באַלד האָט זיך אַ פּוילישער אַעראָפּלאַן געשלאָגן מיט אַ דיַיטשן און אַ דיַיטשער מיט אַ פּוילישן.

איך האָב גליַיך באַמערקט, אַז ביַיביידע צדדים איז געווען אַ בייגונג צו דועל, זיך צו באַגעגענען איינס אויף איינס.

די דיַיטשן, זעענדיק זייער אַראָפּגעשאָסענעם קאָלעגע, אַ מעכטיקן דיַיטשן ניקלנעם פּלי־פֿאַנצער, האָבן נישט אויפֿגעהערט צו אַטאַקירן, שוימענדיק פּשוט און צאָרן.

איצט האָט אויפֿגעהערט מיט איין מאָל דאָס דועלירן. דריַי דיַיטשע באָמבאַרדירער זענען בליץ־שנעל באַפֿאַלן איין פּוילישן און איידער איך האָב נאָך באַוויזן זיך צו אָריענטירן, האָב איך געזען, ווי דער באַפֿאַלענער פּוילישער נעמט זיך אָנמעכטיק דרייען אין דער לופֿטן און באַלד איז ער אַראָפּגעפֿאַלן ווי אַ שווערע טויטע מעטאַלענע מאַסע.

ווי טאַנצנדיק פֿון נצחון זענען די דיַיטשע אַעראָפּלאַנען צוריקגעשפּרונגען, דערויף האָבן זיי ווידער געמאַכט די זעלבע קונץ מיט אַ צווייטן פּוילישן אַעראָפּלאַן. דאָס איז געווען אַ שוואַרצער, אַ קלענערער, וואָס האָט בּסדר געשיט מיט אַ האָגל פֿון פּולעמיאָטן־קוילן. דער שוואַרצער פּוילישער אַעראָפּלאַן מיט די איניציאַלן „ס. ה.‟ האָט אַרויסגעגעבן אַ שווערן קרעכץ, אַזוי ווי זיַין אינגעווייד וואָלט אים געפּלאַצט, און דערויף זענען די צוויי פֿליִער אַרויסגעשפּרונגען און מיט האַרטע, פֿאַרגליִווערטע פּנימער, וואָס זענען פֿול געווען מיט אַ פֿעטלעכער סאַדזע און מיט גאַנץ דינע פֿאַסעקלעך בלוט, אַזוי ווי די הויט אויפֿן געזיכט וואָלט זיי געפּלאַצט אין טויטלעכער אָנשטרענגונג, האָבן זיי בליץ־שנעל געעפֿנט פֿאַלשירעמס, וואָס זיי האָבן געהאַלטן אין פֿאַרקראַמפּטע הענט, און זיך אַראָפּגעלאָזט אין דעם הימל.

די איבעריקע פּוילישע אַעראָפּלאַנען האָבן גענומען אַנטלויפֿן. באַלד האָבן די דיַיטשע באָמבאַרדירער, בלענדנדיק אין דער זון מיט די שטאָלענע פֿאַנצערס, באַהערשט דעם הימל; זיי האָבן זיך געפֿונען אַליין. אַן אומבאַגרענעצטע ריינע גלאָקייט האָט זיי איַינגעהילט. בלויז אין געוויסע ערטער האָבן זיך געלאָשן קליינע קיַילעכלעך רויך פֿון אויס־

געשאָסענעם פולווער, וואָס זענען פון רגע צו רגע קלענער געוואָרן, שטאַרבנדיק אינגאַנצן.

ווי הודזשענדיק פון שׂמחה, האָבן די פינף דײַטשע באָמבאַרדירער זיך געדרייט אין אַלע זײַטן און מיט מעטאַלענע נעזער האָבן זיי אויסגעשמעקט געפאַר. זיי האָבן געטראַכט, ווו, אין וועלכער זײַט זיך צו לאָזן ווײַטער פירן דעם אָנגריף.

איך האָב זיך אויפגעהויבן פון אָרט און בין אַרויס אויף דער גאַס. עס איז געווען אַ טונקעלער אָוונט. דער זייגער האָט געוויזן, אַז עס איז נאָענט צו נײַן. אַ דין רעגנדל האָט געקאַפּעט אין דער וואַרעמער לופט. איך בין געווען אַביסל דערהיצט פון אַ לײַכטער אויפרעגונג. איך האָב אָנגעקוקט דאָס געסל, די הײַזער, די פּלויטן. אָט דאָ בין איך אויפגעצויגן געוואָרן. איך געדענק די קליינע הײַזלעך מיט די שוואַרצע דעכער פון דער צײַט פון מײַן קינדהייט. איך געדענק, אַז אייביק האָט זיך דאָ געהערט דאָס גערויש פון די וועבמאַשינען. טאָג און נאַכט האָבן וועבערס געשפּינט פאַרשידענע שטאָפן צו באַקליידן מענטשן. אין דעם גערויש, אין דעם געקלאַפּערײַ פון די וועבשטולן, האָט אַרײַנגעקרעכצט פון צײַט צו צײַט אַ ניימאַשין פון אַן אָרימער נייטאָרין און אַ קלאַפּן פון אַ שוסטערס העמערל. דאָס אַלץ איז געווען אַזוי פאַרשטענדלעך, אַזוי נאַטירלעך, ווי עס וואָלט גאָר אַנדערש נישט געקענט זײַן.

איצט קלאַפּן מער נישט קיין וועבמאַשינען. די שוסטערס און די שנײַדערס האָבן געלייגט די האַמערס און די נאָדלען. אַ פּײַנלעכע שטילקייט ליגט אויסגעגאָסן אויף די הײַזער און פון ערגעץ הערט זיך נישט קיין שאָרך, קיין קלאַנג.

יונגעלײַט מיט געלע און גרינע בענדער האַלטן וואַך פאַר די טויערן. דערשראָקענע פּנימער מיט הייסע אויגן קוקן דיך אָן, ווען דו גייסט פאַרבײַ.

שפּאַצירן אין גאַס? ווער דערלויבט זיך איצט דאָס? אין גאַס קען נאָר איצט גיין אַ שפּיאָן, וואָס זוכט, נישטערט, כּדי אויסצוגעפינען עפּעס צום נוצן פון דעם שׂונא.

עס איז פינצטער. איך גיי. עס איז שטאָק־פינצטער, מען קען די טונקלקייט שנײַדן מיט אַ מעסער. די פענצטער זענען פאַרקלעבט מיט שוואַרץ פּאַפּיר, קיין שטראַל ליכט רײַסט זיך נישט אַרויס פון ערגעץ. איך הער בלויז מײַנע אייגענע טריט. בײַ יעדן הויז בליצט אויף אין מײַן פּנים אַ האַנט־לאַמטערל מיט אַ גרינלעכן, פאַרטונקלטן פלאַם. עס גיט אַ בלענד אין די אויגן.

ווער איז? וואָס טוט איר אין גאַס? — פֿרעגט אַ שטים שאַרף און פֿול מיט חשד.

דאָס לאָמטערל לעשט זיך אויס. דורכדרינגענדע אויגן דערנעענטערן זיך צו מיר, גראָבן זיך איַין, נעמען מיך דורך.

— אַ ייִד?

— אַ ייִד!

— גייט וויַיטער.

איך גיי וויַיטער. איך קום אָן אויף דער הויפּט־גאַס, אויף דער פּיעטריקאָווער. די מעכטיקע היַיזער ליגן דאָ ווי בערג. איין באַרג, איין קאָלאָס קייטלט זיך אין צווייטן, אָנגעלענט אומגעלומפּערט שווער איינער אויפֿן אַנדערן, ווי אַ מחנה שלאָפֿנדיקע ריזן. קיין פֿלאַם. אַזוי ווי אָט אין די היַיזער וואָלט אַלץ געווען הויל און ליער, אַזוי ווי די מענטשן וואָלטן שוין לאַנג פֿון זיי אַנטלאָפֿן.

די דאָזיקע פּיעטריקאָווער־גאַס, וואָס האָט אייביק, טאָג און נאַכט, אָן שום איבעררײַס, געשטראָמט מיט באַוועגונג, מיט לעבן, מיט טעמפּאָ, איז טויט און וויסט. אַ שרעק, אַן אומבאַוווסטע, שווערע, מען קען זיך אויסדריקן, גליווערדיקע שרעק, הענגט אין דער לופֿטן און דריקט מיט דער מאַסע פֿון אַ לאַווינע.

אָבער אויף די גאַסן, ווו די ראַדיאָ־הילכערס זענען אויסגעשטעלט, גייט קיינער נישט און עס איז אויף זיי נישטאָ קיינער, וואָס זאָל זיי הערן. אַ שוויַיגנדיקע, אויסגעשטאָרבענע הויפּט־גאַס פֿון 360 היַיזער! און וואָס אַ מאָל מער ווערט די פֿינצטערניש געדיכטער. איך זע בלויז אויף אַ האַלבן מעטער פֿאַר זיך.

איך קוק אָן די שטאָט. איך זע די פֿאַבריקן, די באַרימטע לאָדזשער פֿאַבריקן. בלויז די קוימענס זע איך, הויכע קוימענס, וואָס שנײַדן זיך איצט אין הימל אַרײַן ווי דראָענדיקע טונקעלע פֿויסטן. אַלץ איז שטיל. אַלץ רוט. אַלץ איז געליימט, פּאַראַליזירט, געשטאָרבן. די מלחמה האָט אָפּגעשטעלט דאָס האַרץ פֿון דער אייביק־טומלענדיקער שטאָט לאָדזש.

עפּעס אַ טונקעלע אַנונג זאָגט מיר מיט דער שפּראַך פֿון אינסטינקט, אַז לאַנג וועל איך אָט די היַיזער און גאַסן מער נישט זען, אַז די טעג, — פֿאַרדאָן, נישט די טעג, נאָר די שעהן, זענען געציילטע און מען מוז אויסזוכן דאָס אַלטע קלומפּקל און טראַכטן וועגן זיך לאָזן אַוועק וויַיטער, אַנטלויפֿן פֿונדאַנען.

דערוויַיל זע איך, פֿון דער ריכטונג פֿון פּאַביאַניצער שאָסיי קומען אָן פֿורן. אין דער פֿינצטערניש איז שווער זיי צו דערקענען. מען קען נישט

וויסן, צי דאָס זענען מיליטערישע, צי ציווילע פורן, צי עס זיצן אויף זיי זעלנער, צי סתם מענטשן. אָבער וואָס איז דאָס? אויף די פורן ווייזט מען. שנײדנדיקע געוויינען פון מענטשן געפּײניקטע, געשלאָגענע, געטרעטענע טראָגן זיך אין דער נאַכט.

ניין, קיין זעלנער זענען דאָס זיכער נישט! זעלנער וויינען נישט. זעלנער פאַרבײַסן די ציין און שווײַגן, ווען עס טוט ווי.

איך גיי צו נענטער. אויף די פורן זיצן, אָדער ליגן צווישן בעט־געוואַנט און עפּעס פּעקלעך, אַן אַ שיעור פּעקלעך, פּאַליאַקן און ייִדן, מענער און קינדער. כלאָפּעס אין שערמענגעס, פויערטעס אין רויטע טיכלעך און ייִדן מיט לאַנגע פרומע בערד, אָרעמע פּראָווינצער ייִדן מיט אויס־געהונגערטע פּנימער און נישט־געוואַשענע האָר, וואָס זענען פול מיט פּעדערן און שטרוי.

פּליטים! ווידער פּליטים! דער צווייטער טאָג פון דער מלחמה, און עס שיטן זיך פּליטים!

זיי לויפן קיין לאָדזש פון אַ מוראדיקער שׂרפה. זיי לויפן דאָ אַהער פון אַ שרעקלעך גיהנום און איידער זיי וועלן כאַפּן דעם אָטעם, איידער זיי וועלן באַווײַזן איבערצובינדן די ווונדן, וועלן זיי ווײַטער מוזן לויפן. אָבער וווהין וועלן זיי לויפן?

איך זע ייִדן מיט פאַרבונדענע הענט, ייִדן, וואָס זענען צעטומלט, מבולבל, אַזוי ווי קעלבער, וואָס מען פירט צו דער שחיטה און זיי האָבן באַקומען אַ פאַרטויבונגס־קלאַפּ איבער די קעפּ.

— פונוואַנען, ייִדן? — גיי איך צו צו איינער, אַ פור, — פונ־וואַנען לויפט מען, ייִדן?

עפּעס באַוועגט זיך צווישן די פּעקלעך, צווישן די בעבעכעס, צווישן דעם בראָכוואַרג, אַרויסגעראַטעוועט פון בראַנד און שׂרפה. מענטשן מיט גלעזערנע, צעתּמטע אויגן, קוקן מיך אַפילו נישט אָן. זיי ענטפערן אין דער לופטן:

— פונוואַנען מיר זענען? אוי, פרעגט שוין נישט פונוואַנען מיר זענען! פון צעממיתטע, צעשאָסענע שטעט זענען מיר; פון צעהרגעטע הײַזער, פון חרובֿע שטיבער. ווײ, ווײ, וואָס מיט אונדז איז געשען! — גייען ווערטער איבער אין געקלאָג און גזיפּצערײַ.

— אָבער פונוואַנען פאָרט, ייִדן?

— פון וולוין זענען מיר, פון זלאָטשעוו, פון שעראַדז!

איך ווער געריירט. דאָס אומגליק רוקט זיך. דאָס פײַער בושעוועט שוין נישט ווײַט פון לאָדזש. באַלד, באַלד וועלן זיך די פלאַמען, פול מיט

באַגער צו צעשטערונג, פֿול מיט לייַדנשאַפֿט צו חורבן, אַ וואָרף טאָן אויף אונדזער גרויסער, כּמעט מיליאָניקער פֿאַבריקס־שטאָט.

און דאָ ווייסט קיינער נישט וועגן דעם. און דאָ אַרום שלאָפֿט אַלץ, אָדער מען איז פֿאַרבאָרגן אין די שווערע, מאַסיווע הײַזער, ווי דאָס וואָלט געווען אַ שוץ פֿאַר דעם אומגליק, וואָס רוקט זיך אָן צו אונדז מיט דער אומפֿאַרמײַדלעכקייט פֿון דעם גאַנג פֿון דער צײַט.

און די פֿורלעך מיט די כּלאָפּעס מיט זעקלעך, די פֿורלעך מיט ייִדן מיט בעטגעוואַנט און קינדער, רוקן זיך אַלץ איבער דער שטילער, שוואַרצער אויסגעשטאָרבענער הויפּטגאַס, שאַרן זיך ווי לוויה־וועגעלעך און דערמאָנען אין טויט און אין שׂרפֿות, אין היימלאָזיקייט און אין מוראדיקן מענטשלעכן עלנד.

איך גיי ווײַטער אויף דעם טראָטואַר. איך פֿרעג שוין נישט קיינעם אויף די וועגעלעך. אַלץ איז קלאָר פֿאַר מיר.

פּלוצלונג, אין מיטן באָמבאַרדירונג, איז אין מײַן הויף געקומען צו לויפֿן אַ יונגער מענטש מיט זייער אַ צעשראָקן פּנים. ער איז געווען בלאַס און הענט און פֿיס האָבן אויף אים געציטערט.

אַ מחנה צעשראָקענע מענטשן האָבן אים אַרומגערינגלט און געפֿרעגט, וואָס עס איז געשען. ער האָט זיך נישט געלאָזט בעטן און דערציילט מיט אַן אָפּגעהאַקטן אָטעם:

— אָעראָפּלאַנען צעהאַקן די שטאָט מיט באָמבעס. גאַנצע גאַסן ברענען...

די ווײַבער האָבן אַרויסגעלאָזן אַ געשריי. מען האָט זיך אָנגעקוקט מיט צעטומלטע אויגן. אַ הילפֿלאָזער פּחד האָט אַלעמען אַרומגענומען. מען איז געשטאַנען און נישט געוווּסט, וואָס צו טון.

— איז עס אמת? אפֿשר איז עס בלויז אַזאַ גערייד־ערײַ און מער גאָרנישט?.. — האָט אַן עלטערער ייִד, אַ מיושבֿדיקער, מיט אַ קילן, שׂכלדיקן בליק פֿון אַ מתנגד זיך אָפּגערופֿן.

— ר׳ חיים, רעדט נישט קיין נאַרישקייטן... עס ברענט!.. די שטאָט ברענט!.. — האָט דער יונגערמאַן געזאָגט מיט אַזאַ מינע, אַזוי ווי ער אַליין וואָלט געשטאַנען אין פֿלאַמען און דער רויך שטיקט אים שוין אין האַלדז.

— וויי־געוואַלד! — האָבן ווײַבער געוויינט און גענומען לויפֿן אין קעלער אַרײַן.

די מענער האָבן זיך אָבער נישט גערירט פֿון אָרט און ווײַטער געהערט דערציילן דעם בלאַסן יונגערמאַן.

— איך האָב געהאַט גרויס מזל! — האָט ער טאַקע ווײַטער גערעדט, — איך האָב זיך געפֿונען אויף דער באַנדורסקי־גאַס נומער 5. עס איז מיר געקומען עפּעס געלט בײַ אַ דײַטש, מיט וועלכן איך האָב יאָרן־לאַנג געהאַנדלט. מילא, קיין געלט האָט ער נישט געגעבן, הגם ער איז שטענדיק געווען פּינקטלעך מיטן באַצאָלן די חובֿות. נו, וואָס זאָל ער הײַנט באַצאָלן אַ ייִד חובֿות? איצט, אין אַזאַ צײַט, אין מלחמה? ווי איך שטיי אַזוי און רעד מיט אים, הער איך פּלוצלינג אַ מוראדיקן טראַסק. דאָס הויז האָט אַ טאַנץ געטון, אַזוי ווי די גאַנצע ריזיקע געבײַדע וואָלט געמאַכט אַ קאָזשעליק, מעשׂה קונצנמאַכער. אַלע שויבן אין הויז האָבן געפּלאַצט. אַפֿילו דאָס גלאָז אין די שטובן, אין די טירן, אין די שענקלעך איז זיך צעפֿלויגן מיט אַ געבראַזג. גאָט, וואָס איז דאָ? האָב איך אַ געשריי געטון און עס איז מיר פֿינצטער געוואָרן אין די אויגן. איך האָב געמיינט, אַז עס איז אַן ערד־ציטערניש, עס עפֿנט זיך אויף פֿאַר אונדז אַ טיף גרוב אין דער ערד און מיר פֿאַלן אַרײַן מיט די שענק, מיט די בעטן, מיטן דײַטש און מיט זײַנע קינדער. אויס חובֿ, אויס וועקסלען און אויס לאָדזש! עס האָבן גענומען בליצן פֿאַר מײַנע אויגן פֿײַערדיקע פֿלאַמען. אין דער ערשטער סעקונדע האָב איך נישט געוווּסט, וואָס עס טוט זיך, איך האָב פֿאַרלוירן דעם פֿאַרשטאַנד, אָבער באַלד האָב איך זיך געכאַפּט: עס האָט אונדז געטראָפֿן אַ באָמבע! זאָג ווידוי, יאַנקל! איך האָב טאַקע געפֿאָלגט. מײַנע ליפּן האָבן גענומען פּרעפּלען: אָשמנו, בגדנו!... אָבער באַלד האָב איך געזען, ווי מען לויפֿט, דער דײַטש, וואָס איז מיר שולדיק געלט, לויפֿט, זײַן ווײַב, יאָהאַנע, לויפֿט און זײַנע קינדער, די קליינע דײַטשלעך, לויפֿן. נו, וואָס האָב איך צו טון? בין איך אויך געלאָפֿן. איך בין אַרויס אויפֿן הויף, זע איך צענדליקער מענטשן, גרויסע, קליינע, אַלטע, יונגע, אַלץ לויפֿט, און אַלע זענען דער־שראָקן, אַזוי ווי דער טויט וואָלט זיי געלעגן אין די אויגן און נישט אָפּגעלאָזט. איינער פֿאַלט אום אויפֿן אַנדערן און מען שרײַט און מען קוויטשעט און מען מאַכט יעלות, אַז איין גאָט דערבאַרעם זיך! איר מיינט, אַז בלויז ייִדן קענען מאַכן יעלות? אָ, אַז אַ דײַטש פֿאַלט אַרײַן אין פּחד, שרײַט ער נאָך העכער. ער איז שטאַרקער און האָט אַ געזונטער האַרץ. אָבער לויפֿנדיק, האָב איך זיך אַרומגעקוקט, האָב איך געזען, אַז דאָס הויז שטייט פֿאָרט גאַנץ, בלויז די שויבן זענען אומעטום אויס־געהאַקט. קיין באָמבע האָט דאָך פֿאָרט נישט געטראָפֿן, טאָ פֿאַרוואָס לויפֿט מען? פֿאַרוואָס איז די בהלה?

אַז מיר זענען אַרויס אויף דער גאַס, האָב איך ערשט געזען, וואָס

עס טוט זיך און עס איז מיר נאָך מער פֿינצטער געוואָרן פֿאַר די אויגן. דאָס גרויסע הויז פֿון זעקס שטאָק, אויף דער זעלבער גאַס, קעגן איבער דעם הויז, ווו איך האָב זיך אָקאָרשט געפֿונען, איז געטראָפֿן געוואָרן פֿון אַ באָמבע. אַ העלפֿט דערפֿון האָט זיך גענומען שיטן. עס איז געפֿלויגן זאַמד און שטיין און ציגל און קאַלך, עס האָט געהאָגלט מיט דעם, אַזוי ווי דאָס אַלץ וואָלט געפֿלויגן פֿון הימל; חוץ דעם זענען מיט דעם מיטגעריסן געוואָרן שטוב־זאַכן: שפּיגלען, שענק, בעטן, טישן. דאָס איז געווען פֿון איין זײַט הויז, וואָס איז אויפֿגעריסן געוואָרן פֿון דער דײַטשער באָמבע, אַזוי ווי אַ בגד, פֿון דער אַנדערער זײַט האָט אַלץ גענומען ברענען, פֿלאַמען פֿײַער האָבן געשאָסן אין הימל אַרײַן, מאָמענטאַל האָבן זיך אָנגעכאַפּט צוויי אַנדערע, שכנותדיקע הײַזער, דערלעבן. עס האָט אויסגעזען, אַז די גאַנצע גאַס שטייט אין פֿלאַמען, אַז אַלץ ברענט און שׂרפֿעט. די בהלה, די שרעק, די צעמישעניש, וואָס האָט זיך אויף דעם געמאַכט, קאָן איך אײַך גאָרנישט באַשרײַבן. דערצו האָט מען נאָך אַלץ געהערט פֿײַפֿן אין דער הייך די אַעראָפּלאַנען און די פּוילישע אַרטילעריע האָט נישט אויפֿגעהערט צו שיסן. אויב עס איז דאָ אַ גהינום, איז עס, מײַנע ליבע, געווען דאָרט, אויף דער באַנדורסקע־גאַס! אַלץ האָט גענומען אַנטלויפֿן פֿון די הײַזער. מאַמעס האָבן געשלעפּט ווייַנענדיקע קינדער. בלויז אַ ביסל געלט און אַ שטיקל ברויט האָט מען מיטגענומען, כּדי זיך צו דערהאַלטן דאָס לעבן! ווײַטער קיין זאַך נישט. קיין בעטגעוואַנט, קיין קישן, קיין העמד, נאַקעט און איז מען געלאָפֿן בלויז אַזוי ווי עס געווען זייער פֿרי. זענען אַ סך אַרויס־געשפּרונגען פֿון די בעטן דורך דעם אויפֿרײַס פֿון דער באָמבע און מען האָט געזען לויפֿן מענער אין די גאַטקעס און אין פּידזשאַמעס, אַזוי איז מען געלאָפֿן! און אין דער זעלבער צײַט האָט דער ראַדיאָ געגעבן כּסדר סיגנאַלן: באַהאַלטן זיך אין די שוצקעלערן!

איך בין מיטגעלאָפֿן מיט די אַלע האַלב־משוגענע מענטשן. עטלעכע מאָל בין איך אומגעפֿאַלן, צעקלאַפּט זיך און ווײַטער געלאָפֿן.

מיר זענען אַרויס אויף די פֿעלדער און דאָרט האָבן מיר זיך אַנידערגעלייגט און אין ציטערניש, אָן לשון, געוואַרט ביז די אַעראָפּלאַנען וועלן אַוועק. ענדלעך האָבן זיי געמאַכט אַן איבעררײַס אין זייער שרעקלעכער אַרבעט און נאָך דעם, ווי דער ראַדיאָ האָט אָפּגערופֿן דעם אַלאַרם, האָב איך מיך אויפֿגעהויבן פֿון דער ערד און בין אַהיים־געקומען.

עס זענען אָנגעקומען אַנדערע מענטשן. אַלע האָבן זיי איבערגעגעבן נײַעס, וואָס האָט אײַנגעאַנצן צעשטערט די אילוזיע, אַז לאָדזש וועט געשוינט ווערן צוליב דער גרויסער צאָל פֿאָלקס־דײַטשן, וואָס וווינען דאָרט.

זיכער און פֿעסט איז די מײַלער פֿון די דערציילער האָט געקלונגען:

— לאָדזש ווערט באַוואָרפֿן פֿון אַ האָגל פֿון באָמבעס!

און אָט ווי מיר האָבן אַזוי גערעדט, האָט זיך דערהערט פֿון דער גאַס אַ טרומייטערן פֿון פֿײַערלעשער און וואָגנס מיט מענטשן אין מעשענע קאַסקעס זענען געפֿלויגן אין גאַלאָפּ־שנעלקייט איבער די שטיינער פֿון ברוק.

— עס ברענט! עס ברענט! — האָבן זיך דערהערט געשרייען. און די געשרייען זענען נישט געווען עפּעס סתם געשרייען וועגן אַ שׂרפֿה, וואָס איז אפֿשר אויסגעבראָכן דאָ נישט ווײַט, אין דער נאָענט, בשכנות. אַן אומגעהײַערע פּאַניק און בהלה האָט געגומען באַהערשן די הײַזער, פֿול געפּאַקטע מיט לאָקאַטאָרן. מען האָט גוט געוווּסט: עס זענען שׂרפֿות פֿון די באָמבעס, וואָס ווישן אָפּ פֿון דער ערד מויערן, צינדן אונטער גאַסן און וואַרפֿן אום הײַזער.

איך בין אַרויס אויפֿן טראָטואַר. איך האָב געקוקט אויף די וואָגנס פֿון די פֿײַערלעשער. די פֿײַערלעשער אַליין זענען געווען צעשראָקן, צעטומלט. עס זענען גאָרנישט געווען די זעלבע, וואָס שטענדיק; עס איז גלײַך געווען צו דערקענען אויף זיי, אַז זיי זענען איצט אַרויסגערופֿן געוואָרן צו אַנדערע, צו ערגערע, צו שרעקלעכערע שׂרפֿות.

שטום, אָן אַ לשון, זענען מיר געשטאַנען און נאָכגעקוקט אויף די פֿליִענדיקע וואָגנס.

און די וואָגנס זענען נישט געפֿאָרן אין איין ריכטונג. עטלעכע זענען אַוועק אין דער לינקער זײַט און אַ פּאָר אַנדערע האָבן גאָר פֿאַרדרייט אין דער רעכטער. און נאָך אַנדערע זענען געפֿאָרן שנעל, רוישנדיק, בראַזגענדיק גראָד־אויס, גלײַך.

זיי זענען געווען צעמישט, די היטער פֿון בראַנד און פֿײַער. זיי האָבן נערוועז און אומרויִק געוואָרפֿן מיט די קעפּ.

און אָט ווי איך בין אַזוי געשטאַנען און נאָכגעקוקט די וואָגנס מיט די פֿײַערלעשער, האָט דער ראַדיאָ־ספּיקער פֿאַרצווייפֿלט אַ רוף געטון:

— איך פֿאַראָרדן אַן אַלאַרם פֿאַר דער שטאָט לאָדזש! באַהאַלטן זיך! עס דערנענטערט זיך אַן עסקאַדרע פֿײַנדלעכע אַעראָפּלאַנען!

עס איז געווען משוגע צו ווערן!

איצט זענען שוין מער נישט געווען קיין דרייסטע, וועלכע האָבן גלײַכגילטיק אויסגעהערט דעם באַקאַנטן פּיזמון און געטון דאָס זייעריקע, ווײַטער געגאַנגען און נישט באַהאַלטן זיך.

מען איז שנעל געלאָפֿן אין די קעלערן. עס האָט זיך געהערט דאָס באַקאַנטע אײַליקע לויפֿן אויף די טרעפּן. מען האָט איבערגעלאָזט יעדע אַרבעט, יעדע באַשעפֿטיקונג. ווײַבער האָבן געלאָזט שטיין דאָס מיטאָג, דאָס קנעטן די לאָקשן, דאָס וואַשן די פּאָדלאָגע, און מיט די קינדער אויף די הענט איז מען געלאָפֿן אין די קעלערן.

אין פֿאַרלויף פֿון אַ מינוט-צוויי זענען די קעלערן געווען געפּאַקט, ווי פּעסלעך מיט הערינג. מענטשן זענען געלעגן איינער אויפֿן אַנדערן. עס איז געווען ענג, הייס און שטיקנדיק, אַזש אומצוקומען. דער ריח פֿון מענטשן-לײַבער האָט זיך אויסגעמישט מיט דעם דושנעם ריח פֿון קעלער-לופֿט. דאָס פֿינצטערע ליכט האָט וויי-געטון די אויגן. אַ דעמפּיק פֿײַכטקייט איז איבלדיק געקראָכן אין די ביינער. דאָס איז דער ניגון פֿון קריג און שוידער!

ווידער האָט מען דערהערט דאָס שיסערײַ פֿון האַרמאַטן, פֿון קוילנוואַרפֿערס און אַפֿילו פֿון ביקסן. און צווישן דעם גאַנצן קנאַלערײַ האָבן דראָענדיק, ווי אַ געזאַנג פֿון פֿאַרניכטונג, געזשומעט די פֿרעמדע פֿאַרניכטערס.

פּאַמעלעך, האַרמאָניש, מיט דער פּינקטלעכער אָפּרו-פּויזע פֿון לערך אַ האַלבע מינוט, האָט געפּלאַצט איין באָמבע נאָך דער צווייטער. זיי האָבן געפּלאַצט רעגלמעסיק און זיכער.

מיר האָבן געציטערט. מיר האָבן אײַנגעהאַלטן דעם אָטעם, ווײַל מיר האָבן געהערט, ווי די באָמבעס רײַסן אויף וואָס אַמאָל נענטער און נענטער.

מיר האָבן פֿאַרשטאַנען וואָס דאָס איז.

עס הייסט, דער פּוילישער פֿאַרטיידיקונג איז נישט געלונגען צו פֿאַרטרײַבן די פֿרעמדע פֿליִענדיקע באָמבן-וואַרפֿערס, און די לעצטע זשומען שוין איבער אונדזערע קעפּ און צעלייגן די שטאָט, זייען טויט און חורבן.

אויף דעם דאַך פֿון אונדזער הויז איז געשטאַנען אַ פּוילישער קוילנוואַרפֿער. אַז ער האָט געשאָסן, האָט דער דאַך געטרייסלט זיך און מיר האָבן פֿאַרנומען, ווי די מויער ציטערט. דער קוילנוואַרפֿער האָט אומאויפֿהערלעך געאַרבעט. כמעט אָן אָפּרו האָט מען געהערט זײַן: טאַ-

טאַ־טאַ־טאַ. פּלוצלונג האָט ער אויפגעהערט. עס איז געווען שטיל. ער איז אַנטשוויגן געוואָרן.

וואָס איז דאָס? וואָס זאָל עס באַדייטן? האָבן די קוילן פון די פרעמדע פליִער אַוועקגעלייגט די מענטשן, וועלכע האָבן באַדינט דעם קוילנוואַרפער?

ניין! עס איז אַוועק אַ צייט און דער קוילנוואַרפער אויף אונדזער דאַך האָט ווידער גענומען שטעכן:

— טאַ־טאַ־טאַ! — האָט ער געשפּיגן אין דעם בלויען הימל אַריין מיט בליי און רויך און פייער.

אָבער באַלד איז ער ווידער אַנטשוויגן געוואָרן אויף אַ צייט.

— ער שיסט נישט מער, ווייל ער זעט איין, אַז די אַרבעט איז אַן עבֿירה! — האָט איינער מיט טרויער באַמערקט.

— יאָ, מיט אַ פּולעמיאָט קאָן מען די באָמבאַרדירערס שיטן זאַלץ אויפן ווינדל! — האָט אַן אַנדערער אין קעלער באַמערקט. — עס האָט פונקט אַזאַ באַדייטונג ווי אַ פיש אין ים הגדול!

די אויפרייסן פון די באָמבעס איבער דער שטאָט האָבן גענומען ווערן עפּטער און הילכיקער.

עס האָט כסדר געדונערט, הגם דער הימל איז געווען בלאָ און די לופט אַזוי ריין און דורכזיכטיק.

די דונערן האָבן געזעצט איבער אונדזערע קעפּ מיטן עכאָ פון אומגעפאַלענע ריזיקע שטאָלענע זיילן.

דער נעבעכדיקער פּולעמיאָט אויף אונדזער דאַך איז אינגאַנצן שטיל געוואָרן. ער האָט פאַרלוירן דאָס לשון. עס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט געכאַפּט אַ זעץ פון אַ באָמבע איבער דער מאָרדע און קען נישט קומען צו זיך. ווייזט אויס, אַז ער האָט זיך דערשראָקן פאַר דער שרעקלעכער באָמבאַרדירונג. — בום! בום! בום! — האָבן געהודזשעט און געקנאַלט די שרעקלעכע גלאָקן פון דער באָמבאַרדירונג.

קיין מענטש פון קעלער האָט מער נישט גערעדט. אַזאַ באָמבאַרדירונג האָבן מיר נאָך נישט איבערגעלעבט.

עס האָט אויסגעזען, ווי גאַנצע טראָטואַרן, מיט האַק און פּאַק, מיט מענטש, הויז און פאַרקאַן פליִען קילאָמעטער־הויך אין דער לופטן, ווי געשליידערט דורך אַ טייוולאָנישן ציקלאָן.

פונדערווייטנס איז געקומען דער אָפּקלאַנג פון חורבן און אונטער־גאַנג. מען האָט געהערט עפּעס אַ טראַסקען און שיטן זיך. עס האָט אויסגעזען, ווי געבײַדעס פאַלן איין, ציגלנע ווענט צעפליִען זיך און עס האָגלט מיט כוואַליעס שטיינער, טינק און בעטאָן.

אָדער אפֿשר איז דאָס נישט אמת געווען ? אפֿשר האָט זיך דאָס בלויז אַזוי געדאַכט אין אונדזער צעשראָקענער פֿאַנטאַזיע ? אפֿשר האָט שרעק און שגעון געמאָלט אין אונדזער מוח אַזעלכע קראַנקהאַפֿטע בילדער פֿון צעשטערונג ?

מענטשן אין קעלער האָבן זיך געגומען נידעריקער רוקן צו דער פּאָדלאָגע, פּונקט ווי מען וואָלט געזוכט שוץ ביַי דער ערד. עפּעס אַ פֿרוי האָט געחלשט. מען האָט זי געגומען מינטערן. איך האָב געזען, ווי אירע הענט ציִען זיך אין קראַמפּן און זי האָט געמורמלט שטיל, אין פֿאַר־צווייפֿלונג, אַזוי ווי מענטשן, וואָס דערשרעקן זיך נישט פֿאַר זייער אייגענער אָנמאַכט :

— איך בעט איַיך, ראַטעוועט מיך נישט... עס איז גענוג... איך וויל שטאַרבן.

עס איז געווען אַ שיינע יונגע פֿרוי. איצט, אין איר טויטער בלייכקייט, וואָס האָט ווי אַ מאַסקע אָנגעטון איר געזיכט, איז זי געווען נאָך שענער, איידעלער, דינער.

די פֿאַרחלשטע פֿרוי איז געווען די ערשטע. זי האָט געגעבן אַ סיגנאַל אַנדערע פֿרויען, זיי זאָלן איר נאָכטון דאָס זעלבע. צוויי יידענעס האָבן ביַי אַ נייַעם זעץ פֿון אַן אויפֿרייַס אַרויסגעלאָזט אַ פֿאַר־טויבנדיקן געשריי און פֿאַרוואָרפֿן די קעפּ, ווי געשאָכטענע געענדז, אָן לעבן. מען האָט זיי געריבן די שטערן מיט אָדעקאָלאָן, וואָס עטלעכע האָבן מיטגענומען. זיי זענען ענדלעך געקומען צו זיך. מען האָט זיי אָפּגעמינטערט. זיי האָבן מידע, בלייכע אָוועקגעלייגט די קעפּ אויף די קניִען פֿון זייערע מענער און געבליבן ליגן אָן כּוחות.

דאָס באָמבאַרדירן איז געוואָרן נאָך שטאַרקער. די אויפֿרייַסן פֿון די באָמבעס נאָך אָפֿטער און נאָך נענטער. מיר האָבן דערוואַרט, אַז אָט־אָט פֿאַלט אויף אונדזער הויז אַ באָמבע און מיר ווערן זאַמד און אַש.

פּלוצלונג — אַ נייַער שרעקלעכער אויפֿרייַס. דאָס מאָל איז עס געווען אַזוי הילכיק און אַזוי שטאַרק, ווי נאָך קיינמאָל נישט ביז אַהער. די פּאָדלאָגע מיט אונדז צוזאַמען האָט אַזש אַ שפּרונג געטון אין דער הייך.

און דאָ האָט פּלוצלונג אַ ייִד, און דווקא אַן איידעלער, מיט אַ פּנים אָן אַלטס, אַ צעקנייטשטס, אַ דינס, מיט אַ ווייַסער באָרד, אויפֿגעהויבן די הענט, אַזוי ווי איינער, וואָס טרונקט זיך אויף אַ וואַסער, און אויסגערופֿן :

— ייִדן, זייַטס מיר מוחל ! — און ער האָט זיך באַמאַכט.

עס איז געוואָרן אַ מוראדיק געשטאַנק. די לופֿט איז געוואָרן שרעקלעך איבלדיק, אַזוי ווי צום ברעכן.

עפּעס אַ שיינע, יונגע פֿרוי מיט דינע, געפֿאַרבטע ליפּעלעך, אַ העל־בלאָנד קעפּל מיט אָנדולירטע האָר, האָט באַקומען אַ היסטערישן אָנפֿאַל. ווי אַ רויב־פֿויגל האָט זי זיך אַ ריס־געטון פֿון אָרט, מיט פֿלינקע פֿיס, באַדעקטע מיט זײַדענע, דורכזיכטיקע זאָקן, גענומען טאַנצן איבער מענטשלעכע לײַבער, איבער קינדער און ליגנדיקע אָפּגעשוואַכטע ווײַבער, און זיך געמאַכט אַ וועג צו דער טיר. די געטרעטענע האָבן גענומען שעלטן, זידלען, שרײַען פֿון ווייטיק.

די יונגע שיינע פֿרוי, פֿול מיט אימפּעט, האָט אויף גאָרנישט געקוקט. זי האָט געשריגן אומנאַטירלעך און ווילד:

— אַרויס... אַרויס... איך קאָן דאָ לענגער נישט אויסהאַלטן... זאָלן די באָמבעס מיך צערײַסן! עס איז מיר אַלץ איינס... באָזשע מאָי!..

— רוטאַ! רוטאַ! — האָט איר עמעצער נאָכגערופֿן מיט אַ געבראָכענער, וויינענדיקער שטים. עס קאָן זײַן, אַז דאָס איז געווען דער מאַן אָדער אפֿשר אַ ברודער. — ווּ גייסטו? אין דרויסן איז אַ זיכערער טויט... דו הערסט דאָך, ווי די הײַזער פֿאַלן אײַן... גיי נישט!.. בלײַב דאָ!..

אָבער די פֿרוי האָט אויף גאָרנישט געקוקט. זי האָט אַ ריס־געטון די טיר און באַלד איז זי געווען אין דרויסן. זי איז מאָמענטאַל פֿאַרשוווּנדן. מע האָט זי מער נישט געזען.

די לופֿט איז נישט מער מעגלעך געווען צו אָטעמען. דער ייִד, וואָס האָט אויסגעלייזדיקט זײַנע געדערים, איז געלעגן אין זײַן אייגענעם מיסט, אַזוי ווי איינער, וואָס האָט אָפּגעטון אַ מיאוסע מעשׂה, און ער שעמט זיך דעם קאָפּ אויפֿצוהייבן. ער האָט געקרעכצט און געיאָמערט, ווי ער וואָלט געבעטן: איך האָב געזינדיקט... חטאָתי... זײַט מיר מוחל!... שולדיק איז די באָמבע!..

אָבער נישט אַלע האָבן אים מוחל געווען. עפּעס אַן אײַנוווינער פֿון דעם הויף, פֿון דער מאַנסאַרדע, אויפֿן פֿערטן שטאָק, דאַכט זיך, עפּעס אַ גאַסן־הענדלער, מיט אַ האַרט פּנים פֿון געלן לעדער, איז געוואָרן מיט איינמאָל זייער עמפּפֿינדלעך: ער האָט געהאַלטן די נאָז מיט אַ גראָבער, רויטער, צעאַקערטער פֿויסט און קוקנדיק אויף דעם דערשלאָגענעם, זינדיקן ייִד, האָט ער אים געשלײַדערט זידל־ווערטער, האַרטע, ווי שטיינער:

— קאַקמאַן... די ביינער האָט מען אײַך געדאַרפֿט צעברעכן... דעם שאַרבן צעשפּאַלטן... און אַ גאַנץ יאָר גילט דאָס אַלס לערנער, און אין אַ שול איז ער גבאי, און זײַנע טעכטער רעדן „פּאָ פּאָלסקעמו“ און עס מאַכט זיך נאָר איין „מיכומע“, טוט ער זיך גלײַך באַשײַסן...

אַ צווייטער, אַ רעדוצירטער שמש פֿון אַ שולעכל, אַ קליינער, ווי אַ יינגל, מיט אַ גרין פּנים פֿון אַ זשאַבע־קאָליר, אַ מענטש, וואָס האָט אייביק געהונגערט און געברענט מיט אַ ביטערן האַס קעגן די גבאים און קהילה־מאַכערס, האָט צוגעהאָלפֿן:

— אַרויסוואַרפֿן אים... דעם שיינעם ייִד, דעם צדיק, פֿאַר „מאַדאַמען“, „מאַדמואַזעלס“ דאָסט ער זיך אויס אין מיטן העלן טאָג... קיין ברעקל שאַנדע האָט דאָס נישט... און דאָס זענען אונדזערע שיינע ייִדן, אונדזערע דאָזאָרעס.., קאַקערס, פּאַסקודניאַקעס, שטינקערס!... פֿו!..

און דער ערשטער, דער גאַסן־הענדלער, האָט געגעבן אַ פּראַקטישע גאַנץ קלוגע עצה:

— איידער מען לאָזט אַזעלכע צעשראָקענע זשידליאַקעס (ער האָט געזאָגט דאָס וואָרט „זשידלאַקעס“) אַריַין אין קעלערס צווישן מענטשן, דאַרף מען זיי פֿריִער פֿאַרשטאָפּן די הינטנס מיט קאָרקעס!

עס האָט גענומען וואָס־אַמאָל מער שטינקען. עטלעכע פֿלאַקאָנען מיט קעלניש וואַסער זענען געוואָרן אויסגעגאָסן אין דער לופֿט. דער ריח פֿון טינוף האָט זיך אויסגעמישט מיטן אַראָמאַט פֿון פּאַרפֿום. מען האָט געהערט דאָס צאַפּן און שפּריצן. די פּולווערי־זאַטאָרס האָבן געררוישט ווי אין אַ פֿריזירניע. אָבער דאָס האָט נאָר געהאָלפֿן בלויז אַ ווײַלע. באַלד איז געוואָרן נאָך ערגער ווי פֿריִער. עטלעכע מענטשן האָבן גענומען ברעכן. עס האָט אַ פֿלי געטאָן פֿון אויפֿגעעפֿנטע מײַלער מיט ציטערנדיקע, זיך פֿאַרהאַקנדיקע קין־באַקן בראָכוואַרג פֿון שטיקלעך צעקײַט האַלב־פֿאַרדייעט עסן. ברררר... פֿאַרשידענע קאָלירן פֿון שפּײַז־פֿוילעניש האָט אַ בליץ־געטון... מיר האָט זיך געדוכט: איך זע פֿאַר די אויגן סטענגעס פֿון גרין און געל און בלאָ...

עס האָט אויסגעזען, ווי אין קעלער וואָלט געלעגן אַ באַנדע שיכּורים, און נאָכן פּראַווען אַן אָרגיע אין איבערפֿלוס פֿון ווײַן, אַלקאָהאָל און פֿרעסוואַרג מייקעט מען אויס אַלץ, וואָס דער גומען האָט פֿאַרנומען... און מידע, געליימטע, די חושים אָפּגעשוואַכטע און געדראָלענע פֿון שיכּרות און אויסגעלאַסנקייט, ליגט מען און מען פֿוילט אין דעם אייגענעם געשטאַנק און אומפֿלייט... מענער, ווײַבער, קינדער, אַלץ ליגט אויף דער ברודיקער ערד, ווי פֿערד אויף דעם מיסט פֿון די שטאַלן, אויסגעמישט, צוגעפּרעסט איינער צום אַנדערן...

דער ייִד, דער גבאי, האָט אויסגעזען נאָענט צום שטאַרבן. ער איז געווען בלאַס, ווי קרײַד, און ער האָט כּסדר געמורמלט:

— יִדן... זײַט מוחל... איך בין באַגאַנגען אַ נבֿלה... חטאָתי!...

און די צוויי שכנים, צופֿרידן ביז זאַטקייט אין זייער נקמה איבער דעם „שיינעם ייִד", האָבן אים כּסדר צוגעוואָרפֿן מיט פֿאַראַכטונג:

— שטינקער!

— פּאַסקודניאַק!

— סראַליוך!

און אין דער הייך, אין דער נאַכט, האָבן אומאויפֿהערלעך געפֿלאַצט די באָמבעס און די פֿײַערלעשער זענען אין גאַלאָפּ־שנעלקייט געלאָפֿן. דאָס טרומייטערן און דאָס פֿײַפֿן פֿון די מאָטאָרן פֿון די פֿײַער־לעשער־וואָגנס האָט נאָך מער פֿאַרגרעסערט די בהלה: לאָדזש ברענט! די שטאָט ווערט אָפּגערוימט פֿון דער ערד!

איך האָב געהערט, ווי לעבן מיר האָבן מענטשן, מסתּם פֿרומע ייִדן, — עס האָט מיר אַזוי געשווינדלט די אויגן פֿון דעם געשטאַנק, אַז איך האָב מער נישט געזען קיין פּנימער, — געהאַקט זיך אין האַרצן אַרײַן און ווידוי געזאָגט. יעדער זעץ האָט אָפּגעקלונגען מיט דער מוזיק פֿון אומענדלעכער פֿאַרצווייפֿלונג און טויט־דערוואַרטונג. איך האָב געזען פֿויסטן און ברוסטן... מער נישט...

פֿלוצלונג איז ענדלעך שטיל געוואָרן. דאָס גהינום האָט אויפֿגעהערט. אויס מאָטאָרן־געברויש, אויס אַעראָפּלאַן־געברום און אויס האַרמאַטן־שיסערײַ. בלויז די פֿײַערלעשער־וואָגנס לויפֿן נאָך אַרום ווי משוגענע פֿערד. אָט דאָ, אין דער לינקער זײַט, אָט, דאָרט, אין דער רעכטער זײַט, און אָט — אַרויף, קווער, אַזוי ווי ווילד־געוואָרענע חיות, וואָס וואַרפֿן זיך אין אַלע זײַטן מיט אַ שאָס אין לײַב.

מיר האָבן פֿרײַער אָפּגעאָטעמט. אין קעלער האָט זיך אַ ריר געטון. מענטשן אָפּגעשוואַכטע, האַלב־פֿאַרחלשטע, וועלכע זענען געלעגן אומ־באַוועגלעך, ווי געליימטע, פּאַראַליזירטע, האָבן זיך אַ הייב געטאָן פֿון דער ערד.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט אַלץ אַ טאַנץ געטון פֿון די ערטער, זיך אויפֿגעהויבן. דער ראַדיאָ האָט געמאָלדן:

— איך רוף אָפּ דעם אַלאַרם פֿאַר דער שטאָט לאָדזש. אַלץ קערט זיך צוריק צו דער נאָרמאַלער אָרדענונג!

— ענדלעך!

מען האָט זיך געשטופּט דורך דער נישט גרויסער טיר. יעדער האָט געוואָלט וואָס פֿריִער אַרויס. זײַן אויף דער גאַס, זען דעם הימל,

איך האָב אויפֿן הויף אַרײַנגעאָטעמט אין מײַנע לונגען אַ ביסל לופֿט. איך האָב אויסגעגלײַכט די ביינער. פֿון אַלע זײַטן האָט מען געזען מענטשן, ליפּן, באַוועגן זיך. עס האָט אויסגעזען, ווי פֿון פֿינצטערע לעכער וואָלטן אַרויסגעקראָכן באַשעפֿענישן, מײַז. אַלע זענען בלאַס, צעטרייסלט, די פּנימער צוזאַמענגעצויגן, די מײַלער עטוואָס אָפֿן. אַזוי ליפֿן מענטשן מסתּם אַרום צווישן די רויִנען פֿון זייערע צעשטערטע הײַזער. אַ סך זענען געווען אַזוי צעחושט און צעטויבט פֿון דער אומאויפֿהערלעכער געקנאַלערײַ, אַז זיי האָבן פֿאַרגעסן אין וועלכן אײַנגאַנג זיי וווינען. אין דער לעצטער מינוט האָבן זיי זיך געכאַפּט, אַז זיי גייען אויף שטיגן, וואָס פֿירן צו פֿרעמדע טירן. מאַמעס האָבן נאָר לויט דעם געשריי פֿון די קלייניקע געפֿילט, אַז זיי טראָגן זייג־קינדער אויף די הענט; די גופֿלעך פֿון די קליינטשיקע האָבן מיט דעם כּוח פֿון די פֿאַרטויבטע געהירנס זיך צוגעוואָקסן צו דעם אייגענעם לײַב, אַז זיי האָבן זיי אָנגענומען פֿאַר אַ טייל פֿונעם אייגענעם גוף.

איך האָב געזען אַ ייִד, נישט אַזאַ אַלטן, ער האָט זיך אַ שלעפּעדיקער אויפֿגעהויבן פֿון קעלער, די באָרד איז געווען אויסגעלינקט, זי איז געווען אין גאַנצן אויסגעבויגן אין דער לינקער זײַט. איין באַק, דאָרט, וווּ עס איז קיין באָרד נישט געווען, איז אים געווען רויט און אײַנע בלייך, פֿאַרמעט־קאָלירנדיק. דאָס האָט געוויזן, אַז דער ייִד איז געלעגן לאַנג אויף איין אָרט. ער האָט זיך געוואַקלט. אָבער דאָס אויפֿפֿאַלנדסטע בײַ אים איז געווען דער אָפּגלאַנץ פֿון צעמישעניש אין די אויגן. ער האָט זיך געדרייט אויפֿן הויף ווי אין הקפֿות, געפּרעפּלט עפּעס אומפֿאַר־שטענדלעך מיט בלאָלעך־פֿאַרדאַרטע דינע ליפּן און געדרייט זיך און געדרייט, דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן, געזונקען צו דער ברוסט.

ער האָט זיך געדרייט אַזוי אַ פּאָר שיינע מינוט, געדרייט אַרום זיך אַליין, אַרום דעם אייגענעם שאָטן, אַרום זײַן אייגענעם שיגעון.

עס איז געווען עפּעס טיף־רירנדיקס אין זײַן צעמישטן אַרומדרייען זיך און פּרעפּלען חסר־דעהדיקע ווערטער מיט די ליפּן.

— ר׳ פֿישל, — האָט עמעצער אַ פֿרעג געטון דעם געבויגענעם ייִד, וואָס איז מינוטן־לאַנג געגאַנגען אין אַ ראָד פֿון געהירן־בלענדעניש, — וווּ גייט איר?

דער ייִד האָט נישט געהערט. ער איז ווײַטער געגאַנגען אין דעם ראָד, ווי אַ קינד, וואָס שפּילט זיך אין „קלאַס“, און געשעפּטשעט צו זיך, אָבער צו דער ערד, טונקעלע געהיימנישפֿולע ווערטער.

ער איז געווען, ווײַזט אויס, פֿאַרטויבט פֿון די באָמבן־אויפֿרײַסן.

עמעצער איז צוגעגאַנגען נאָענט, גאַנץ נאָענט צו אים:

— ר׳ פישל, ווּ גייט איר?

דער ייִד האָט זיך ענדלעך אויפגעכאַפּט פון שלאָף און אָנגעקוקט דעם מענטש לעבן זיך מיט אַ פאַרוואונדערטן בליק.

— וואָס הייסט, ווּ איך גיי? אַהיים גיי איך.

— אַזוי־נאָך וועט איר קיינמאָל נישט אַהיימקומען. איר דרייט זיך אין אַ ראָד...

און דער מענטש האָט אים אָנגענומען פאַרן אָרעם און צוגעפירט אין דעם פראָנט־אײַנגאַנג פון דעם הויז, אָט דאָרט, ווּ ער האָט געוווינט.

דערווײַל האָבן זיך אין טויער אַרײַנגעריסן מענטשן מיט טויט־דערשראָקענע, אומגעווײנלעך־דערשראָקענע פנימער. אַזוי צעטומלט און איבערגענומען האָב איך ביז־איצט נאָך קיינמאָל נישט געזען קיינעמען.

זיי זענען געגאַנגען אומרויִק, מיט אַן אויסדרוק פון צער און טויט אין די אויגן.

— וואָס איז געשען? – האָב איך אַ שטאַרק נײַגעריקער געפרעגט.

— אויף דער בזשעזשינער גאַס... – האָבן זיי געוואָרפן אַ וואָרט אין דער לופטן.

— וואָס? וואָס איז געשען אויף דער בזשעזשינער גאַס? – האָב איך ווײַטער געפרעגט.

— צוויי און צוואַנציק טויטע...

— צוויי און צוואַנציק טויטע?

— יאָ, – איז געווען דער ענטפער – צוויי און צוואַנציק טויטע. אַ באָמבע האָט דורכגעשפּאָלטן דאָס הויז נומער פערציק, דורכגעשלאָגן צוויי שטאָק און אַרײַן אין אַן אָנגעפּאַקטן קעלער פול מיט מענטשן. צוויי און צוואַנציק מענטשן, רעכנט מען, זענען דערהרגעט געוואָרן!

דאָך בין איך אַוועק אין דער גאַס מיטן נאָמען בזשעזשינער, צו דעם הויז נומער פערציק. פונדערווײַטנס האָב איך געזען שטיין אַ קופּקע מענטשן. עס האָבן געשניטן די פאַרצווייפלטע געוויינען. קינדער, גרויסע, זקנים זענען געשטאַנען און געיאָמערט. זענען עס געווען קרובים פון די אומגעקומענע, אָדער סתּם פרעמדע מענטשן.

דאָס הויז נומער פערציק, אָדער צוויי און פערציק, איז געווען פולשטענדיק אײַנגעלייגט. אַ באַרג אַש, ברעטער, ציגל, רייפן, שטיקער אײַזנס. איך האָב געזען צעהאַקטע שטיקער טישן, בענק, שפּיגלען, טעפּ. אַלץ האָט זיך אויסגעמישט און פאַרוואַנדלט זיך אין אַ הויכן באַרג פון חורבות.

— און ווּ זענען די מענטשן?

— אונטער אָט דעם גרויסן באַרג, אונטער די חורבות, אין דעם קעלער.

— און וויאַזוי וועט מען זיי אַרויסנעמען?

— ווער ווייס, צי מ׳וועט זיי בכלל קענען אַרויסנעמען!

אַ הונדערט מענטשן האָט אין אײַלעניש, אונטער דער אָנפירונג פון אַן אינזשיניער, גענומען צענעמען די חורבות. אין אַ בליץ־שנעלקייט זענען געפלויגן רידלעס און לאָפּעטעס. עס איז געווען געמאַכט מיט אַזאַ אומגעוויינלעכער פלינקייט, אַז עס האָט דערמאָנט אָן עפּעס אַ טײַוולאָנים־אַרבעט. אין אַ טראַגישער מאַסקע פון שווידער, אויסגעגאָסן אויף די פּנימער, האָט מען אָוועקגעשלײַדערט אין אַ זײַט די שטיקער שרוט, קאַלך, ציגל, ברעטער, און געוואָלט פרײַ מאַכן וואָס־שנעלער דעם וועג צו דעם קעלער, ווו די מענטשן האָבן זיך באַהאַלטן פאַר דעם האָגל פון באָמבעס.

שווייס האָט זיך געגאָסן פון די באַקן, פון שטערן, פון די האָר.

די אַרבעט איז באַגלייט געוואָרן פון אַ יאָמערן, פון אַ פאַרצווייפלט וויינען, פון חלשות־סצענעס, פון אַ ספּאַזמען פון טויזנטער.

עס זענען געשטאַנען טויזנטער מענטשן און אַלע זענען פול געווען מיט אַ שרעקלעכער דערוואַרטונג צו זען די מענטשן, וועלכע ליגן באַגראָבן אונטער דער ערד, צעריסענע, צעפליקטע, צעהאַקטע.

יעדער האָט געמיינט, אַז זײַן ברודער און זײַן שוועסטער ליגן באַהאַלטן אונטער די חורבות.

אויף יעדן, וואָס האָט געפעלט, וואָס איז ערגעץ געבליבן בײַ אַ באַקאַנטן, וואָס האָט זיך פאַרהאַלטן ערגעץ־ווו אין דער שטאָט, האָט מען געגלייבט, אַז ער ליגט דאָ אַ צעשטיקלטער אונטער די חורבות.

און די מאַסע פון מענטשן, פון וויינענדיקע, יאָמערדיקע מענטשן, וואָס האָט געוואַרט מיט קלאַפּנדיקע הערצער אויף דער אויפגראָבונג פון דער ערד און פון די חורבות, איז געוואָקסן פון מינוט צו מינוט. עס איז שוין איצט געשטאַנען אַן אומצייליקער, שוואַרצער געדיכטער המון פון אפשר אַ צוויי טויזנט. זיי האָבן ווי אין אַ רינג אַרומגענומען די גרעבער, די טויטן־גרעבער, בײַ וועמען די גראָב־געגנשטאַנדן, די רידלעס און לאָפּעטעס און אײַזנס, זענען געפלויגן אַלץ בליציקער און פלינקער. עס איז דערגאַנגען צו עפּעס אַ גײַסטערהאַפט בילד. אַזאַ פליִען פון גראָב־אײַזנס, האָב איך נאָך נישט געזען. די געגנשטאַנדן האָבן זיך אַזש פאַרלוירן אין דער לופטן, געשווינדלט.

און אָנגעשטרענגט און פאַרשטיינערט, אײַנגעהילט אין אַ ברודיקן שווייס, זענען געווען בײַ זיי די פּנימער.

ווען עס קומט אַהער אַ פֿרעמדער און אָנקוקנדיק אָט די סצענע פֿון אויפֿאַקערן די ערד, וואָלט ער דערשראָקן געוואָרן.

דאָס געוויין, דאָס יאָמערן איז געוואָרן העכער און העכער. אַ טויזנט, צוויי טויזנט האָבן געוויינט און די געשרייען פֿון פֿאַר־צווייפֿלונג זענען געפֿלויגן אין הימל אַרײַן.

מען האָט מורא געהאַט, אַז עס זאָלן זיך ווידער נישט באַוויזן די באָמבאַרדירער און עס זאָל נישט באַפֿוילן ווערן אַ לופֿט־אַלאַרם.

אָבער דער הימל איז ווײַטער געווען ריין און לויטער און אַ וואַרעם ווינטל האָט ווייך געגלעט אַלע טרויערנדיקע מענטשן.

ענדלעך האָט מען אָוועקגעשלײַדערט די ציגל און דעם קאַלך און די שטיינער. מען איז אָנגעקומען צום קעלער, וועלכער האָט געדינט אַלס שוץ־באַהעלטעניש בעת דער באָמבאַרדירונג.

אַן אויסטערליש־מוראדיק געשריי האָט זיך דערהערט צווישן די גרעבער. די רידלעס און גראָב־אײַזנס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט און זענען מיט אַ טעמפּן קלאַפּ געפֿאַלן צו דער ערד.

צוויי מענטשן זענען האַלב־פֿאַרחלשטע אַוועקגעפֿירט געוואָרן פֿון דעם אָרט. עס זענען געווען צוויי פֿון די גרעבער.

מיט קלאַפּנדיקע ציין, נישט קענענדיק דערבײַ באַהאַלטן מײַן אייגענעם שוידער פֿאַר דער זעונג, וואָס וועט זיך באַלד אַנטפּלעקן פֿאַר מײַנע אויגן, האָב איך זיך געמאַכט מיט די הענט אַ וועג צו דעם אָרט, ווו דער קעלער האָט זיך געפֿונען.

דאָס בלוט איז געזעצט געוואָרן אין מײַנע אָדערן און איך האָב דערפֿילט אַ הוילקייט בײַם האַרצן.

דאָס אָרט, בײַ וועלכן איך בין איצט געשטאַנען, האָט איבערהויפּט נישט דערמאָנט, אַז דאָס איז געווען אַמאָל אַ קעלער.

עפּעס אַ ברייט גרויס גרוב, פֿאַרשיטן מיט האָלץ, שטיין און צע־דריטע אײַזנס, האָט זיך געוויזן פֿאַר מיר.

צווישן זאַמד, צעבראָכן מעבל, אַ העלפֿט פֿון אַן אויוון האָט זיך געזען אַ האַלבער קאָפּ פֿון אַ מענטש מיט אַ באָרד, צוגעקלעפּט צו אַן אָפּגעריסענעם פּוס פֿון אַ פֿרוי.

אַז דאָס איז אַ פּוס פֿון אַ פֿרוי האָט מען לײַכט געקענט דערקענען. ער איז געווען אָנגעטון אין אַ ברוין־זײַדענעם דאַמען־זאָק און אין אַן עלעגאַנט טונקל־געל שיכל פֿון עפּעס זייער אַ ווייכן לעדער.

ברררר... וואָס פֿאַר אַ טיפֿן עקל עס האָט אַרויסגערופֿן דער האַלב־אָפּגעהאַקטער קאָפּ, וואָס איז אין באָרדאָ־רויטן בלוט־גליווער געווען פֿעסט

באַהאָפֿטן מיט דעם דאַמען=פֿוס! וואָס פֿאַר אַ טיפֿער שוידער, וואָס פֿאַר אַ שרעקלעך=אויפֿרעגנדיקע עמפֿינדונג! וואָס פֿאַר אַ האַס און ווייטיק!

און מערקווירדיק: דער דאַמען=פֿוס איז געווען גרויס ביז צו דער קני, איז געווען ריין און זויבער; קיין טראָפּעלע בלוט האָט אים נישט באַפֿלעקט, דאָס זײַד פֿון דעם שטרומף איז געווען אָנגעצויגן שטראַם און ענג, מיט קאָקעטעריע און עלעגאַנץ, און מיט דעם זײַדענעם לעטשל פֿון פֿאַלדעוודיק, קנייטשן=וואַרפֿנדיק, גוטן לעדער איז ער געלעגן אין דער הייך. ער האָט אויסגעזען ווי לעבעדיק, ווי עפּעס אַ דאַמע וואָלט אין אַ וואַקכאַנאַליעדיקן שיכּרות, פֿאַרגראָבנדיק זיך אין געלעכטער אין אַ ווייכן פּוך=געוואַנט אויף אַ זײַדענעם, ווײַסן בעט אַרויסגעשטרעקט מיט ווײַבלעכער גלוסטנדיקער איראָניע אַ פֿיסל! אַ פֿיסל אויף צו קיצלען און רייצן די מענער=תּאווה!

אונטער דער ליטקע האָט זיך צו איר צוגעקלעבט אַ האַלבער קאָפּ מיט אַ האַלב פּנים פֿון עפּעס אַ ייִד. דאָס איז שוין געווען איין שטיק בלוט. עס האָט אויסגעזען, ווי עפּעס אין אַ געפּעכט פֿון רײַטער וואָלט איינער פֿון זיי דורכגעשניטן מיט אַ שאַרפֿער שווערד אַ קאָפּ אויף צוויי.

ווי אין עפּעס אַ בלוטיקן, סאַרקאַסטישן חוזק האָט זיך דער האַלב=דורכגעשפּאָלטענער קאָפּ צוגעקלעבט צו דעם פֿוס פֿון דער דאַמע.

ווידער האָט אַ געשריי און עפּעס אַ חלשות=פֿאַלן געמאַכט אויפֿ=ציטערן די לופֿט.

אַ ווײַלע האָט מען זיך נישט געקענט ווײַטער נעמען צו דער אַרבעט, דאָס הייסט, אַרויסנעמען די קרבנות און זיי אַוועקלייגן אָן אַ זײַט.

פֿאַרגליווערט איז מען געשטאַנען אויפֿן אָרט. יעדער, וואָס האָט געהאַט אין זיך וואַרעם בלוט און נערוון, איז פֿאַרשטיינערט געוואָרן.

— ווײַטער! ווײַטער! נעמט זיי אַרויס! — האָט עמעצער גערופֿן מיט אַ געבראָכן קול, און מען האָט גענומען אַרויסנעמען אַלץ, וואָס האָט זיך געפֿונען אין דער ערד=פֿאַרטיפֿטקייט, ווו ס'איז פֿריִער געווען אַ קעלער.

צווישן אונדז האָבן זיך דורכגעשטופּט אַ וועג די חבֿרה=קדישה=לײַט.

זיי האָבן גענומען שלעפּן און אַוועקלייגן אויף צעראַטענע שוואַרצע לײַלעכער שטיקער אבֿרים פֿון צעריסענע מענטשן.

אַלע קאַרעטקעס פֿון די שטאָטישע און פּריוואַטע „פּאָגאָטאָוויע"=אָנשטאַלטן זענען אין אײַלעניש אָנגעקומען.

אַרום די שטיקער אבֿרים האָבן זיך פֿאַרזאַמלט מענטשן.

מען האָט אָנגעקוקט די אין בלוט פֿאַרגליווערטע טיילן פֿון די מענטשלעכע גופֿים.

ווער האָט דען אין דער יאַטקע פון מענטשן־פלייש געקענט ווערן דערקענען ?

יעדער האָט געמיינט, אַז אָט די פיס, די הענט, וועלכע ער זעט, געהערן צו זיין ברודער, צו זיין פאָטער, צו זיין שוועסטער, וועלכע האָבן, לויט זיין אויסרעכענונג, זיך באַהאַלטן דאָ אינעם קעלער, שיצנדיק זיך פאַר די באָמבעס.

דאָס געוויין, דאָס געיאָמער איז געווען אַזוי גרויס, ווי אויף עפּעס אַ לוויה פון הונדערטער און טויזנטער מתים. עס האָט זיך געדאַכט, אַז אַ גאַנצע שטאָט וויינט, שלוכצט, שוידערט. די חלשות־פאַלן האָט זיך אַזוי אָפט איבערגעחזרט, אַז עס האָט גענומען שטערן די אַרבעט.

די לופט־שוץ־וואַך, עטלעכע הונדערט, על־פּי־רובֿ, יונגע מענער, האָבן גענומען פאַרטרייבן די מענטשן אַרום. דאָס איז אָבער נישט אַזוי לייכט אָנגעקומען.

דער יאָמערנדיקער עולם איז געשטאַנען איינגעעקשנט לעבן די די צעשטיקלטע טיילן קערפּערס, לעבן דעם גרויסן מאַסן־קבֿר. ער האָט זיך נישט געוואָלט רירן פון אָרט. אַלע אויפפאָדערונגען האָבן נישט געהאָלפן. מען האָט גערופן זעלנער, וועלכע האָבן געשריגן, מען זאָל זיך דערווייטערן, געגרעדט צום געוויסן פון די צוקוקער, אָנווייזנדיק, אַז דערמיט, וואָס מען שטייט אַזוי אַרומגערינגלט, ברענגט מען אפשר דעם טויט פון פיל נאָך לעבעדיקע מענטשן, פאַרשאָטענע אינעם קעלער.

דאָס האָט אַ ביסל געהאָלפן. אַסך מענטשן זענען כּסדר וויינענדיק, איינגעבראָכענע און מוטלאָזע, פול מיט שוידער, אַוועקגעגאַנגען אין דער שטאָט, כּדי מיט זייער אויסזען און מיט זייער געוויין צו דערציילן, וואָס עס איז געשען.

מען האָט די צעהאַקטע קערפּער אַוועקגעלייגט אויף דער גרויסער צעראַטעוועטער דעק, וואָס איז געווען אויסגעלייגט אויף דער ערד. איך האָב געזען אַרויסשלעפּן אַ מאַמע מיט אַ קינד. אַ יונגע מוטער מיט בונטע, פולע, שאַטינענע, פיין־פאַרקעמטע האָר. זי האָט געהאַלטן דאָס קינד אויף די הענט, פעסט, איינגעקלאַמערט, אַזוי ווי זי וואָלט נישט דערלויבט, אַז וועלכע עס איז קראַפט זאָל דאָס קינד קענען אָפּרייסן פון איר. די מאַמע מיטן קינד זענען געווען אומבאַרירט. קיין שום פלעק, קיין שום בלוט־צייכן האָט זיך נישט געפונען אויף זיי. די אויגן האָבן זיי געהאַלטן אָפן, אַזוי ווי זיי וואָלטן נישט פאַרשטאַנען, וואָס מיט זיי איז געשען. און דאָך זענען זיי געווען טויט. דער דאָקטאָר, אַ גראָ מענטשל, אַ נידעריקס, מיט אַ פאַרמעט־געל פּנים האָט, וואַרפנדיק אויף זיי אַ בליק, עס גלייך דערקענט. פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט זיך נישט

באַנוגנט בלויז מיט דעם געניטן בליק פֿון אַן אַלטן דאָקטאָר. מיט אַ פֿײַנלעכער מינע אויפֿן פּנים, מיט אַ מינע פֿון שרעק און טיפֿן מענטשלעכן מיטגעפֿיל האָט ער געעפֿנט די ייִדענע בלוזע בײַ דער פֿרוי און צוגעשטעלט זײַן אויער צו איר האַרץ, אָננעמענדיק גלײַכצײַטיק איר האַנט.

— זי איז טויט! — האָט ער געמורמלט. די זעלבע ווערטער זענען געפֿאַלן פֿון זײַנע ליפּן, ווען ער האָט באַטראַכט דאָס קינד.

ווען נישט דער בלאָער קאָליר, געמישט מיט אַ מאָדנער מאַרגנ־דעמערנדיקער מיסטישער בלאַסקייט, וואָס האָט באַדעקט דאָס געזיכט פֿון דער יונגער מוטער און איר קינד, וואָלט מען געקענט אָננעמען, אַז זיי לעבן און אָטעמען.

דער אויסדרוק אין די אויגן, וועלכע זענען בײַ דעם מענטשן דער שפּיגל פֿון טויט און לעבן, איז נישט געווען קיין שמערצהאַפֿטער, קיין גסיסהדיקער, ווי בײַ שטאַרבנדיקע, נאָר בלויז אַ פֿאַרוווּנדערטער, אָבער אַ העלער. נאָך איצט, אין איר טויט, איז די פֿרוי געווען שיין. אירע אַקסלען קײַלעכדיק — און די פּרעכטיקע קאַרשן־האָר, ערטערווײַז באַשאָטן מיט זאַמד און קאַלך־שטיקער, האָבן זיך געשלענגלט אויף איר נאַקן.

זי האָט אויסגעזען, ווי די אַלטע גריכישע סטאַטועס פֿון מוטער און קינד, וועלכע מען האָט אַרויסגעגראָבן פֿון פֿאַרבאָרגענע ערד־שפּאַלטן.

דער דינאַמיט האָט צו זיי נישט דערגרייכט. דאָס האַרץ אין זיי האָט אָפּגעשטעלט די אַרבעט דורך דערשטיקונג.

ליג רויק, אָרעמע, שיינע יונגע פֿרוי! דו האָסט מיט אַזאַ פֿאַנאַטישן מוטערלעכן כּוח געהאַלטן צו דײַנע ברוסטן דײַן קינד בײַם לעבן. מען האָט עס דיר נאָך דײַן טויט אויך נישט צוגענומען!

זי איז געווען אַ ייִדישע פֿרוי. די חבֿרה חסד של־אמת האָט זי צוגע־נומען מיטן קינד. מען האָט צוערשט פֿעסטגעשטעלט דעם נאָמען, דער־נאָך האָט מען זיי אײַנגעהילט אין שוואַרצע דעקן און מען האָט זיי אַוועקגעפֿירט אויף דעם אָרט, ווו מען האָט געזאַמלט די גאַנצע נישט־צעריסענע און נישט־צעפּליקטע מתים.

אין אַ ווײַלע אַרום איז אָנגעקומען דער מאַן פֿון דער פֿרוי.

— קרינסקי! — האָט מען געהערט מורמלען. מען האָט געמאַכט פֿאַר אים אַ וואַרע, דורכגעלאָזט. אַ געמורמל פֿון שוידער האָט אים באַגלייט דעם וועג צו זײַן טויטער פֿרוי.

דער שוידער־געפּליסטער איז באַשטאַנען פֿון פֿאַרשידן־טאָניקע נישט־אַרטיקולירטע געוויינען.

אָ, געוויין פֿון מענטשלעכע הערצער! איך האָב געמיינט ביז דעמאָלט, אַז מענטשן וויינען, מער־וויניקער, אַלע גלייַך!

איצט האָב איך געזען, אַז געוויין איז אַזוי ווי טענער פֿון מוזיק, אַזוי ווי פֿאַרבן און קאָלירן, זיי זענען פֿאַראַן צענטליקער. דער פֿאַרנעם פֿון דעם טרויער און די גרויסקייט פֿון דער טראַגיק באַשאַפֿן די פֿאַרשידענע מאָדולאַציעס פֿון געוויינען.

דאָס קליינע, דאַרע מענטשל, מיט דעם טרוקענעם, גראָען, אָבער יינגן פּנים, וואָס האָט געהייסן קרינסקי, אָט אַ מענטשל אַזאַ, וואָס זעט אויס נישט צו פֿאַרמאָגן אין זייַן נשמה קיין איינע פֿון די מענטשלעכע לייַדנשאַפֿטן, נאָר בלויז איין גרויסע לייַדנשאַפֿט — זייַן פֿרוי און זייַן קינד און זייַן היים, האָט געוויינט אַזוי ווי אַ בוים! ער איז געגאַנגען זען זייַן טויטע פֿרוי און זייַן טויט קינד, מיט שנעלע טריט פֿון זייַן יינגלשן אָבער פֿלינקן גוף האָט דער קליינער טאַטע זיך געמאַכט אַ וועג און עס האָט זיך געהערט עפּעס אַזאַ טרויעריק געברויש פֿון זייַנע ליפּן, אַ שטיל, דערשטיקט געברויש. אַזוי רוישן ביימער, ווען דער האַרבסט ליגט פֿאַרשפּרייט מיט זייַן גאָלדיקן וועלקן איבערן לאַנד און דער ווינט טרייסלט זיי און בייגט זייערע געלע און טויטע בלעטערדיקע קרוינען צו דער ערד. עס איז געווען יענץ געפּליסטער, דורך וועלכן די נאַטור שאַפֿט זיך איר אייגענע ווונדערלעכע מוזיק אָן אונדזער הילף און אָנטייל.

דאָס ערשטע מאָל אין מייַן לעבן האָב איך געהערט אַזאַ מין געוויין.

איך בין געוואָרן אין גאַנצן צוזאַמענגעבראָכן. די שרעקלעכע סצענעס מיט די צעשניטענע און צעפּליקטע מענטשן האָבן ביי מיר פֿאַרגליווערט יעדעס געפֿיל, אָבער דאָס געוויין פֿון דעם קליינעם, שטילן הער קרינסקי, דאָס געברויש פֿון זייַנע ליפּן, אַזוי ווי זייַן נשמה וואָלט באַהאַלטן עפּעס אַ געהיימנישפֿולן, טיפֿן, פֿאַר אים אַליין נישט פֿאַרשטענדלעכן טרויער און איצט וואָלט אָט דער טרויער אַרויסגערוישט פֿון אים, האָט מיך דערשלאָגן. איך האָב אַליין באַקומען טרערן אין די אויגן.

ער איז געשטאַנען, דער קליינער מאַן, ווי אַ יינגל נעבן דעם קבֿר פֿון זייַן טאַטן און געברוישט אַזוי מיסטיש און סודותדיק מיט זייַן מאָדנעם געוויין. אַנטשולדיקט פֿאַר דעם אויסדרוק: געברוישט מיט זייַן מאָדנעם געוויין! עס איז ווירקלעך אַזוי געווען, אויב מען קאָן בכלל רוישן מיט געוויין. דאַכט זיך, אַז עס האָבן זיך געהערט ווערטער:

— ליזע, דו ביזסט עס, דו?

דאָס איז געווען אַלץ, וואָס ער האָט גערעדט. דערנאָך האָט ער אין גאַנצן אויפגעהערט צו וויינען. ער איז געשטאַנען לעבן זײַן פרוי און קינד און גאָרנישט גערעדט. זײַן קליינער גוף איז געווען צוגעשמידט צו דער ערד. ער איז געווען פאַרגליווערט און מיט גרויסע פײַכטע אויגן האָט ער געקוקט אויף די אומגעקומענע, וועלכע זענען אפשר געווען ביז נעכטן דער זין פון זײַן לעבן.

און די גרעבער אין דער אומגעוויינלעכער פאַנטאַסטישער גיכקייט, אַז די רידלס און די אָרעמס זענען אַזש פאַרשווונדן געוואָרן אין דער לופטן, מיט רויטע פאַרשטיינערטע פנימער, מיט שרעק אויפגעריסענע אויגן און בכלל מיט אַן אויסדרוק פון טיפסטער איבערגעגומענקייט—האָבן ווײַטער געגראָבן; געשלײַדערט שטיקער צעבראָכענע מעבל־שטיק, עפּעס ראַמען, צעבויגענע אײַזנס, קאַלך און ציגל.

מען האָט אַרויסגעשלעפּט אַ ייִד, אַ לאַנג־געקליידטן ייִד. ער איז געווען אָנגעטון אין טלית־און־תּפילין. ווײַזט אויס, אַז ער האָט נישט באַוויזן צו דאַווענען אין דער שטוב, ווען דער לופט־אָנגריף האָט אים געטריבן אין קעלער אַרײַן.

זײַן שייטל איז אים אין דער לינקער זײַט געווען צעקוועטשט, עס האָט זיך געזען אַ טיפער, בלוטיקער לאָך, די אַרויסגעלאָפענע געהירן האָבן אים צוגעדעקט אַ טייל פון פּנים און פאַרשטעלט דאָס לינקע אויג מיט אַ קלעפּעדיקער געדיכטער מאַסע.

דער טלית איז געווען דורכגעפּלעקט מיט בלוטיקע רויטע שטרייפן און אַ האַנט איז אים געווען פאַרדרייט אויף הינטן, הינטער דער פּלייצע, אויסגעבראָכן.

טאַטע—זלמן! זלמן! ווײ! ווײ, ריבונו־של־עולם! — האָבן עטלעכע מענטשן, אַ פרוי, אַ מיידל און אַ דערוואַקסענער מאַנספּערשוין זיך אַ ריס־געטון צווישן די מענטשן און צוגעשפּרונגען צו דעם אַרויסגעשלעפּטן צעריסענעם מאַן.

דער דאָקטאָר דערלעבן האָט פאַרשריבן דעם נאָמען. ער האָט פעסט־געשטעלט דעם טויט. וואָס מער האָט ער געקענט טון?

די געשרייען און די געוויינען האָבן געשניטן די לופט, אַרויס פון דער טיפעניש פון דער ברוסט, געוואָרן גאָרגלדיק און שנײַדיק, געשפּרונגען אין דער לופט, זיך געדרייט אין קרײַזן און נישט געוואָלט זיך אָפּרײַסן פון דעם מאַסן־גרוב.

איך האָב עס שוין געהאַט גענוג! וואָס מער מען האָט געעפנט דעם פאַרשאָטענעם קעלער, אַלץ מער האָט זיך געפילט דער ריח פון

שחיטה, פֿון געשאָכטן פֿלייש. עפּעס האָט געפּאַרעט אין דער לופֿטן, געוואָרן נעפּל. איך האָב געזען פֿאַר די אויגן אַ באָרדאָ־רויטן שלייער, אַ וואַל דורך וועלכן אַלץ, יעדער געגנשטאַנד האָט פֿאַרלוירן די קאָנטורן. אַ שרעקלעך־רויטער קאָליר האָט געמישט, געטונקלט דעם בליק.

עס האָט געאיבלט. אָט האָט מען אַרויסגעשלעפּט אַ פּאָליאַק מיט גרויסע געדיכטע וואָנצעס. ער האָט געהאַלטן די אויגן אָפֿן, בלויז זיי זענען געווען פֿאַרשאָטן מיט שטיקלעך קאַלך און עפּעס זאַמד, אָדער אַש. בלויז די צונג, אַ גליווערדיקער צונג, אין אַ ווײַסלעך רויטן שוים, האָט אַרויס־געשטעקט פֿון אַ געעפֿנט מויל מיט געלבלעך־שוואַרצן ביין אין די יאַסלעס אָנשטאָט ציינער. די באָמבע האָט אים נישט אָנגערירט. דער טויט איז געקומען דורך דערשטיקונג. בלויז בײַם האַלדז האָט אים געקלעבט — מיט בלוט פֿאַרשמירט, וואָס האָט דעריבער פֿעסטער אָנגעהאַלטן — עפּעס אַ זאַך, אַ שוואַרצלעך בלאַנקענדיקע לעדערנע זאַך. וואָס איז עס? יאָ, עס איז געווען דער של־ראָש פֿון דעם ייִדס תּפֿילין. ער האָט זיך אָפּגעריסן און מיט דעם לאָם פֿון בלוט צוגעקלעמט צו דעם אַלטן פּאָליאַקס האַלדז.

—פּאַוועל! פּאַוועל! דזשאַדוניו! זיידע! — האָט זיך ווידער דערהערט אַ כאָר פֿון שטימען, פֿון קוויטשעדיקע שטימען פֿון קריסטלעכע קינדער און אַ קול, אַ מוראַדיק־יאָמערדיקע הייזעריק קול פֿון אַן אַלטער קריסטין.

און די אויסבראָכן פֿון טרויער זענען אונטערגעהאַלטן געוואָרן פֿון אַנדערע, פֿון באַקאַנטע, פֿרײַנד און פֿון סתּם פֿרעמדע. עס האָט געוויינט און געיאָמערט אַ מאַסע; עס האָט אָפּגעקלונגען ווײַט און ברייט אַרום אַ פֿאַרצווייפֿלונג פֿון טויזנטער.

איך בין אַוועק מיט שנעלע טריט. איך האָב ווײַטער מער גאָרנישט געוואָלט זען. איך בין געווען זאַט פֿון שוידער און עקל. איך האָב איבער־געלאָזט הינטער זיך די יאַטקע פֿון מענטשן־פֿלייש און שנעל זיך אַוועק־געדרייט אין אַן אַנדער גאַס.

מײַן קאָפּ איז פֿול געווען מיט מאָדנע, זיך מישנדיקע, אומקלאָרע געדאַנקען. דער שאַרלאַך־רויטער נעפּל איז מיר נאָכגעגאַנגען און מיר פֿאַרשטעלט דעם בליק.

אויפֿן וועג האָב איך געזען לויפֿן ווילד־צעמישט, מיט די הענט אויסגעשטרעקטע אין דער לופֿטן, מיט אויגן ברייט־אויפֿגעעפֿנטע, ווי מענטשן. וואָס עס דאַרף זיך באַלד אַנטפּלעקן פֿאַר זייערע אויגן עפּעס שוידערלעכס — הונדערטער מענטשן. טייל זענען באַלד געלאָפֿן מיט אַ געכליפּערײַ, וויינענדיק. אין לויפֿן האָבן מענטשן, צעמישטע, צעטומלטע, מבֿולבלע, געקוקט אין הימל אַרײַן, פּונקט ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט,

עס זאָל זיך נישט באַווייזן אויפסנײַ עפּעס אַ פּאָר באָמבאַרדירער און זיי זאָלן גישט אָנהויבן צו וואַרפן מיט באָמבעס אָט אַזוי ווי מען לויפט איצט אין בהלה און אין פּאַניק.

איך האָב זיי אַלע געלאָזט לויפן און אַוועק צו זיך אַהיים. איך האָב זיך באַמיט צו פאַרטרײַבן דאָס געשפּענסטיקע, בלוט־גליִענדיקע בילד פון דער מענטשן־יאַטקע, פון די אַרויסגעשלעפּטע צעריסענע און דער־שטיקטע מתים און פון די גרעבער, וואָס האָבן פאַנטאַסטיש, זיך און מיט שוידער־מאַסקעס אויף די פּנימער, אויסגעבאָדענע אין שמוציקן שווייס כסדר געגראָבן און געגראָבן. עס איז שווער געווען אָט דאָס בילד צו פאַרטרײַבן. דאָס, וואָס איז שרעקלעך און שוידערהאַפט, האָט די לײַדנשאַפט זיך מיט אַן איראָנישער צודרינגלעכקייט דווקא זיך צו קלעבן אָן אונדזער פאָרשטעלונגס־קראַפט.

אונדזער ווילן קאָן עס נישט פאַרטרײַבן, איז מאַכטלאָז קעגן דעם.

איך בין געגאַנגען וואָס שנעלער. איך בין געלאָפן, אָבער אין אַ פאַרקערטער ריכטונג פון די מענטשן, וועלכע איך האָב אַנגעטראָפן. אָבער פון אַלע גאַסן זענען געגאַנגען מענטשן אין דער זעלבער צעטראָגנקייט, אין דער זעלבער בהלה, אין דעם זעלבן שוידער.

וואָס לויפט מען? וואָס גייט די גאַנצע שטאָט דווקא אויף דעם אָרט פון דעם אומגליק? צו וואָס איז עס נייטיק אָנצוקוקן דאָס אָרט פון אומגליק, פון חורבה? צו וואָס גייט מען זיך נאָך מער צערײַסן די נערוון?

גיי פאַרשטיי דעם זין פון אַ וואַנזיניקן, ווילדן פּסיכאָז!

עס איז אַוועק אַ גאַנץ היפּשע צײַט ביז איך האָב זיך דערווײַטערט פון די לויפנדיקע, צעמישטע מענטשן.

איך בין ענדלעך געווען הינטער דער שטאָט. דאָ איז אַלץ געווען רויִק. שטיל. דער עולם, מיד און צעבראָכן פון די לופט־אַלאַרמען, איז געזעסן רויִק אין די שטובן און זיך געפרייט מיט דער היים, ביז צו דער צײַט, ווען אַ באָמבע וועט זי פאַרניכטן צוזאַמען מיט אירע באַוווינער.

מען האָט זעלטן געזען אַ מענטש. אַלץ איז געמיטלעך געזעסן אין די שטובן און אָנגעקוקט דאָס ווײַב און זיך געשפּילט מיט די ווייכע זײַדענע האָר פונעם קינד.

בלויז מיט שׂנאה און בייזקייט האָט מען געקוקט אויף דעם הימל, אויף דעם שיינעם, בלאָען, בלאַנקענדיקן הימל. וואָס האָט אייביק געברענגט דעם פרילינג אין דעם זומער צוזאַמען מיט אַזוי פיל פרייד און ליכטיקייט, און איצט האָט ער געברענגט בלויז טויט און אומגליק, שוידער און טרערן.

פאַר די טויערן זענען געשטאַנען יונגעלײַט מיט בלאָע און גרינע בענדער אויף די אָרעמס. מיט אומעטיקע מינעס אויף די פּנימער, ווי

דאָס לויפֿעניש וואָלט זיי אַ רעכט ביסל שוין דערעסן געוואָרן, האָבן זיי געוואַרט אויף די סיגנאַלן פֿון גאַז־אַלאַרמען.

זיי האָבן טריב באַטראַכט יעדן מענטש, וואָס איז דורך די גאַס. דאָס פֿאַרדעכטיקן יעדן אייניציקן אין שפּיאָנאַזש איז זיי לאַנגווײַליק געוואָרן. אָדער אפֿשר האָבן זיי אײַנגעזען, אַז אַלע, אַלע זענען שפּיאָנען און דאָס כאַפּן איינעם אָדער צוויי אָדער אַפֿילו צען אָדער הונדערט, וועט סײַ־ווי גאָרנישט העלפֿן? יאָ, די לעצטע טעג האָט עס אויסגעזען, אַז אַלע, אַלע אײַנוווינער פֿון דער שטאָט, דרײַ פֿערטל מיליאָן מענטשן, ווערן פֿאַרדעכטיקט אין שפּיאָנאַזש.

איך בין געגאַנגען אָן ציל און געטראַכט דאָס, וואָס יעדער מענטש אין דער שטאָט האָט באַשטימט געטראַכט: ווי לאַנג קאָן אַזוי די מלחמה געדויערן?

איך האָב נישט געצווייפֿלט, אַז די פֿרעמדע אַרמיי דערנענטערט זיך מיט ריזן־שריט צו אונדזער שטאָט און לאַנג וועלן די לופֿט־אָנגריפֿן שוין נישט געדויערן.

און ווי איך גיי אַזוי אין מײַנע אומעטיקע מחשבֿות, אָן ציל, סתּם אַזוי, דערהער איך דעם ראַדיאָ אין אַן אומגעוויינטלעכן אַלאַרם:

— באַהאַלטן זיך! פֿײַנדלעכע אַעראָפּלאַנען דערנענטערן זיך. די שטאָט ווערט באָמבאַדירט מיט גאַז־באָמבעס! אָנטון די גאַז־מאַסקעס!

די היטער פֿון די לופֿט־אַטאַקעס האָבן אויפֿגעריסן אַזעלכע אויגן מיט אַזאַ שרעק, וואָס איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געזען בײַ מענטשן.

כּמעט ווילד, ווי אָן באַוווסטזײַן, זענען זיי אַרײַנגעלאָפֿן אין די הײַזער און בלויז שטאַמלענדיק אַרויסגעוואָרפֿן די ווערטער:

— גאַז... גאַז... מע וואַרפֿט גאַז־באָמבעס.

איך בין אַליין געוואָרן אויסער זיך. גאַז!... אויב זיי וואַרפֿן שוין גיפֿט־גאַזן, איז שוין נישטאָ קיין שום הילף. בלויז אַ צוויי־דרײַ טויזנט פֿאַרמאָגן גאַז־מאַסקעס. די איבעריקע פֿאַרמאָגן גאָרנישט. מיר וועלן אויסגעסמט ווערן ווי די מײַז. דער טויט איז נאָענט. נישטאָ קיין הילף!

איך בין אַרײַנגעלאָפֿן אין אַ גרויסן הויף מיט פֿיר זעקס שטאָקיקע אָפֿיצינעס אין אַלע פֿיר זײַטן, אַזוי ווי אַ פֿעסטונג. די זון איז דאָ כּמעט נישט צוגעקומען. די דיקע מויערן מיט באַהאַלטענע מענטשן און מעבל און האַנטווערקער־וואַרשטאַטן האָבן זי נישט צוגעלאָזט. העכסטנס האָט זי זיך באַוויזן אין דער הייך איבער די קעפּ, אַרײַנגעקוקט אויף טשעקאַווועסט, וואָס די מענטשן טון אונטן צווישן די מויערן, און זיך אַוועקשפּאַצירט גאַנץ שנעל.

דאָס דאָזיקע גרויסע ריזיקע הויז איז איצט פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ משוגעים־הויז.

מענטשן זענען געלאָפֿן הין און צוריק און אַלע האָבן אַרויסגעלאָזט אַן אומדערבאַרעמלעך, עגבערדיק געשריי:

— גאַז! גאַז! מע וועט אונדז אויסשמען מיט גאַזן!

— וויי! וויי! — האָבן קליינע קינדער מיט קוויטשעדיקע קעלעכלעך באַגלייט זייערע טאַטעס און מאַמעס.

מען האָט געהערט אַ לויפֿעריי, אַ טופּעריי, אַ געקלאַפּעריי פֿון הונדערטער מענטשן אויף שטיינערנע טרעפּן. פֿון אַלע פֿיר זייטן איז דאָס געקלאַפּעריי געקומען. עס איז געווען עפּעס אַ מאָדנע פּויקעריי פֿון שגעון און בהלה, אַ פּויקעריי אין צענדליקערערליי וואַריאַנטן און ניואַנסן, וואָס הונדערטער שיך און שטיוול האָבן אויסגעקלאַפּט. מען איז געלאָפֿן פֿון די פֿירטע שטאָקן פֿון אַלע פֿיר זייטן, פֿון די דריטע שטאָקן, פֿון די צווייטע שטאָקן. מיט אויגן כּמעט אָן שׂכל, מיט אַרויסגעזעצטע שוואַרצאַפּלען, אַזוי ווי דאָס שטיקעניש פֿון טויט־קראַמפֿן וואָלט זיך שוין אָנגעהויבן, האָט מען געברומט:

— גאַז... גאַז... באַהאַלט אייך...

און מען איז געקומען אויפֿן הויף. פֿון אַלע פֿיר זייטן איז מען געקומען צו לויפֿן, זיך אָנגעשטויסן, אָנגעקלאַפּט, זיך נישט דערקענט. פֿון הויף איז מען צעמישטע, צעטומלטע, פֿאַרדרייטע, ווי אַלע וואָלטן עפּעס אַ קלאַפּ באַקומען איבער די געהירנס, געלאָפֿן ווידער אויף די טרעפּן, פֿון ערשטן אויף צווייטן שטאָק, פֿון צווייטן אויפֿן דריטן שטאָק.

און ווילדע, משוגענע, פֿאַרצווייפֿלטע האָבן הונדערטער שיך און שטיוול, מיט גומעס און אייזנס באַשלאָגענע, אויסגעקלאַפּט אויף די שטיינערנע טרעפּן פֿון אַלע פֿיר הייזער דאָס שרעקלעכע וואָרט:

— גאַז... גאַז... באַהאַלט אייך!

איך בין אַליין אויך געווען טיף איבעררראַשט. אויף דעם האָב איך זיך נישט גערעכנט. קעגן דעם איז פֿאַר מיר נישטאָ רעטונג. איך האָב געהאַט זיך געגנוג אָנגעלייענט וועגן די פֿאַרשידענע גיפֿט־גאַזן, וועלכע וועלן באַנוצט ווערן אין דער נאָענטסטער מלחמה, און וואָס וועלן טייטן אַלץ, וואָס לעבט און אָטעמט. איך האָב געלייענט ביי אויטאָריטעטן אויפֿן דאָזיקן געביט, אַז קיין מיטלען קעגן די דאָזיקע גאַזן איז נישטאָ. אַפֿילו אַ מאַסקע אויפֿן פּנים איז נישט קיין הילף.

אויב דער גיפֿט־קריג, נישט בלויז אויפֿן פֿראָנט, נאָר אויך קעגן דער ציווילער באַפֿעלקערונג, האָט זיך שוין אָנגעהויבן, זענען מיר

פֿאַרלוירן, דאַרף איך זיך גרייטן אין וועג אַהין, פֿונוואַנען מען קומט שוין נישט צוריק.

פֿאַר מײַנע אויגן האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַ שרעקלעכע וויזיע. זי האָט אויפֿגעבליצט מיט כמעט אַ קרענקלעכער שאַרפֿקייט און אַרויסגערופֿן באַ מיר אַ שוידער פֿון עקל.

קליינערהייט האָט זיך בײַ אונדז אויפֿן אָרעמען הויף באַוויזן גאַנצע מחנות מײַז. עס זענען געווען גרויסע מײַז, שטשורעס. זיי האָבן פֿול געמאַכט די קעלערן, די בוידעמס, בכלל אַלע לעכער. זיי זענען אַרײַנגעשפּרונגען אין די שטובן, אַרויסגעכאַפּט פֿלייש פֿון די זאַלץ־ברעטלעך, צעזעגט און צעפֿרעסן קליידער און אַפֿילו שטיקער האָלץ. אַלץ איז צעמאָלט געוואָרן אויף אַש און שטויב אין זייערע שאַרפֿע פֿאַרניכטנדיקע ציינער. דער גאַנצער הויף האָט באַקומען אַ ספּעציפֿישן מײַזן־געשטאַנק. עס האָט געאיבלט, ווען מען איז אַרײַנגעקומען אין אים. עס האָט געסרחעט מיט מײַזן־דרעק.

אין אַ געוויסן טאָג איז אָנגעקומען אַ קאָמיסיע פֿון 3 מענטשן און אויסגעלייגט אומעטום, ווו עס האָט זיך נאָר געלאָזט, קופּעס סם. עס איז געווען אַ שאַרפֿער, טויטלעכער, אָבער גלײַכצײַטיק אַ זיס־פֿאַרלאָקנדיקער סם. די דאָזיקע אַרבעט איז אָפּגעטאָן געוואָרן שפּעט אין אָוונט. די ווירקונג פֿון דעם גיפֿט איז געווען אַן אומגעהײַערער. בײַנאַכט איז געשען עפּעס שרעקלעכס. מען האָט כסדר געהערט, ביז פֿאַרטאָגס, אַ געקוויטשערײַ פֿון שטאַרבנדיקע מײַז. הונדערטער מײַז האָבן אין אַגאָניע אַרויסגעלאָזט אַזעלכע יאָמערלעכע קוועלן, אַז מען האָט געקענט אַראָפּ פֿון זינען. עס איז געווען אַזאַ עקלהאַפֿטע אָבער גלײַכצײַטיק גרויזאַמע מוזיק פֿון טויט, אַז מען איז געוואָרן אויפֿגעציטערט ביז צו דער טיפֿעניש פֿון דער נשמה.

אין דער פֿרי האָבן דער הויף, די קעלערס, די ביידעמער און בכלל אַלע לעכער אוןווינקלען אַנטפּלעקט פֿאַר די אויגן אַן אימהדיק בילד:

אומעטום זענען געלעגן טויטע מײַז מיט די געשוואָלענע בייכער אַרויף. די פֿיסלעך און די פּיסקעס זענען בײַ זיי געווען אויסגעקרימט אין גסיסה־קראַמפֿן און די אָפֿענע מײַלער מיט די לאַנגע שאַרפֿע, ווײַס־בלאַנקנדיקע ציינער, פֿאַרדרייטע אין ווייטיק פֿון שטאַרבן, און די בליצנדיקע טונקלדיקע אויגן האָבן אויסגעדריקט אַ מוראדיקן האַס און פֿאַראַכטונג, אַזוי ווי זיי וואָלטן בלוטיק געשאָלטן די, וואָס האָבן זיי דעם טויט געברענגט. עס זענען געווען שטשורעס שוין באַלד אַזוי גרויס ווי די קעץ.

דעם טויט דורך גיפֿט־גאַזן האָב איך מיר אויך אָט אַזוי פֿאָרגעשטעלט.

באַלד, באַלד וועט אַ שטאָט מיט מענטשן אָדער אפֿשר אַ טייל פֿון דער שטאָט, אויב מע האָט נאָר אַראָפּגעוואָרפֿן די... גיפֿטיקע באָמבעס בלויז אויף איין אָדער עטלעכע קוואַרטאַלן, — מיט מאַן און ווײַב און קינד, מיט הינט און קעץ, מיט בכלל אַלץ, וואָס לעבט מיט אונדז צוזאַמען, ליגן פֿאַרקוילעטע און פֿאַרגיפֿטע, פֿאַרברענטע און פֿאַרפּײַניקטע אין לעצטע יסורים פֿון אַ שרעקלעכן טויט ליגן אַזוי געשוואָלענע און געדראָלענע, ווי די מײַז, מיט די בײַכלעך אַרויף.

מײַן מוח האָט האַסטיק געאַרבעט. איך בין געווען איבערצײַגט, אַז מײַן לעצטע שעה האָט געשלאָגן. איך האָב געטראַכט, וואָס איך האָב געטראַכט, וואָס איך האָב צו טון. אפֿשר זיך געזעגענען? אפֿשר לויפֿן צו מײַן פֿאַמיליע און פֿאַרברענגען מיט זיי די לעצטע מינוטן!

באַלד האָב איך מיט די פֿאַרבליבענע כּוחות פֿון מײַן פֿאַרשטאַנד אויפֿגעצוווּנגען אויף זיך אַ רויִקייט און אַ מאַך געטאָן אויף דער האַנט.

— אַלצאיינס!

איין מאָל מוז מען שטאַרבן! דעם דאָזיקן וועג צו דער אייביקער פּוסטקייט מוז מען דורכמאַכן. עס וועט גאָרנישט העלפֿן קיין שום זאַך. דאָס איז דער גורל פֿון דעם מענטש, געצייכנט זינט דעם וועלט־באַשאַף דורך אַלע אייביקייטן. איידער אַזאַ לעבן, געיאָגטע אומאויפֿהערלעך, פֿון די שטאָקן צו די קעלערס, און באַלד בכלל פֿאַרטריבן פֿון דער היים דורך די באָמבאַרדיר־מאַשינען, איז קראַנטער צו פֿאַרענדיקן.

עס איז נישט געווען קיין פּאָזע. איך בין דעמאָלט פֿולשטענדיק גרייט געווען צו שטאַרבן. עס איז פֿאַראַן אַמאָל אַזאַ צײַט, ווען בלויז איין מינוט פֿון שאַרפֿן געדאַנק מאַכט גרייט צום קבֿר אַפֿילו דעם לעבנס־לוסטיקסטן, פֿריילעכסטן מענטש. די דאָזיקע איינע מינוט, אַ רעזולטאַט פֿון פֿאַרבאָרגענע פּסיכישע כּוחות אין מענטשלעכן וועזן, איז גובֿר וואָכן און חדשים און יאָרן פֿון ווילן צום לעבן.

איך בין אַרויס פֿון הויז מיט אַ רויִקן טראָט. עס איז געווען די רויִקייט פֿון אַ מענטש, וואָס האָט שוין קיין זאַך נישט צו פֿאַרלירן. אָבער דאָס וואָס איך האָב ווײַטער געזען האָט מיך מיט דער גאַנצער פּלאַסטישקייט דערמאָנט דאַנטעס גיהינום.

מענטשן, הונדערטער, טויזנטער מענטשן, מענער מיט וויינענדיקע פּנימער, מיט אויפֿגעהויבענע הענט אין אַ געבראָכענעם יאָמער, אַ סך אָנגעטועניע, אַ סך אין די בלויזע העמדער, אָפֿענע בײַ די הערצער, בלאַסע זענען געלאָפֿן: איך האָב געזען ווירטסלײַט מיט דיקע בײַכער, שענק־באַזיצער פֿון דער פֿאָרשטאָט מיט שינקע־רויטע פּנימער און וואָנצעס

ווי די ציין־בערשטלעך, קאָנדוקטאָרן, דראָשקער מיט בײַטשן אין די הענט, פּאָרשטאָט־זונות מיט פּאַפּירענע בלומען אין די האָר, בלינדע בעטלער מיט דיקע דעמבענע קלאָפּנדיקע שטעקנס, צײַטונגס־פּאַרקויפער; אַלץ איז געלאָפֿן, איינער אויפֿן אַנדערן, זיך אָנגעשטויסן, זיך אָנגעקלאַפּט, אומגעפּאַלן, זיך אויפֿגעהויבן, פֿאַרלאָרן די היטלען, זיי געלאָזט ליגן. מען איז געלאָפֿן אַהין־און־צוריק און ווידער אַהין־און־צוריק. אַ מאַמע האָט איר טאָכטער נישט דערקענט. אַ פֿאָטער האָט דעם טאַטן מער נישט געזען. די מיסטישע, כאָטש גלײַכצײַטיק איינפֿאַכע, קרובֿהשאַפֿט פֿון פֿאַמיליע האָט מער נישט עקסיסטירט. אַ מאַסן־משוגעת האָט יאָמערן געבראַכט טויזנטער מענטשן — אַ גאַנצע, גרויסע שטאָט!

בלויז איין וואָרט האָט אָפּגעקלונגען שנײַדיק שאַרף:

— גאַז!

עס האָט אויסגעזען, אַז עס איז פֿאַר אַן ערדציטערניש. באַלד עפֿנט די ערד אַ מוראדיקן ריזיקן פּיסק און שלינגט אַלע מענטשן אײַן און דערשטיקט זיי צווישן אירע ציינער פֿון ערד, שרוט און שטיין.

אָבער באַלד איז געשען אַזוינס, וואָס האָט אין גאַנצן געענדערט די לאַגע.

דער ראַדיאָ האָט געמאָלדן דורך די מעגאַפֿאָנען, וואָס זענען געווען אויסגעשטעלט אין דער שטאָט:

— דער גאַז־אַלאַרם איז אָפּגערופֿן! עס איז געווען אַ טעות. עס איז געווען אַ באָמבאַרדירונג מיט איינפֿאַכע באָמבעס.

אויס גאַז! מען לעבט ווײַטער! אַ טעות! גאָט צו דאַנקען: מען וואַרפֿט אויף אונדז בלויז איינפֿאַכע באָמבעס. דאָס איז שוין נישקשה!

מען האָט זיך געוואָלט האַלדזן און קושן און טאַנצן פֿון פֿרייד. בלויז איינפֿאַכע באָמבעס! גאָט, ווי גרויס איז דײַן חסד!

יענע נאַכט בין איך געשלאָפֿן בײַ מײַן ברודער אין דער וווינונג. די סיבה דערפֿון איז זייער אַן אינטערעסאַנטע און האָט צו טאָן מיט דער מלחמה. אַ צײַט פֿריִער האָב איך געוווינט בײַ מײַן מוטער אויפֿן ערשטן שטאָק פֿון אַ גרויס פֿיר־שטאָקיק הויז. אַזוי ווי די פֿליִער האָבן לכתחילה אַראָפּגעוואָרפֿן נישט די גאָר שווערסטע באָמבעס, פֿלעגן זיי, טרעפֿנדיק אין אַ מאַסיוו פֿינף־שטאָקיק הויז, געוויינלעך צעשטערן די אייבערשטע צוויי אָדער דרײַ שטאָקן. דער פּאַרטער און דער ערשטער שטאָק פֿלעגן על־פּי־רובֿ בלײַבן גאַנץ אָדער לײַכט באַשעדיקט. דאַקעגן,

ווען אַזאַ באָמבע פֿלעגט טרעפֿן אין אַ צוויי־אָדער איין־שטאָקיק הויז, איז דאָס לעצטע אין גאַנצן צעשטערט געוואָרן און די איינוווינער זענען דערהרגעט אָדער שווער פֿאַרווונדעט געוואָרן.

מײַן ברודער מיט זײַן פֿאַמיליע האָט געוווינט אין אַ צוויי־שטאָקיק גאַנץ שוואַך געבויט הויז און ווען דאָרט זאָל טרעפֿן אַ באָמבע, וואָלט קיין מענטש קיין לעבעדיקער דאָרט נישט פֿאַרבליבן. די פֿרויען האָבן בעת דער באָמבאַרדירונג אומגעווייַנלעך געליטן. זיי האָבן מורא געהאַט צו שלאָפֿן אין דעם דאָזיקן מיט איין מאָל שוואַכן הויז, הגם די באָמבאַרדירער פֿלעגן געוויינלעך פּינקטלעך זיבן אַ זייגער אין אָוונט, ווי סאָלידע בעלי־מלאָכות אויפֿהערן צו „אַרבעטן". פּונקט, ווען דער זייגער האָט געשלאָגן 7, האָט די באָמבאַרדירונג אויפֿגעהערט. נישט געקוקט אויף דעם האָבן ספּעציעל די פֿרויען נאָך אַ גאַנצן טאָג לויפֿן פֿון די שטיגן צום קעלער און צוריק, נישט געקענט פֿאַרמאַכן קיין אויג, מורא האָבנדיק, אַז מע זאָל נישט קומען צו פֿלִיען און אָנהייבן צו באַוואַרפֿן די שטאָט מיט באָמבעס. צוליב דעם האָבן מיר געמאַכט אַ טויש: די פֿרויען זענען אַוועק אין דעם זיכערן 5־שטאָקיקן הויז פֿון מײַן מוטער און די מענער זענען געבליבן אין דעם 2־שטאָקיקן הויז.

עס איז געווען א וואַרעמע נאַכט. די לופֿט איז געווען אַ מילדע, אַן אָנגענעמע, הגם דער האַרבסט האָט שוין געגעבן צייכנס, אַז ער קומט אָן. די פֿענצטער זענען געווען געדיכט פֿאַרשטעלט מיט שוואַרץ פּאַפּיר, אַזוי, אַז מען האָט קיין פּיצל הימל נישט אַרויסגעזען.

איר האָב מיך געלייגט אין בעט אַרײַן, געלאָזט דאָס אָנטון און די שיך גאַנץ נאָענט צו זיך, ווײַל טאָמער קומט אויס צו אַנטלויפֿן, זאָל זײַן לײַכט צו כאַפּן די קליידער.

נאָך אַ גאַנצן טאָג פֿאַרמאַטערט לויפֿן אין שרעק און פּאַניק צו די קעלערן, איז דאָס לײַב געווען מיד און צעבראָכן און אַלץ האָט זיך געבעטן אַ ביסל רו. אָבער שלאָפֿן האָט מען פֿאָרט נישט געקענט. די זאָרגן פֿאַר דעם, וואָס וועט ווײַטער קומען, האָט אונדז צוגערויבט דעם שלאָף.

איז מען אַזוי געלעגן אין די בעטן און זיך געדרייט פֿון איין זייט אויף דער אַנדערער, ביז די אויגן האָבן זיך מיר צוגעקלעבט און אַ בלײַערנע שווערקייט האָט זיך באַזעצט אין מײַן מוח און איך בין פֿאָרט אײַנגעשלאָפֿן. עס איז געווען אַ זיסער שלאָף, וואָס האָט אַ ביסל באַרויִקט דאָס געמיט און געמאַכט אונדז פֿאַרגעסן אָן אונדזער לאַגע.

פּלוצלונג, דאָס איז געווען אַ זייגער 2 בײַנאַכט, הערט מען אַ שטאַרק קלאַפּן אין דער טיר. איך האָב אַ טאַנץ געטון אין בעט און אויפֿגעריסן די אויגן:

— וואָס איז געשען?

אין דער זעלבער מינוט האָבן זיך אַלע, מײַן ברודער און זײַנע צוויי זין, אויפֿגעכאַפּט. מיר האָבן ניט באַוויזן צו פֿרעגן, וואָס עס איז געשען, ווי מען האָט געהערט פֿון דרויסן רופֿן אין אַ דערשראָקענעם, געבראָכענעם קול:

— די פּאָליאַקן אַנטלויפֿן! ווער עס פֿאַרשטייט אַז עס איז נייטיק קאָן מיטגיין מיט די פּוילישע זעלנער קיין וואַרשע.

די דאָזיקע ידיעה, וואָס עס האָבן איבערגעגעבן די יונגעלײַט פֿון דער לופֿט־שוץ־וואַך, האָט אונדז אָפּגעגאָסן מיט אַ רעגן פֿון פֿײַער.

— עס קאָן נישט זײַן! – האָב איך אויסגערופֿן – נאָך אַ פּאָר טעג מלחמה קען מען נישט אײַננעמען לאָדזש. אָן אַ שלאַכט זאָל מען אַוועקגעבן די צווייטע גרעסטע שטאָט אין פּוילן. עס איז נישט אמת. די ידיעה געהערט באַשטימט צו די הונדערטער פּליאָטקעס, וואָס פֿאַרפּלייצן די שטאָט!

איך בין געוועזן טיף איבערצײַגט, אַז דאָס איז אַ ליגן און מיר האָט זיך נישט געגלוסט אויפֿצוהייבן פֿון בעט. אָבער דער גאַנצער הויף מיט מענטשן איז שוין געווען אין באַוועגונג. עס האָט גערוישט ווי אין אַ בינען־שטאָק.

די גרעסטע, די ערגסטע, די שווערסטע פֿון די פּחדים, האָט אונדז באַהערשט און אָנגעפּילט אונדזערע נשמות מיט גרוילס.

מײַנע ווערטער האָבן אַ ביסל געטרייסט דעם עולם. מיט מטושטשע צעטומלטע בליקן האָט מען מיך אָנגעקוקט. אפֿשר זאָג איך פֿאָרט דעם אמת?

— דערמאָנט אײַך נאָר – האָב איך ווײַטער געטרייסט דעם עלטערן דור – ווי לאַנג די שלאַכטן אַרום לאָדזש האָבן געדויערט בעת דער וועלט־מלחמה? וואָכן לאַנג האָט זיך די רוסישע אַרמיי געשלאָגן צוליב אונדזער שטאָט. טײַכן בלוט זענען גערונען אויף די פֿעלדער פֿון לאָדזש, און דאָ מיט איין מאָל זאָל די פּוילישע אַרמיי, וואָס וועגן איר האָט מען געהאַלטן, אַז זי איז אַ סך אַ בעסערע, ווי די פֿאַרפֿוילטע חיילות פֿון צאַר, אָן איין שאָס אָפּגעבן אַ שטאָט פֿון טויזנטער פֿאַבריקן און לאַגערן מיט סחורות און בכלל די צווייטע גרעסטע שטאָט אין לאַנד. ניין, ניין, דאָס איז נישט צו גלייבן.

אָבער איך האָב געהאַט אַ טעות אין מײַנע אויסרעכענונגען, וואָס האָבן פֿאַר מיר אויסגעזען גאַנץ לאָגיש; אָבער דאָס, וואָס איז געווען לאָגיש אין דער גרויסער מלחמה, איז געווען אומלאָגיש אין דער איצטיקער

מלחמה, ווײַל אין דעם פּויליש־דײַטשן קריג האָט איר אויף אונדזער זײַט בכלל קיין לאָגיק נישט געקענט געפינען.

עס איז אָנגעקומען אַ מענטש פון גאַס, אַ בלאַסער, אַ צעבראָכענער, די פּאָלעס צעפלויגן און די האָר צעפּאַטלט. ער האָט זיך אין גאַנצן געוואַקלט, אַזוי ווי אַ שווערער פיבער וואָלט געוואָרפן זײַן גוף.

— די פּאָליציי איז אַנטלאָפן! נישטאָ מער קיין קאָמיסאַריאַטן! די פרעמדע אַרמיי נעמט אײַן לאָדזש! דאָס איז זיכער!

## א. סוצקעווער

# דרײַ לידער (אין אַלט-ייִדישן לשון)

## חתן-כלה-ליד

עך:

גלײַך אַ פֿאַרזיגלטער קוואַל אין אַ וויסט,
ביסטו מיר זײַן פֿאַר די לעפֿצן געזיסט.
צו אַ געזאַנג וואָלט איך טאָן דיר פֿאַרגלײַכן,
ווײַל איז דעם זינגער, דער ווערט דיר גערײַכן.

זי:

גלײַך ווי אַן עפּלבוים ווי אויף אַ פּלוין,
וואַקסט מײַן געליבטער, דער איז מיר אַ קרוין.
האַרצלעך געליבטער, דערפֿרייד מײַנע טראָטן,
טו מיך באַרועז אין קלייד פֿון דײַן שאָטן.

עך:

גלײַך ווי אַ שפּריי, דער די גראָזן באַשאַפֿט,
טוסטו באַלעבן מײַן גלוסט מיט דײַן זאַפֿט.
גלײַך ווי אַ טורטלטויב אין די פֿאַרנאַכטן,
פֿליט דײַן נשמה אין מײַנע געדאַכטן.

זי:

גלײַך ווי אַ הירש אונטער בליטן און שײַן,
ביסטו געהאָפֿערט, געליבטער דו מײַן.
קום און פֿאַרמעק הינטער דיר אַלע ווענגן,
זײַ מיר אַ קושונג דורך נעכטן און טעגן.

עך:

גלײַך צו אַ רויז איז דײַן בליִעדיק מויל,
שטעטיגלעך טוסטו געפֿעלן מיר ווויל.
קוועלברונענס צוויי אין די אויגן דיר קוועלן,
שטעטיגלעך טוסטו מיר, ליבסטע, געפֿעלן.

זי:

ביסט ווי אַ שטורעם, געליבטער דו מײַן,
דער איבערפֿאַלט מײַנע רויזן...

ער:

טראָג איך דיך, ליבסטע, אין וועלדער אַרײַן,
דאָרט וועל איך טאָן דיר אַנטשפּויזן!

## טרינקליד

שפּיל, טרומפּייטער, טו צעקלײַנגען,
מיר, די לצים, זופן ווײַנען.
ווײַנען ביטער, ווײַנען זיס,
גלײַך די ליבע ווײַבן.
גיס זיך, פלעשלײַן, גיס זיך, גיס,
ניט קיין לעק זאָל בלײַבן.

שטאַרקער ווײַן,
פולצל מײַן,
לאָמיר טאַנצן,
טאַנצן.

באַרכעס זאָל מען טאָן אונדז געבן
וועסטו, כלהכען, לאַנג לעבן.
אַז דער חתן, דער פאַרשוין,
וועט דיך טאָן באַקריינען —
וועסטו הייסן כלה־קרוין
און ווי גימגאָלד שיינען.

שטאַרקער ווײַן,
פולצל מײַן,
לאָמיר טאַנצן,
טאַנצן.

## וויגליד

איך טו פֿאַר מײַן אוצר אַ לידעלע שפּינען,
דײַן פֿאָטער וועט ברענגען אַ ציקלײַן דערינען.

די ציקלײַן וועט לאַכן פֿון יִנגעלעס טרערן
און ברענגען אַ בעקנברויט דיר צו געהערן.

אין ראַסט און אין רו זאָל מײַן קינדעלע ליגן,
איך שאָקל דײַן שאָקל און טו דיר פֿאַרוויגן.

זײַ שלאָפֿן, דאָס מזל זאָל זײַן דײַן באַהיטער,
סע הײַלן די הונדן דורך שוואַרצן געגיטער.

און דאָס איז אַ צייכן: אויף יִדישע שטיבלעך
שוועבט אום אליהו געגיטיקט און ליבלעך.

ער לוישפּערט אַרײַן איטלעך יִדן אין אויער:
באַרייט זיך, דער אויסלייזער האַרט לעבן טויער.

באַלד רײַט ער אַלהי אויף אַ זילבערן הודער
און זאַמלט באיינעם דײַן שוועסטער און ברודער.

זײַ שלאָפֿן, צו מאָרגנס וועט ער אונדז דערפֿרייען,
מיר וועלן אים לויבן מיט פּויק און שאַלמייען!

ווינטער 1938

### דער טײַטש פֿון די אַלטיִדישע ווערטער:

גערייכן — דערגרייכן / אַנטשפּויזן — פֿאַרקנאַסן / צעקײַנען — צעפּלאַצן / פּולצל — מיידל / באַרכעס — חלה / בעקנברויט — אַ מתּנה / שאָקל — אַ וויג / געגיטער — שטאַכעטן / הודער — דאָס ווײַסע פֿערד אויף וועלכס ס׳וועט קומען משיח / באיינעם — צוזאַמען / שאַלמייען — פֿײַף־אינסטרומענטן.

# אין גאָרטן

סע חלומט זיך מיר: כ׳בין אַ זון, וואָס פֿאַרזינקט
אין אַ זומפּ צווישן ליליעס, דערלעבן —
הענגט אַ גאָרטן באַבלעטערט מיט צײַט, און סע זינגט
אַ ווײַנפֿויגל: ווו איז דײַן לעבן?

נאָר ווי אַן אַמעבע צעטייל איך זיך באַלד:
סע פֿאַרגליט בלויז די ערדיקע העלפֿט מיר.
און כ׳דערזע אין אַן עפּלשן רויט מײַן געשטאַלט,
כאָטש פֿון זומפּ שרײַט מײַן צווייטער איך: העלף מיר.

געענדיקט דער חלום? — איך ווייס ניט, פֿאַרוואָר,
בשעת כ׳האָב אַנטוואַכט אין אַ גאָרטן —
האָט מיך טויִק באַלאָרבערט די זון, און מײַן וואָר
האָט העלף מיר געשריִען, ווי דאָרטן.

אַפּריל 1940

# אויסגעלאָשן

אויסגעלאָשן,
אַש פֿון תּאווה.
ווי אַ שווערד פֿון שייד האָט עמעץ
מיר דאָס בלוט אַרויסגעצויגן.
און צעמורשט איז דער זכרון —
אַ קאָמעט, וואָס פֿאַלט אין אָפּגרונט.

שׂריפֿות,
איר, וואָס ווינט באַהאַלטן
אין רינגען־הערצער פֿון דיביימער, —
זײַט מיר אויפֿיק!
טוט אַ כאַפּ
דעם הייסן פּעך פֿון מײַנע ליפּן
און באַוועלטיקט מײַנע ווערטער
מיט אַ פֿײַערדיקן גאָלדהאַנג.

יאַנואַר 1940

# משוגעת

דורך זונפֿאַרגיי־געסעלעך פֿלאַטערט אַ פֿרוי,
זי וויינט: גיט מיר אָפּ מײַן געליבטן דעם שטרוי.

נאָך איר פֿליט אַן עולם מיט וואַסער און שטריק,
וואָס וויל איר ניט געבן דעם שטרוי אויף צוריק.

און אָט: אויך איר געלע פּאַטשויל פֿאַלט אַראָפּ,
און אָט: אויך אַ פֿײַערלעש־אויטאָ קלינגט אָפּ;

און קיינער, אַ חוץ דער משוגענער פֿרוי,
ניט ווייס, אַז מע קען זײַן פֿאַרליבט אין אַ שטרוי.

מאַרץ 1940

# מלחמה

דאָס זעלבע אַש וועט צודעקן אונדז אַלעם:
דעם טוליפּאַן – אַ וואַקסן ליכט אין ווינטישן געצאַנק;
די סילוויע אין איר פֿלי, וואָס איז פֿון צופֿיל הימל קראַנק,
דאָס קינד וואָס וואַרפֿט אין אייביקייט זײַן באַלעם, –

און בלײַבן וועט בלויז איינער: אַ פּאָעט, –
אַווילדער שעקספּיר וואָס וועט טאָן אַ זונג מיט קראַפֿט
און מוטוויל;
— מײַן גײַסט אַריאל* ברענג דעם נײַעם גורל וואָס מײַן
בלוט וויל,
און שפּײַ אַרויס צוריק די טויטע שטעט!

---

פֿון שעקספּירס „שטורעם“

## מוראַשקע־נעסט

מוראַשקע־נעסט, דו וואַלדס אונטערבאַוווסטזײַן,
צעגישטערט פֿון אַ נײַגעריקן שטאָק, –
מיט לאַבירינטן דײַנע, שטאָק נאָך שטאָק
צעפֿאַלענע אין שטויב, זאָל דיר באַוווסט זײַן:
ווי דו בין איך. מײַן שאַרבן פֿאַלט. אָט ווערט ער
צעטראָגן פֿון מוראַשקעלעך – פֿון ווערטער.
און איטלעכס וואָרט – אַרויף, אַראָפּ, אַ שפּרונגל,
פֿון נערוו צו נערוו, דורך פֿײַער, קויל.
און איטלעכס ציט אַוועק פֿון דזשונגל
מיט ווײַסן אייעלע אין מויל.

אַפּריל 1940

## די גראָע צײַט

האָב ליב דײַן הונט, דײַן בעט, דײַן בראַנפֿן,
נאָר האָב ניט ליב די גראָע צײַט.
סע וועט דײַן הונט אַזוי ניט חנפֿן,
ווי ס'חנפֿעט דיר די גראָע צײַט.

סע איז דײַן אויג פֿאַר איר קיין נעסט ניט,
דו זעסט אין שפּיגל – און דו זעסט ניט...
דאָך שפּירט דײַן גומען: זי איז דאָ.

זי וואַרפֿט אין עסיק דײַנע פּערל,
און כאַפּסט זיך אויף: דײַן קליגסטער הערל
איז אָפּגענאַרט און גראָ.

מאַי 1940

# לידער צו אַ לונאַטיקערין

1

אָ, כ׳קען דיך פֿון לאַנג שוין, פֿון זינט
ביסט געווען אַן אַמפֿיביע.
כ׳געדענק נאָך די ערשטקייט פֿון זינד:
האָסט מיך ליב? – איך האָב ליב, יע...

מיר האָבן זיך ביידע געפּאָרט
אונטער זילבערנע שלאַקסן.
אין אונדזער פֿאַרליבשאַפֿט איז דאָרט
ווי אויף הייוון געוואַקסן.

2

מיט אַ זילבערנעם בעזים
קערסטו אויס פֿון מײַן חלום די שטויבן.
ווערט דאָס צימערל ריין; דורך די שויבן
גריסט אַ צווײַגעלע בעז אים.

מיט דײַן האַנט, וואָס פֿאַרגלעט אַלע לײַדנס,
פּרעסטו קנייטשעלעך אויס אויף מײַן שטערן.
ווי דײַן נאַכטהעמד דײַן זײַדנס,
וואָס פֿאַרקנעפּלט דײַן ברוסט אויף אַ שטערן.

3

כ׳וואָלט וועלן באַרירן דײַן סוד – ווי אַ זעגל,
געבויגן פֿון שטורעם, באַרירט דאָס געאינד, –
דײַן סוד, וואָס צו אים איז פֿאַרזיגלט דאָס שטעגל
מיט טריוואַקס פֿון זינד.

צו אים איז מײַן גלוסט. כ׳מוז אים געבן אַן עפֿן
און זען דעם פּייזאַזש, וואָס דערשרעקט און באַרוט.

דײַן סוד, ווי דער טאָן־גײַסט אין פֿידלשע עפֿן,
מוז ווערן באַפֿאָכט פֿון מײַן פֿליגלדיק בלוט...

4

אָ, ווער איז דער יענער, וואָס באַלד
ווי כ׳צערטל דיך, מאַכט ער אַ גוואַלד?
— דאָס איז ער, דײַן געליבטער לעוואָניק,
וואָס רעגירט אויף אַ זילבערן טראָניק
אויף יעטווידן צווײַגל פֿון וואַלד.

מיר קענען ניט זײַן זאַלבעדריט,
ווען קוועקזילבער קילט דאָס געבליט...
ס׳גיט מײַן האַרץ זיך פֿון קנאה אַ שאָקל,
ווען לעוואָניק טוט אָן אַ מאָנאָקל
און באַקושט דיר מיט פּערל די טריט.

קלײַב איינעם פֿוןביידן אויס, קלײַב,
דעם צווייטן שלימזל פֿאַרטרײַב.
אָדער מאַך, סע זאָל ווערן אַ מילב ער,
וואָס פֿאַרברענט זיך אין פֿײַער פֿון זילבער,
דו פֿויגל, דו מעדיום, דו ווײַב!

מאי 1940

## י. י. טרונק

# פּלוטאַרך

פראַגמענט פון אַ גרעסערער היסטאָרישער
דערציילונג אונטערן נאָמען „פּלוטאַרך"

עטלעכע טעג פאַר פּלוטאַרכס אָפּפאָר האָט איינער פון זיינע רייכע רוימישע פריינד לכבוד אים איינגעאָרדנט אַ סימפּאָזיאָן. דער רוימישער מאַגנאַט האָט אומישנע קאָפּירט דעם סימפּאָזיאָן פון געטלעכן פּלאַטאָ. אַ חוץ רוימער איז אויך געווען אַ היפּשע צאָל גריכישע פילאָזאָפן, וואָס האָבן זיך געפונען אין רוים, ס'רוב סטאָיִקער. מ'האָט געטרונקען ווײַן פון קונסטפולע קאָרינטישע בעכערס. פלייטן־שפּילערינס האָבן געשפּילט און געזונגען אַלטע אַטישע לידער. די אָנטיילנעמער, באַקראַנצט מיט פרישע רויזן־קראַנצן, זענען געלעגן אָנגעלענט אויף רײַך־באַצירטע געלעגערס און מ'האָט געשמועסט אויף דער אייגענער טעמע, וואָס אין פּלאַטאָנס סימפּאָזיאָן, נעמלעך וועגן דער ליבע און וועגן דעם גאָט עראָס. פּלוטאַרך האָט פאַרטיידיקט דעם געדאַנק, אַז דער שטאַרקסטער פון די געטער איז אַפּאָלאָ, ווארום אַפּאָלאָ איז דער גאָט פון דער חכמה, און ס'איז אַ טעות צו גלייבן, אַז עראָס ווערט ווען־עס־איז זײַן דער איינציקער הערשער איבער דער וועלט. די חכמה איז שטאַרקער פון דער ליבע, ווײַל די חכמה איז די טאָכטער פון דער דערקענטעניש, די ליבע, אָבער, איז די טאָכטער פון דער בלינדקייט. אַ טייל פון די סטאָיִקער, וואָס האָבן זיך געפונען אויפן סימפּאָזיאָן, האָבן געהאַט אַן אַנדערע מיינונג, נעמלעך, אַז דער שעפערישסטער כוח אין דער וועלט איז די גלײַכגילטיקייט. די גריכישע פילאָזאָפן זענען שוין געווען אַ ביסל שיכּורלעך און די געשפּרעכן זענען געווען זייער גײַסטרײַך. אין די צווישן־פּויזעס האָבן די שקלאַוון געמישט דעם ווײַן אין זילבערנע קאַנען און כסדר אָנגעפילט די בעכער. פּלוטאַרך האָט אויך געטרונקען אַ סך פון דעם שטאַרקן גריכישן ווײַן און איז געווען גאָר אויפגעלייגט און באַריידעוודיק.

דער סימפּאָזיאָן איז פאַרלאָפן אין גײַסטרײַכע געשפּרעכן ביז שפּעט אין דער נאַכט. וואָס אַמאָל מער אָנטיילנעמער זענען אַנטשלאָפן געוואָרן אויף די בענק, אָדער גאָר אַראָפּגעפאַלן אויף דער פּאָדלאָגע און

אײַנגעשלאָפֿן אונטערן טיש. אין אויסגעגאָסענע קאַלוזשעס פֿון גריכישן ווײַן האָבן זיך אויפֿן דיל געוואַלגערט צעבלעטערטע רויזן־קראַנצן. ס׳האָט געשמעקט מיט רויזן און ווײַן. די גריכישע פֿילאָזאָפֿן האָבן געכראָפּעט. די לעצטע זענען פֿאַרבליבן וואַך פּלוטאַרך און דער רוימישער גאַסטגעבער, און זיי האָבן ווײַטער געפֿירט דעם געשפּרעך.

ערשט ווען דער האָן האָט געקרייעט האָבן זיך די שמועסער געכאַפּט, אַז ס׳איז שוין טאָג און מ׳דאַרף ענדלעך גיין צו רו. אין די שיסלען פֿון די גרויסע בראָנזענע לאָמפּן־שטענדערס, וואָס זענען געווען צעשטעלט איבערן עסזאַל, האָבן זיך נאָך שוואַך געריכערט און געצאַנקט די אײלפֿלאַמען. דורך די אויפֿגעפּראַלטע טירן צום אַטריום האָט דער יונגער פֿרימאָרגן העל באַלויכטן די שלאָפֿער און די גאָלדענע און זילבערנע טרינקגעפֿעסן, וואָס זענען געווען אָנגעשטעלט אויפֿן טיש. אַ שקלאַוו האָט פּלוטאַרכן געברענגט צו טראָגן אַ גאָלדענעם בעקן מיט רויזן־וואַסער. פּלוטאַרך האָט זיך אַרומגעוואַשן דאָס פּנים און די האָר, און ער האָט זיך געפֿילט עטוואָס פֿרישער. אין מויל האָט ער נאָך געהאַט אַן איבלקייט פֿון ווײַן.

פּלוטאַרך האָט זיך געזעגנט מיט זײַן פֿרײַנט און אַוועקגעגאַנגען צו זיך אַהיים. ער האָט נאָך געהאַט אַ סך ענינים צו דערליידיקן פֿאַר זײַן רײַזע.

אַז ער איז אַרויסגעקומען אויפֿן גאַס האָט געבלאָזן אַ קאַלטער ווינט. די בלעטער פֿון די איינצלנע ביימער זענען געווען נאַס פֿון טוי. ס׳האָט נאָך געשמעקט מיט דער רויקייט פֿון דער אַנטשווונדענער נאַכט. די הימלען איבער דער וועלט־שטאָט האָבן זיך וואָס אַ מאָל מער אָנגעגאָסן מיט טאָג. ראָזע וואָלקנדלעך האָבן געשוועבט איבערן ליכטיק־בלויען הימל־לאַזור, ווי שפּילנדיקע אַמאָרעטן. אין די רוימישע גאַסן האָט זיך אָנגעהויבן צו וועקן דאָס אַלטעגלעכע לעבן. בעקערס האָבן געטראָגן קויבערס מיט פֿריש־געבאַקן ברויט, לאַסטטרעגער — כּלערליי משׂאות, איבערהויפּט גרינסן און פֿרוכטן. פּאַסטעכער, וואָס זענען געקומען פֿון די סאַבינער בערג, האָבן געטריבן רינדער און שאָף אין די שחיטה־הײַזער אַרײַן און אויפֿן פּי־מאַרק. די שאָף האָבן געמעקעט. דאָ און דאָרט זענען אַהיימגעגאַנגען פֿאַרשפּעטיקטע שיכּורים און געזונגען אויסגעלאַסענע ווײַן־ און ליבע־לידער. שקלאַוון האָבן פֿאַרבײַגעטראָגן אַ לעקטיקע, אין וועלכער ס׳איז געזעסן אַ דרימלדיקע קורטיזאַנע. אויך אויפֿן פֿאָרום האָבן זיך אָנגעהויבן צו עפֿענען די קלייטן. און די געלטוועקסלער האָבן אָנגעהויבן אויסצולייגן זייערע מטבעות אויף קליינע מאַרמאָרנע טישלעך.

פּלוטאַרך איז געווען אָנגעטון אין אַ לײַכטן גריכישן מאַנטל. אים

איז געווען קאַלט און ער האָט געציטערט. כּדי זיך וואָס מער אויסצו־ניכטערן פֿון דער דורכגעוואַכטער נאַכט און פֿון דעם מידן ווײַן־רויש, וואָס ער האָט געפֿילט אין די שלייפֿן, האָט פֿלוטאַרך בײַ זיך באַשלאָסן אַהיים צו גיין דורך אַ ווײַטערן וועג. אַזוי גייענדיק איבער אָפּגעלעגענע רוימישע גאַסן איז ער אָנגעקומען צום שקלאַוון־מאַרק.

אויך דאָ האָט זיך שוין אָנגעהויבן די טאָג־טעגלעכע באַוועגונג. רוימישע שקלאַוון־סוחרים אין רײַכע ווײַסע טאָגעס, ים־פּיראַטן פֿון די גריכישע אינדזלען, באַרבאַרישע הענדלער אין בונטע גאָלד־געשטיקטע אָריענטאַלישע געווענדער און מיט בלוי־געפּודערטע, קינסטלעך־געקרײַזלטע בערד, זענען בייז און האָפֿערדיק אַרומגעגאַנגען און מיט לאַנגע בײַטשן געקנאַלט אין דער לופֿט און גערופֿן צום אויפֿשטיין. אויף דער הוילער ערד אָדער צווישן די אין עגיפּטישן סטיל באַמאָלטע זײַלן־גענג, וואָס זענען געשטאַנען צעוואָרפֿן איבערן שקלאַוון־מאַרק, האָבן זיך מאַסנווײַז מענטשלעכע לײַבער דערהויבן פֿון דער ערד. אומעטום זענען געלעגן מענטשן — אויף דער ערד, צווישן די זײַלן־גענג און לעבן די הויערנדיקע קעמל־קאַראַוואַנען, וואָס זענען געקומען מיט שקלאַוון אַזש פֿון די ווײַטע אַראַבישע מדבריות.

אויפֿן מאַרק האָט זיך געשטאַרקט וואָס אַמאָל מער דער פֿאַרביקער מענטשן־געטומל און דער געשריי־געמיש פֿון פֿאַרשידענע שפּראַכן און פֿעלקערשאַפֿטן: גריכן, נעגער, סודאַנער און עטיאָפּער, ייִדן פֿון פּאַלעסטינע און אַראַבער פֿון אַלערליי שבֿטים, קריגס־געפֿאַנגענע אַזש פֿון הינטער די זײַלן פֿון הערצַקלעס און אָנגעהעריקע פֿון אַנדערע באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע פֿעלקער. ס׳האָבן געשריגן מענער און ווײַבער, זקנים, יונגפֿרויען און קינדער. דער דור־הפּלגה פֿון דער גאַנצער וועלט איז דורך די מעכטיקסטע און רײַכסטע הענדלער אַהער געבראַכט געוואָרן אויפֿן רוימישן שקלאַוון־מאַרק און אויסגעשטעלט געוואָרן צום פֿאַרקויף.

אָט אָ די קאָסטבאַרע לעבעדיקע סחורה האָט מען פֿאַרן רוימישן פֿאָלק געבראַכט פֿון אַלע עקן וועלט.

מ׳האָט זי געבראַכט צו שלעפּן אויף געפּאַקטע שיפֿן, אויף וועגענער, אויף אייזלען, אויף קאַראַוואַנען, אָדער סטאַדעסווײַז געטריבן צופֿוס. אַ חוץ געוויינטלעכע אַרבעטס־שקלאַוון און אַרבעטס־שקלאַווינס האָבן זיך אינעם פֿאַרביקן געווימל אויפֿן שקלאַוון־מאַרק געפֿונען געפֿאַנגענע חכמים און געלערנטע, פּרינצן און פּרינצעסינס, פֿעלדהערן און שטאַטס־לענקער, פּאָעטן און פֿילאָזאָפֿן, פּעדאַגאָגן, קאָמעדיאַנטן, זינגער, מכשפֿים, שוואַרץ־קינצלער און שוישפּילער, טענצער און טענצערינס, לוסט־ייִנגלינגען און קורטיזאַנעס. די טײַערערע און פּיקאַנטערע מענטשן־סחורה האָבן די

הענדלער ס'רובֿ אָפּגעקויפֿט בײַ זיגרײַכע חיילות אָדער פּיראַטן האָבן זיי געכאַפּט אויף שיפֿן.

איצטער, אין די מאָרגן־שעהן, האָבן די סוחרים אָנגעהויבן צונויפֿצוזאַמלען זייער מענטשיש פֿאַרמעגן און די שקלאַוון אויסצושטעלן און אויסצוסדרן צום אָנגעבאָט און אָנבליק פֿאַר די קויפֿער, וואָס דאַרפֿן באַלד אָנקומען. מ'האָט געשריגן און זיך גערופֿן אין אַלערליי שפּראַכן. אויך אייזלען האָבן הויך גערעוועט. הויערנדיקע קעמלען, וואָס האָבן געלאַסן געמעלה־גרהט, האָבן אויסגעשטרעקט זייערע לאַנגע העלדזער אין דער זיך באַוועגנדיקער מאַסע אַרײַן און וויסט געשריגן. די הענדלער האָבן דערווײַל אינצווישן, איטלעכער באַזונדער, צונויפֿגעטריבן די שקלאַוון און אָנגעהויבן מאַכן צווישן זיי אַן אָרדענונג. די, וואָס האָבן געהאַט בלויזע אַרבעטס־שקלאַוון, האָבן זיי אָנגעהויבן אויסצוטון האַלב־נאַקעט און אויסצושטעלן שורותווײַז. די יעניקע שקלאַוון, וואָס האָבן שוין אַמאָל געפּרוּווט צו אַנטלויפֿן, האָט מען מיט פֿעסטע שטריק צוגעבונדן צו די קאָלומנעס פֿון די זײַלן־גענג. מיט זשעסטן פֿון גרויסע מבֿינים האָבן די הענדלער נאָך אַמאָל באַטאַפּט דאָס לײַב און די מוסקלען פֿון די צום פֿאַרקויף אויסגעשטעלטע מענטשן, דערנאָך זיי באַגאָסן מיט קאַלט וואַסער און געריבן מיט בערשטן, כּדי זייער הויט זאָל אויסקוקן רויטער און געזונטער. סוחרים, וואָס האָבן געהאַנדלט מיט איידעלערע יונגפֿרויען, האָבן אַנטבלויזט די שענסטע קערפּערטיילן פֿון די שקלאַוונס און באַזונדערס אַרויסגעשטעלט די קערנדיקע ווײַבערישע ברוסטן, כּדי צו וועקן לוסט. די לײַבער פֿון די שיינע יונגפֿרויען האָבן די שקלאַוון־הענדלער באַשמירט מיט שמעקנדיקן רויזנאייל, צעפֿלאָכטן זיי די האָר אין לאַנגע און קינסטלעכע צעפּ, אָנגעטון גאָלדענע רינגען אויף די אָרעמס און אויף די פֿוסקנעכלען פֿון די יונגפֿרויען און אונטערגעצייכנט די אויגן זייערע מיט שוואַרצער ציר־זאַלב. די קורטיזאַנעס און די לויסט־ייִנגלינגען האָט מען אויסגעפּוצט מיטן זאָרגפֿעלטיקסטן געשמאַק — אויף צו מערן זייערע חנען. אויך די הענדלער, וואָס האָבן מער ניט געהאַט וואָס צו פֿאַרקויפֿן, נײַערט פֿילאָזאָפֿן און דיכטער, האָבן אויסגעזעצט זייער סחורה אויף אַ שורה רונדיקע בענק, ווי אין אַן אַ אַקאַדעמיע, און געגעבן די פֿילאָזאָפֿן און די דיכטער אין די הענט אַרײַן שווערע ביכער־ראָלן און זיי באַפֿוילן אַרויסצולייענען הויך אויפֿן קול פֿאַרשידענע ציטאַטן.

אײַנציקווײַז האָבן זיך אויך די קויפֿער אָנגעהויבן צו באַווײַזן אויפֿן שקלאַוון־מאַרק. ס'רובֿ זענען געקומען בעלנים אויף אַרבעטס־שקלאַוון. אַרום די אַרבעטס־שקלאַוון האָט זיך דערווײַל געמאַכט די

גרעסטע באַוועגונג. די קויפער האָבן אָנגעהויבן ברוטאַל אויסצוטאַפּן די לײַבער פון דער מענטשישער סחורה, אַרײַנגעקוקט די שקלאַוון אין די אויגן, געפּרוּווט זיי די שטאַרקייט פון די הענט און פון די ציינער און געהייסן זיי לויפן. אויף דעם אָרט, וווּ ס׳זענען געשטאַנען אויסגעשטעלט די יונגפרויען, איז נאָך אין די מאָרגנשעהן דער קויפער־עולם געווען אַ קלענערער. דערפאַר האָבן זיך דאָ צונויפגעזאַמלט אויסגעקליבענע מבינים. צום מיינסטן עלטערע מענטשן. די קויפער האָבן זיך אונטערגעהאַלטן מיטאַנאַנדער, געשמועסט און זיך באַראָטן.

טייל קויפער האָט מיט גרויס געניטשאַפט אָפּגעשאַצט די מעלות און די חסרונות פון די ווײַבערישע גלידער. פון זייער זײַט האָבן די שקלאַוון־הענדלער נישט אויפגעהערט צו רימען די ווײַבערישע רייצן און מיט די שפּיץ־פינגער באַרירט די יונגפרוילעכע ברוסטן, כדי צו ווײַזן די פרישע קערנדיקייט. נישט ווײַט פון דעם דאָזיקן פלאַץ האָבן געטאַנצט די טענצער און טענצערינס, און די קורטיזאַנעס האָבן הויך געזונגען ליבע־לידער און ריטמיש געבויגן זייערע קערפּערס אין לײַדנשאַפטלעכע באַוועגונגען. אויך דאָ האָבן מבינים הויך דיסקוטירט מיט די שקלאַוון־הענדלער. טייל פון די קויפער האָבן שפּילנדיק אָנגענומען פאַר די רײַך־פריזירטע לאָקן פון די לוסט־יונגלינגען.

פלוטאַרך איז רויק פאַרבײַגעגאַנגען דעם געטומל אויפן שקלאַוון־מאַרק. אויף די אַרבעטס־שקלאַוון האָט ער זיך איבערהויפּט נישט אומגעקוקט. אויך די אויסגעשטעלטע שיינע ווײַבער און אַנטבלויזטע יונגפרויען האָבן ווייניק געלאָקט זײַנע בליקן. פלוטאַרך איז שוין געווען אַן עלטערער מענטש, דערצו האָט ער קיינמאָל נישט געהאַט קיין באַזונדערן חשק צו קוקן אויף ווײַבערישע רייצן. די שיינקייטן פון דער חכמה זענען אין זײַנע אויגן געווען טויזנט מאָל לאָקנדיקער ווי דאָס שענסטע ווײַב. דערפאַר האָט זיך פלוטאַרך אָפּגעשטעלט בײַ דעם געזעמל פון די שקלאַווישע פילאָזאָפן. ער האָט זיך פאַרטראַכט וועגן דער השגחה און וועגן שיקזאַל. פלוטאַרך האָט אויפגעשפּיצט זײַנע אויערן צו הערן, וואָס די דאָזיקע פילאָזאָפן לייענען. די ציטאַטן זענען געווען קנאַפּ אינטערעסאַנט, און לויט זײַן מענטשן־קענטשאַפט האָט פלוטאַרך גלײַך אָפּגעשאַצט בײַ זיך אין האַרצן, אַז אָט די פילאָזאָפן־סחורה איז נישט פון קיין איבעריק הויכער מדרגה. פלוטאַרך האָט ביטולדיק אַ מאַך־געטון מיט דער האַנט און אָנגעהויבן אַוועקצוגיין.

באַלד האָט ער געהערט, ווי עמעץ לויפט אים נאָך פון הינטן און רופט אים.

פלוטאַרך האָט זיך אומגעקוקט.

אַ קליינער גריכישער שקלאַוון־הענדלער אין אַ שמוציקן אָפּגע־ריבענעם געוואַנט און מיט אַן אויסגעקראָכן שפּיציק ציגנבערדל האָט פלוטאַרכן נאָכגעשריגן. פלוטאַרך האָט זיך אָפּגעשטעלט. דער גריך האָט זיך הכנעהדיק געבויגן אין דרייען און טיף זיך געבוקט. דאַן האָט ער צו פלוטאַרכן אויפגעהויבן אַ פּאָר רויטלעכע כיטרע אויגן און געזאָגט מיט אַ שטיל קול:

— האַר, איר קוקט מיר אויס צו זיין אַ גרויסער געלערנטער. כ'האָב צו פאַרקויפן זייער אַ באַדייטנדיקן פילאָזאָף. ער איז אַ באַקאַנטער סאָפיסט און שטאַמט פון דער אינדזל קאָס, ווו ס'איז געבוירן געוואָרן דער אומשטערבלעכער היפּאָקראַטעס. איך וועל אים אייך פאַרקויפן פאַר ביליק געלט.

דער הענדלער האָט פלוטאַרכן אָנגענומען פאַרן מאַנטל און צוריק געפירט אויף עטלעכע טריט.

דער שקלאַוו איז געזעסן אויף אַ שטיין, געקייט אַ טרוקן רעפטל ברויט און פאַרטיפט געלייענט אין אַ פּאַרמעט, וואָס איז געלעגן אויסגע־שפּרייט אויף זיינע קניען. ס'האָט אויסגעקוקט, ווי ער באַמערקט קיינעם נישט אַרום זיך.

דער גריכישער הענדלער האָט פלוצעם געביטן זיין האַלטונג. ער איז ווי מיט אַ מאָל אויסגעוואַקסן העכער און אַ געשריי געטון:

— דעמעטריוס!

דער שקלאַוו דעמעטריוס האָט זיך אויפגעשטעלט. ער איז געווען אַ קליינער, אַ דאַרער מאַן אין די מיטעלע יאָרן. ער האָט געטראָגן אַ צעפליקטן מאַנטל, פון וועלכן ס'האָט זיך געלאָזט היפּש פילן אַן אומ־אָנגענעמער ריח. פון די ריסן פון דעם מאַנטל האָט זיך אַרויסגעזען אַ שמוציק־באַהאָרטער גוף. דעמעטריוס האָט געהאַט גראָלעכע, צעקנוידערטע קאָפּ־האָר און דאָס פּנים איז ביי אים געווען רוי און ווילד באַוואָקסן, ווי ביי אַ סאַטיר. פלוטאַרך האָט באַמערקט, אַז איין פוס איז ביים שקלאַוו קירצער פונעם צווייטן און אַז ער הינקט.

— וואָס לייענט איר דאָ? — האָט אים פלוטאַרך געפרעגט מיט אַ רויִק געלאַסן קול.

— איך לייען פּראָטאַגאָראַס פונעם געטלעכן פּלאַטאָ, — האָט דעמעטריוס געענטפערט האַלב־הייזעריק און ער האָט זיך געקראַצט אין די האָר און דערביי זיך אַפילו נישט באַמיט אַ קוק צו טון אויפן פרעגער, — אָבער אויף יעדן זאַץ, וואָס עס זאָגט סיי סאָקראַטעס, סיי דער סאָפיסט, האָב איך טויזנט באַווייזן קעגן און טויזנט באַווייזן פאַר. ס'איז

נישטאָ קיין באַשטימטערע זאַך, ווי די לאָגיק. אַלצדינג קאָן באַוויזן ווערן מיט דער לאָגיק, און דערפאַר טאַקע ווײַל אַלץ קאָן באַוויזן ווערן, דעריבער קאָן גאָרנישט באַוויזן ווערן. מיט דער זעלביקער לאָגיק קאָן איך אײַך למשל באַווײַזן, אַז איר עקזיסטירט, פּונקט אַזוי ווי איך קאָן באַווײַזן, אַז איר עקזיסטירט נישט. פּלאַטאָ איז געווען דורכאויס איינזײַטיק, ווען אין זײַנע דיאַלאָגן קומט כמעט תּמיד סאָקראַטעס אַרויס דער זיגער. ווי קאָן מען זיגן אין אַ וועלט, וואָס איז סך־הכּל נישט מער ווי אַ סך־הכּל פון לאָגישע ווידערשפּרוכן ?..

דעמעטריוס האָט געוואָלט ווײַטער רעדן. דער שקלאַוון־הענדלער האָט טריומפירנדיק געשמייכלט און צופרידן געקלאַפּט מיט די בלוטלאָזע לעפצן. נאָר פּלוטאַרך האָט דעם סאָפיסט אומגעדולדיק איבערגעהאַקט:

— וואָסער אַרבעט קאָנט איר טון פאַר אײַער האַר, אַחוץ פילאָזאָפירן?

דעמעטריוס האָט אַ קוק געטון אויף פּלוטאַרכן און געענטפערט:

— איך קאָן גאָרנישט און קאָן אַלץ פּונקט ווי יעדער מענטש. און יעדער מענטש איז נישט מער ווי אַ צווייפלהאַפטיק שאָטנבילד פון אַ צווייפלהאַפטיקן וועלטשאָטן. ווען איך טו עפּעס, — וואָסער ווערט האָט מײַן טאַט, ווען עס קאָן גרינגלעך געמאָלט זײַן, אַז איך עקזיסטיר בכלל נישט, און איר עקזיסטירט נישט, און קיינער פון אונז עקזיסטירט נישט. אַפילו מײַן איצטיקער באַלעבאָס אַנדראָמאַכאָס, וואָס קאָרמעט מיך נישט מער ווי מיט טרוקן ברויט און מיט וואַסער, — דערפאַר גיט ער מיר אָפט צו פאַרזוכן דעם טעם פון זײַן בײַטש, — אויך ער, דער זייער חשובער אַנדראָמאַכאָס, עקזיסטירט נישט, און מיר זענען נישט מער ווי די שאָטנס פון אַן עקזיסטענצלאָזיקייט און לעבן אין די הינערפלעט פון אַ קאָשמאַרישן חלום... איין זאַך, אָבער, האַר, קען איך צוזאָגן אויף זיכער: איך וועל פון אײַך נישט אַנטלויפן, וואָרעם וווהין וועל איך לויפן, ווען ס'איז נישטאָ קיין שום רעאַליטעט און אַלץ איז נישט מער ווי אַ תּוהו־ובֿוהו פון ווידערשפּרוכן. אַפילו ווען איר וועט מיך לייגן אין קייטן, בין איך פאָרט פרײַער פון אײַך, האַר... ווער קאָן מיר דען באַווײַזן, אַז די קייטן עקזיסטירן ?...

דעמעטריוס האָט זיך פּלוצים שטאַרק צעהוסט פונעם שנעלן רעדן. איבערן באַוואָקסענעם סאַטיר־פּנים האָט זיך אים געגאָסן דער שווייס און די האָר האָבן זיך אים פונאַנדערגעקלעבט אויפן פּנים, ווי ער וואָלט געטראָגן אַ חיהשע מאַסקע.

פּלוטאַרך האָט שוואַך געשמייכלט. ער האָט זיך געוואָנדן צום הענדלער:

— וואָס קאָסט דער דאָזיקער שקלאַוו?

דער גריך האָט געזאָגט אַ שפּאָט־ביליקן פּרייַז. ס'האָט אויסגעזען, אַז ער וויל גערן פּטור ווערן פֿון דער דאָזיקער סחורה.

פֿלוטאַרך האָט דעם הענדלער אויסגעצאָלט די געלט־סומע און אַ זאָג געטון צו דעמעטריוסן:

— איך וועל דיר באַווייַזן, אָ, דעמעטריוס, אַז די עקזיסטענצן זענען פֿיל רעאַלער, ווי דו מיינסט. קום!

דעמעטריוס האָט געקייַעט זייַן ברויט, צוזאַמענגענומען דעם פּאַרמעט און נאָכגעהינקט פֿלוטאַרכן.

---

אין ברינדיזיום האָט זיך פֿלוטאַרך מיט זייַן שקלאַוו דעמעטריוס אייַנגעשיפֿט אויף אָפּצופֿאָרן צו די גריכישע ברעגעס. די שיף איז געווען אַ גרויסע. אַחוץ מיט זעגלטיכער איז זי נאָך געטריבן געוואָרן דורך אַ סך רודער־שקלאַוון. די שיף איז געווען רייַך באַמאָלט מיט בילדער פֿון דער גריכישער מיטאָלאָגיע און אויף איר שנאָבל איז געווען אַ גרויס פֿאַרגאָלדיקט בילד פֿון דער געטין טעטיס. די געטין האָט מיד און מוטערלעך געשמייכלט און זי האָט געמאַכט אַ באַוועגונג, ווי זי וואָלט געוואָלט אַראָפּשווענקען אין די וואַסערן. ווען די שיף האָט אויפֿגעהויבן איר אַנקער, איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט און די לבֿנה איז, ווי אַ גרויסער זילבערנער טעלער, פֿול געשוווּמען איבער די הימלען. די וואַסער־פֿעלדער פֿון ים זענען געלעגן רויִק אינעם בלייכן לבֿנה־שייַן, ווי אונטער אַ טויטן ליכטיקן טוי. זיי האָבן פֿייַכט געאָטעמט אונטערן פֿאַר־גאָסענעם לבֿנה־ליכט און זיך פֿאַרלוירן אין דער שטילער בייַנאַכטיקער ווייַטקייט. די שיף האָט פֿונאַנדערגעלאָזט אירע זעגלען, און די זעגלען האָבן זיך אָנגענומען מיטן קילן ים־ווינט. די שיף האָט זיך אומהיימלעך, ווי אַ פֿרעמדע אויסטערלישע בריאה, געגליטשט איבער די ווייכע באַלבֿנהטע וואַסערן. אינעם האַלב־צעעפֿנטן בויך פֿון דער שיף האָבן די רודער־שקלאַוון לעבעדיק געקלאַפּט מיט זייערע לאַנגע וועסלעס איבער די בייַנאַכטיקע וואַסער־פֿלאַכן. די פֿינצטערע און העל־פֿאַרחלומטע וואַסערן, ווי זיי וואָלטן זיך געוועקט, האָבן געענטפֿערט מיט אַ געפּליעסק. באַלד האָט זיך אין דער בייַנאַכטיקער שטילקייט געהערט אַ געזאַנג. אַ כאָר־געזאַנג. טיף אין דער שיף האָבן די רודער־שקלאַוון אָנגעהויבן צו זינגען אַלטע גריכישע שיפֿער־לידער צום מאָנאָטאָנעם טאַקט פֿון די וועסלעס.

אויפֿן דעק זענען געווען ווינציק פּאַסאַזשירן. ס'רובֿ מיטפֿאָרנדיקע

האָבן זיך שוין געהאַט געלייגט שלאָפן. איבער די תּהומות האָט מען נאָר פֿאַרנומען דאָס שיפֿער־געזאַנג פֿון די שקלאַוון און דאָס גליטשן זיך פֿון דער שיף.

אויף אַ באַקוועמער שטול פֿון געפֿלאָכטענע פּאַלמען־בלעטער, לעבן אַ געצעלט פֿון פּורפּורנע טיכער, איז פּלוטאַרך געזעסן און אַרויסגעקוקט אויף דער ווייכער לבֿנה־נאַכט, וואָס האָט ווײַס געציטערט אין דער לופֿט און איבער די פֿײַכט־אָטעמדיקע וואַסערן. פּלוטאַרכן צופֿוסנס איז געלעגן דער שקלאַוו דעמעטריוס צוזאַמענגעקנוילט ווי אַ גרויסער הונט. דעמעטריוס איז פֿעסט געשלאָפֿן. צײַטנווײַז האָט ער ווילד אויפֿגעשנאָרכט אין דער נאַכט־שטילקייט, אָדער גאָר אַרויסגערעדט פֿון שלאָף אָפּגעריסענע און אומפֿאַרשטענדלעכע ווערטער. פּלוטאַרך האָט געקוקט דאָ אויף דער לבֿנה, דאָ אויף דעמעטריוסן. פּלוטאַרך האָט זיך געפֿילט מאָדנע באַרויִקט און פֿריש. זײַן אָפּגעדעקטן קאָפּ האָט געקילט דער ווינט און זײַנע נאָזלעכער האָבן אין זיך אַרײַנגעזויגן דעם זאַלץ־ריח פֿון די ימישע טיפֿענישן. פּלוטאַרך האָט זיך דערמאַנט אין זײַנע פֿאַרגאַנגענע יאָרן אין אַטען און אין רוים. ער האָט זיך דערמאָנט אין די טויזנטער ביכער, וואָס ער האָט אין זײַן לעבן אַדורכגעלייענט, און אין די געריומיקע קאַלטע זאַלן פֿון די ביבליאָטעקן. ער האָט זיך דערמאָנט אין זײַנע קייזערלעכע פֿרײַנד, אין די פֿילע פֿילאָזאָפֿן און מאַגנאַטן, מיט וועלכע ער האָט פֿאַרברענגט אין טיפֿע געשפּרעכן און אין גײַסטרײַכע סימפּאָזיאָנס. ער האָט זיך דערמאָנט זײַנע רײַזעס אין דעם געהיימנישפֿולן לאַנד עגיפּטן און זײַנע שמועסן דאָרט מיט די חכמים פֿון טעמפּל פֿון סעראַפּיס. ווי וווּנדערלעך פֿאַר־שידנאַרטיק און פֿאַרביק עס זענען פֿאַרלאָפֿן זײַנע טעג אויף די פֿלייגען פֿון דער דערקענטעניש!

דאָס לעבן פֿון גײַסט קאָן זײַן פּונקט אַזוי רוישיק און אָבענטויערלעך, ווי דאָס לעבן פֿונעם גוף. די לײַדנשאַפֿטן פֿון דער פֿאַרנונפֿט זענען נישט ווייניקער היציק און אויפֿברויזנדיק, ווי די לײַדנשאַפֿטן פֿון דער ליבע. מיט וויפֿל לוסט רייצן די שיינקייטן פֿון געדאַנק! וויפֿל גענוס ליגט אין די געפֿעסן פֿון דער חכמה!

אין דער פֿאַרחלומטער לבֿנה־נאַכט האָט פּלוטאַרך צוריקגעקוקט אויף זײַן לעבן, ווי אַ פֿעלדהער אויף די שלאַכטפֿעלדער פֿון זײַן רום. ווי ווילד האָט דאָ געקלונגען דאָס געפֿעכט! אָבער איצט, ווען זײַן האַרץ שווײַגט שטיל אין אַזאַ וווּנדערלעכער רו, פֿאַרבלאַסט אַלצדינג, ווי דער לבֿנה־נעפּל אויף די וואַסערן, און לעשט זיך בענקשאַפֿטלעך אויס אין די מרחקים פֿון דער פֿאַרגאַנגענהייט.

אַלץ איז נישט מער ווי דאָס שאָטנשפּיל פֿון אַ חלום. אַלץ.

פּלוטאַרך האָט זיך צוגעהערט צו דעם שיפֿער=געזאַנג פֿון די רודער=שקלאַוון טיף אונטן אין דער שיף. יענע גרויסע און רומפֿולע גריכישע און רוימישע מענער, וועמענס טאַטן און לײדן ער האָט באַשריבן — צי זענען זײ מער געווען, ווי דער ווער פֿון דער שיף אויף די בלײך=טונקעלע וואַסערן, ווי דער ווינט, וואָס בלאָזט אים איבערן קאָפּ און ווי דאָס געזאַנג אונטן פֿון די שקלאַוון, וואָס צערינט אַזוי האָפֿענונגסלאָז אין די ווײַטקייטן פֿון דער נאַכט און ס׳בלײַבט דערפֿון נישט איבער קיין שום ממשות?

אין דער אומעטיקער בלאַסקייט פֿון דער לבֿנה=נאַכט האָט פּלוטאַרך זיך דערמאָנט אָן יענער שטילער און בלאַסער ליכטיקייט פֿון דער אָרכידעע, וואָס איז געוואַקסן צופֿוסנס דעם ניקע=טעמפּל און וואָס האָט דאַמאָלס אין זײַנע אויגן אויסגעדריקט דאָס צניעותפֿולע ליכט פֿון אַ גרויסער און אייביקער וועלט=גוטסקייט. אַלץ איז הוילע פֿאַרבלענדעניש, אַ חוץ די וועלט=גוטסקייט. די וועלט=גוטסקייט איז די איינציק=מעגלעכע רעאַליטעט. זי איז די אור=אידעע פֿון אַלע פּלאַטאָנישע אידעען און אַלע פּלאַטאָנישע אידעען זענען נישט מער ווי איר שפּיגלבילד און די שאָטנס פֿון דער דאָזיקער איינציק=וואָרער אידעע. פֿאַרוואָס איז די גוטסקייט די איינציקע רעאַלע עקזיסטענץ? דאָ האָט פּלוטאַרך צוגעמאַכט די אויגן און לײַכט זיך אויסגעשמייכלט אין זײַן באַרויִקט געמיט: ווײַל די גוטסקייט איז דאָס גרויסע וועלט=געפֿיל פֿון רחמנות צו אַלע קרעאַטורן, וואָס פּײַניקן און מאַטערן זיך אין דער האָפֿענונגסלאָזער אײַנרעדעניש פֿון אַן עקסיסטענץ, וואָס עקסיסטירט נישט. אַלע טאַטן ווערן געטון אין אַ תּהום פֿון טאַטלאָזיקייט, און דאָס איז די טראַגעדיע פֿונעם מענטש. ווי אָרעם איז דער מענטש! ווען דאָס מענטשלעכע האַרץ ווערט פֿול מיט גוטסקייט און מיטלײַד, קאָן אַלעמען מוחל זײַן און אַלעמען ליב האָבן, דאַן ערשט דערגרייכט עס די העכסטע מדרגה פֿון אַ וועלט=אמת. וואָרעם דאָס געפֿיל פֿון דער גוטסקייט וועקט אויף דעם מענטש פֿון זײַנע חלומות און ער דערקענט, וואָס ער איז אַליין און וואָס איז אַלצדינג אַרום אים. די גוטסקייט איז די העכסטע חכמה אונדזערע און אונדזער הערלעכסטער זיג איבער די טונקלקייטן פֿון דער וועלט. מיר באַזיגן אין דער גוטסקייט די אילוזיע וועגן זיך אַליין, ד״ה, די אילוזיע וועגן אונדזער אייגענער עקזיסטענץ. דערמיט ענדלעך פֿאַרענדיקט זיך פֿאַר אונדז דאָס גרויסע און טראַגישע שפּיל פֿון אַלע וועלט=אילוזיעס. מיר קאָנען זיך באַרויִקן און אויפֿהייבן און אַוועקגײן פֿון דעם גרויסן וועלט=טעאַטער און זיך מיטלײַדפֿול אויסשמייכלען אין דעם גרויסן געוויין פֿון דער וועלט.

די שקלאַוון אונטן אין דער שיף האָבן אַלץ כּסדר געזונגען זייער שיפֿער=געזאַנג.

פּלוטאַרך האָט זיך ברייטער אויסגעזעצט אויף דער געפּלאָכטענער פּאַלמען־שטול לעבן דעם געצעלט פון פורפור־טיכער. ער האָט אָנגעהויבן אויסצולייגן אין זײַנע געדאַנקען די פּלענער פון די נײַע ווערק, וועלכע ער האָט בדעה אָנצושרײַבן אין זײַן פּאָטערשטאָט כאָרינעאַ, אין דער שטילקייט פון חשבון־הנפש, נעמלעך, די ווערק וועגן מאָראַל און וועגן דערציִונג. עס האָט זיך פּלוטאַרכן אויסגעדוכט, אַז ער האַלט אין זײַנע קילע פינגער די ליכטיקע פעדער. דעם גרויסן שריפטשטעלער איז באַפאַלן דער חשק צו שרײַבן און אויסצודריקן – לויט זײַן געוווינהייט – זײַנע געפילן אויפן פּאַפּיר. די נאַכט האָט אָנגעהויבן צו פאַרבלאַסן אויף די אומענדלעכע וואַסער־שטחים פון ים. די מזרח־הימלען האָבן זיך שטיל אָנגעהויבן פונאַנדערצובליִען מיט דער רויז פון פרימאָרגן. דער ווינט האָט שטאַרקער געבלאָזן אין די זעגלען פון דער שיף. דער ים איז געוואָרן באַוועגטער. די שיף האָט זיך צעוויגט. אויף די כוואַליעס, וואָס האָבן זיך געוועקט אויף די פרימאָרגן־וואַסערן, האָט זיך לײַכט געזילבערט דער שוים.

דאָס שיפער־געזאַנג אונטן, אין דער שיף, האָט פּאַמעלעך אויפגעהערט, ווי עס וואָלט זיך אויסגעלאָשן צוזאַמען מיט דער נאַכט.

פּלוטאַרך האָט זיך געוואָלט אויפהייבן פון זײַן שטול און גיין צו־רו. ער האָט אָנגעהויבן צו פילן מידקייט. די מזרח־הימלען זענען געוואָרן וואָס אַ מאָל ליכטיקער. די זיך־באַוועגנדיקע וואַסערן וויקלען זיך וואָס אַ מאָל אָפּענער אַרויס פון די מרחקים און צינדן זיך לײַכט אָן מיט דעם רויט פון פרימאָרגן. איינצעלנע מעוועס שרײַען אין די לופטן און קרײַזן אַרום די פונאַנדערגעבלאָזענע זעגלביימער פון דער שיף. פּלוטאַרכס בליקן פאַלן אויף דעמעטריוסן. פּלוטאַרך שמייכלט: אָט ליגט בײַ אים צופוסנס דער רעזיגנירנדיקער סאָפיסט. די חכמה, וואָס ווייסט אַלץ, שלאָפט דאָ איר הינטישן שלאָף. פּלוטאַרכן האָט זיך אויסגעדוכט, אַז פונקט אַזוי האָבן אויסגעקוקט די גרויסע גריכישע ציניקער, וואָס זענען, פון מכלומרשטן ביטול צו דער וועלט, נאַקעטע געשלאָפן אויף מיסטהויפנס. דער האָמאָ סאַפּיענס, ווען ער שלאָפט, וויפל רחמנות וועקט ער און ווי אומבאַהאָלפן איז ער! מיט דעם שפּיץ פון זײַנע ווייכע סאַנדאַלן האָט פּלוטאַרך באַרירט דעם רוקן פון דעם שנאָרכנדיקן פילאָזאָף.

דעמעטריוס האָט אויפגעריסן די אויגן.

– ס'איז שוין טאָג, דעמעטריוס, – האָט פּלוטאַרך ערנסט געזאָגט. דערנאָך האָט ער צוגעגעבן מיט גרינגשעצנדיקער איראָניע:

– דעמעטריוס פון דעם אינדזל קאָס, וועלט־בירגער און שקלאַוו, וואָס איז טאָג?

דאָס באַוואַקסענע חיה־פּנים פֿונעם סאָפֿיסט, וואָס איז נאָך רויער געוואָרן אין דער אויסגעשלאָפֿנקייט, האָט זיך אויסגעניכטערט. דעמעטריוס האָט פֿונדאָסנײַ צוגעמאַכט די אויגן און געענטפֿערט פּלוטאַרכן גלײַך, ווי ער וואָלט גערעדט פֿון שלאָף:

— אין דער נאַכט פֿאַרזינקען מיר אין דער פֿאַרגעסנקייט פֿון דעם אורצושטאַנד פֿון דער וועלט. מיר טראַכטן נישט, פּונקט ווי די קרעאַטור, וואָס לעבט אין כּסדרדיקער און טעמפּער געדאַנקענלאָזיקייט. אין דער נאַכט זענען מיר נישט קליגער פֿון די פֿליגן, וואָס שלאָפֿן אײַן אויף דער וואַנט. די נאַכט איז דאָס אורבילד פֿון דעם אייביקן גאָרנישט און איך ווייס דעריבער וואָס זי איז. דער טאָג, אָ האַר, איז אַזוי צו זאָגן, דאָס שאַפֿנדיקע ליכט און די דערקענענדיקע וואַכקייט. אין דעם מצבֿ פֿון אַ מכּלומרשטער וועלט־ליכטיקייט איז דער אמתער חכם געגליכן צו דער פֿלעדערמויז, וואָס גראָד אין טאָג איז זי בלינדער פֿון אַלע בלינדע. ווען אַלע מיינען צו וויסן, ווייסט דער חכם אַמווייניקסטן. און דאָס דאָזיקע נישט־וויסן איז דער קוואַל פֿון זײַן חכמה. דער טאָג, אָ האַר, איז פֿאַרן דערקענענדיקן מענטש פֿינצטערער און נאַכטישער פֿון אַלע נעכט.

פּלוטאַרך האָט אים נישט געענטפֿערט און געגאַנגען צו רו.

דער סאָפֿיסט האָט זיך פֿונאויפֿסנײַ צונויפֿגעקנוילט. ער האָט זיך אויסגעדרייט מיטן רוקן צו די הימלען און אָנגעהויבן הויך צו שנאָרכן.

איבערן ים האָט זיך פֿונאַנדערגעגאָסן דער טאָג.

---

לאה רודניצקי

# דער יום־טובֿ

ווען ס׳האָט דער אָוונט שוין אַראָפּגעשלעפּט פֿון מיר דעם טאָג,
ווי מיד מען שלעפּט אַראָפּ פֿון וואָגן שטיינער,
האָב איך געוואָלט אַ יום־טובֿ פּראַוועז פֿאַר מײַן גוף –
אַ יום־טובֿ נאָר פֿאַר מיר אַליינער –
פֿאַרזינקען מאַכן מײַנע גלידער אינעם שלאָף
און די געדאַנקען אויסשפּאַנען פֿון הײַנטיקדיקן לויפֿן –
כ׳בין דאָך נישט דאָס ראָד, וואָס דרייט זיך אומבאַוווּסט
אויף האַרטער אַקס מיט אויסגעשמעלצטע שרויפֿן.

כ׳פֿאַרלעש דאָס ליכט. עס שווימט אַרויס די רו
און טראָגט מיך שטיל אַרויף אויף מײַן געלעגער;
כ׳דרעמל אײַן, דאָך בין איך וואַך,
ווי אויף אַ שׂמחה נאָך אַ שווערן טאָג אַ טרעגער.

נאָר ווי עס שפּײַט אַן אינד אַרויס אַ פּישל אויפֿן זאַמד,
וואַרפֿט מיך אַ טרוים פֿון בעט אַרויס. איך פֿאַל אַנידער;
אויסגעצויגן ליג איך אויף דער ערד צעחושט –
אַ נעגער אַ פֿאַרפּײַניקטער מיט קראַנקע גלידער,
און ס׳שטיינערט אויף מײַן קאָפּ אַ שפּאָטיש אויסגעשרײַ
און ס׳מעסערט דורך מײַן לײַב אַ שאַרף געלעכטער:
„ווילסטו פּראַוועז פֿאַרן גוף אַ שטילע יום־טובֿדיקע שעה,
ווען ס׳שרײַט און רופֿט דײַן האַרץ ווי אין חצות אַ וועכטער?"

אַן אָפּגענאַרטע כ׳נעם דעם קאָפּ אַרײַן אין הענט
און ס׳גיט אַ פֿלייץ פֿון מײַנע אויגן הייסער רעגן:
– האַרץ מײַנס – אומרויִקע פּויק פֿון בלינדן גוף, אָ, זאָג,
צו וועלכן יום־טובֿ פֿירן דײַנע אויסגעשפּירטע וועגן?..

---

שטיל. איך עפֿן פֿײַכטע אויגן אויף און כ'זע:
עס זייגט זיך אין מײַן האַרץ אַרײַן דער מאָרגנשטערן;
אויפֿן שפּיץ פֿון ווילד־באַגראָזטן באַרג געשטאַלטיקט זיך אַ קינד
און ס'פֿינקלט אויף זײַן קאָפּ אַ קרענצל טאָגליכט – רויטינקע קאַרעלן.
און ס'ציִען זיך ווי שטראַלן זײַנע הענטלעך צו מײַן האַלדז,
אין זײַנע בליקן ברענט אַ בענקשאַפֿט צו אַ מאַמען,
און איך, ווי פּלוצים כ'וואָלט דערזען מײַן אייגן קינד פֿאַר אַ תּהום,
גיב זיך אַ ריס פֿון אָרט – איך זאָל זיך נישט פֿאַרזאַמען.

נאָר ווידער בלײַב איך שטיין. עס זינקט אַראָפּ מײַן קאָפּ.
עס נעמען מײַנע קני זיך וואַקלען, בויגן,
און ס'ווינטיקט דורך אין מיר אַ ציטערדיק געפֿרעג:
צי האָב איך רעכט צו קושן זײַנע וווּנדערלעכע אויגן?
אַ נײַ באַשעפֿעניש געבאָרן ווערט דורך פּײַן –
ווען האָב איך דאָס קינד דאָס־דאָזיקע געבאָרן?
כ'בין אַליין אַ קינד און ווי מיט שטיינדעלעך מען שפּילט,
האָב איך זיך ביז אַצינד פֿאַרשפּילט מיט מײַנע יאָרן...

דאָך, ווי עס רײַסט מיט קראַפֿט דער וואַסערשטראָם אַ דאַמבע מיט מיט זיך,
גיט אַ שפּאַר מײַן ווילן די פֿאַרקלעמטע גלידער –
שפּאַן איך אויפֿגעבליט אין מוט צום ווילד־באַגראָזטן באַרג
דורך חושכדיקע טאָלן, איבער שטיינער, איבער גריבער.

---

און כ'בין בײַם באַרג. אַ שפּיל פֿון שאָטנליכט. כ'בלײַב שטיין געפּלעפֿט:
עס ליגט פֿאַר מיר אַ פֿעלד, ווי אַ מזבח פֿול מיט ביינער.
ס'גייט אַדורך אַ קדושה־פֿיבער דורך מײַן לײַב –
כ'פֿאַל כּורעים, ווי מען פֿאַלט מיט הייליקייט אויף קבֿרים־שטיינער
און ס'הייבט אָן ווירבלען, ווי דאָס וואַסער אין אַ קעסלגרוב מײַן בלוט,
ווי עס וואָלט וועלן זיך פֿונאַנדערגיסן ברייט – אין אָקעאַנען,
זע איך: כ'טאַנץ מיט טויטע שאַרבנס אין אַ קאַראַהאָד,
און ס'טאַנצט דער מאָרגנשטערן אויך מיט אונדז צוזאַמען...

און ס'שטערנט זיך אין פינצטערניש דאָס פעלד,
ווי ס'וואָלט געפלעמלט אַ נר־תּמיד־ליכט אין יעדן שאַרבן,
און ס'בלאַנקען אַזוי וווּנדערלעך־עקשנותדיק פאַרשפּיצטע ציין,
וואָס רופן צו עקדה און די אייביקייט צו אַרבן.

דריק איך שטאַרקער, הייסער נאָך די קנאָכנס צו מיַין ליַיב,
ביז כ'ווער אין זיי אַריַינגעקלאַמערט ווי אין קנופּן־רינגען.
פּלוצים זע איך: מיַינע לענדן, הענט און פיס
פאַרפלעכטן זיך אין תּליה־שטריק, און קייטן קלינגען.
און אַרום מיר איז קיינער מער נישטאָ.
דאָך הער איך טויזנטער געקיַיטע טריט מיט בשורה פון אַ וועלט־
געלייַטער.
אָ, גורל מיַינער, שריַי איך אויס, ביסט שוין געבונדן און געקניפּט
מיט די,
וואָס גיבן מיט אַנטשלאָסנקייט זיך אָפּ דער תּליה צו דעם שיַיטער!

ס'גיט אַ שליַידער זיך די נאַכט אָן מיַין התלהבות־שטראַליק אָנגעזיכט
און שפּרינגט אָפּ צוריק. עס שטייט אַנטקעגן מיר אַ שוואַרצער היטער:
„דערוועגסטו דען צעזינגען און צעפלאַקלען זיך אין שעה פון שלאָף"
און הייבט אָן שטורמען מיַינע גלידער מיט אַ דונערדיק געוויטער— — —

---

איך ריַיס די אויגן אויף. אַ ליכטיקער באַגין.
ווי נאָך געבורטוויייען עס אָטמען פריַיער מיַינע ריפּן...
די פרימאָרגן־זון אַ מילדע ווי אַ פריש־געבוירן קינד,
טריפט אויף מיר אַ יום־טוב־פרייד פון אירע ליפּן...



מײַן מוטער

אויב ס'האָט זיך דיר געטרוימט: דו ביסט אַ קינד —
דײַן וויגל שטייט בײַם ברעג פֿון טײַך,
צי אין אַ גאָרטן ערגעץ־ווו
און איבער דיר גאָר נאָנט ווי טיף אין מיר אַצינד
קלאַפּט שטיל אַ האַרץ אין ריטם פֿון אַ ליד,
וואָס ברענגט די בלאָע קינדערישע רו —
איז ווייס־זשע, טײַערינקע דו,
אַז איך האָב עס אין יענער נאַכט
דאַן איבער דיר געוואַכט.
איילי־ליו, איילי־ליו...

עס טרעפֿט:
דו קוקסט אַ גאַנצע נאַכט צום וואָלקן אין דײַן שויב —
דו זוכסט אַ העלן שטרייף אין אים ווי אין דײַן בינטל גראָע טעג,
וואָס ליגט פֿאַרלוירן בײַ אַ שטויב־פֿאַרוויטן שטעג,
דו הערסט דאָס אומהיימלעכע וואָרקען פֿון דער טויב —
עס פֿאַלט ווי האָגל און צערינט אין דײַן געביין:
ניט פֿרעג... ניט פֿרעג...
און אַז ס'בליקט דאָס מאָרגנליכט אַרײַן צו דיר פֿון פֿלויט,
געפֿינט עס דײַנע אויגן ווי צוויי שטערן רויט.
אָ, ווייס:
דאָס האָט מײַן בלוטנדיקע טרער
ביז מאָרגנשײַן
געטריפֿט,
גערונען
און פֿאַרפֿלאָסן אין דײַן אויג אַרײַן.

## אלחנן וואָגלער

# אַ וואָלף אין דער נאַכט

### א

נאָכן בר־מינן, דעם קרישטאָל־הייליקן שפּיגל פֿון דער וועלט – דעם טאָג –
שטיי איך קניִענדיק אַ גראָער צלם אויף די ווײַסרוסישע פֿאַרווייִנטע וועגן;
כ׳פֿיר מיט דער נאַכט, זײַן בלאָען ווידערקול, אַ סטרוניק־תּפֿילהדיקן דיאַלאָג,
באַגלייט פֿון זילבער־פֿײַקלעך – קלינגעדיקע שטערן – איר פֿאַרמעגן:

— דער וואָלף, דער בידנער גזלן, דער פֿאַרשטעלטער פֿינצטערער מקובל,
האָט אַ ביטע צו זײַן הערשערין, דער שיינער גנעדיקער מאַדאַם:
אַ גמילות־חסד, שטערן, לײַט אים, איך בין עורבֿ מיט מײַן ליד פֿאַר אײַער
יעדן רובל
און כ׳ברענג אײַך אַ קרבן אין מײַן סנהדריק האַרץ מײַן טרוים–די ווײַסע לאַם.״

— כ׳וואָלט אים געלײַען – ענטפֿערט מיר די זינגענדיקע כּישופֿמאַכערין –
מײַן שוואַרצער האַס, –
אָבער ער וועט מיטן יונגן ווינט עס אָנווערן אין תּאַוההדיקע רויטע
זומפּן – שנעפּס.
— אײַער פֿערלדיקער מילכוועג – כליפּעט דער מחבר אויף זײַן אַלטן,
פֿרומען באַס –
וועט אים אַוועקפֿירן צו זײַן פֿאַרהוילן חיות – דעם קבלה־לאָקנדיקן הייסן
שעפּס...״

די נאַכט שטעלט אויף מײַן כּתבֿ־יד די לבֿנה, איר גלײַיקן זיגל פֿון מעש,
און פֿרעגט: – ווער וועט אָפּגעבן מיר די איידלשטיינער? זיי
פֿאַרשטאָפּן וועלן
אײַער תּפֿילה־קוואַל, וואָס נאָר מיט אים מײַן פֿיאָלעטע לײַדנשאַפֿט
צו אײַער גוף איך לעש
און כ׳פֿלעכט פֿאַר אײַך אַ תּליה־שלייף פֿון מײַנע אויסגעווייִנטע שניר קאַרעלן.״

— מיטן טײַך – מײַן הפֿקרדיק־פֿאַרלאָרענעם געוויין, וואָס וואַשט
אײַערע סאַמעטענע טריט, –
קריץ איך אויס אַ זשירע אויפֿן ברעג פֿון ליים דעם אָנגעשנייטן –

פֿאַרן וואָלף, וואָס וואַיעט פּסוקים תּהילים און מײַן בלאָען פֿליגיקן געמיט
מיט גרינגע, וואַרעמע נגינה־קערנער דעם פּאַרזייטן."

פֿון אירע אוצרות גיט די נאַכט דעם ציטערדיקן אביון אַ הלוואה,
איר סודותדיקער שראַנק – דער הימל – עפֿנט זיך אַן אויסגעשטערנטער,
און מיט זײַנע לאַפּעס אויף די פֿעלדער – פֿאַרמעטענע וועקסלען גראָע –
שרײַבט אויך דער הונגעריקער וואָלף זיך אונטער דער געלערנטער:

– פֿאַר אײַער יעדן שטערן, מלכּה אייביקע, פֿאַר אײַער יעדן פֿעניג,
ענטפֿער איך אײַך מיט מײַן לעבן – דעם צאַפּלדיקן עגל – איך קאַוויר..."
... נאָר מיטן סיבירער שטורעמווינט, דעם געלן קאָזאַק, דעם קישעניק,
איז ער אַנטלאָפֿן אין דאָרף – זײַן אויסגעחלומטן טראַקטיר.

דער שליאַך – דער ווײַסרוסישער ברייטבייניקער לאַקיי דער הויכער –
האָט צו זיי אויסגעשטרעקט אַ האַנט – אַ סטעזשקעלע – און צוריק
באַהאַלטן זי אונטער דער פּאָלע;
נאָר זײַן האַר, דער דאַרער הונט, דאָס געלע שענקערל, דער סוחר,
האָט געהיט זײַן הייסן שפּײַז־בופֿעט – די זיסע לעמער אין בעריאָזאָענער
סטאָדאָלע.

אויף די גלעקלעך פֿון אַ לויפֿנדיקן פֿערד און שליטעלע – זײַן מאַנדאָלינע –
האָט דער אומעטיקער גאָסצינעץ געשפּילט פֿאַר זײַנע בלאָנדזשענדיקע
געסט קופּלעטן;
דער ווינט און זײַן שטיפֿשוועסטער – די ווײַסרוסישע מעצעליצע, די יונגע
באַלערינע –
האָבן געטאַנצט אַ בלאָען וואַלס אויפֿן לאַנדשאַפֿט דעם פּיאָלעטן.

נאָר די הענער אין קאָטוך, די קדושים, האָבן געוואָרגן זיך מיט די
רויט־נביאישע געקרייען,
אין שטאַל דער אָקסענער, פֿאַרמשפּטער בעל־תּקיעה געגעבן האָט
צו גאָט אַ ראָווע,
און די זאַווייע האָט דעם וואָלף פֿאַרכּישופֿט און פֿאַרבלענדט מיט שנייען –
מיט אירע טריפֿע צום הייליקן חנא פֿון טרער פֿאַרפֿירנדיקע בריסטן די ליליאָווע.

דער וואָלף האָט אײַנגעדרימלט אויף ליליתעס צעלאָזטע זילבער־לאָקן,
נאָר ס'האָט פֿון זײַן פּוכיק־ווײַניקער לעגענדע אים גענומען וועקן
וואַסיל גראַבלעווסקי, דער לאָמער באַלעגוף, מיט קולות – הייזעריקע גלאָקן –
און מיט זײַן געבראָדעווקעטן ברוינעם פֿינגער – דעם דעמבענע
סוקעוואַטן שטעקן.

ב

אויף די ליטווישע אָזערעס, די זילבער־פינקלענדיקע, פון דער זון
„גראַווירטע טאַצן,

ליגן די ליימענע יִשובֿימלעך – די פאַרעדיקע זיסע טאָרטן ברוינע;
נאָר דער וואָלף קרעכצט אונטער די טרוימען־עולן – זײַנע אײַנגעפאַלענע
פאַלאַצן –

און לעקט אויס זײַנע בראַנדוווּנדן – די שפּורן פון דער פאַניכע, דער זונה.

אָ, עס ווייס דאָס משומדל, דער הונט, אַז דער וואָלף, דער שיכּורער
פאַרליבטער שוטה,

האָט פאַרמאָגט אַן איידלשטייניק האַרץ און אויגן – צוויי גינגאָלדענע
מטבעות;

אָבער איצט זענען די שטערן – שעמערירנדיקע רינגען רויטע,
אויף די כמאַרעס – די בראָנדזן־דראָענדיקע הענטלעך דער זאַווייעס.

די ווײַסע שמעקעוודיקע אייער־קיטקעס – די פריצישע פאַרשנייטע הויפן –
זענען מיט קעלבלעך, לעמער – גילדענע ראָזשנקעס – און מיט געווירצטע
מאַנדלען אָנגעפילט.

— כ׳וועל בחינם זיי פאַרקויפן נישט דעם נאַר, נאָר יענעם חכם, וואָס
קען רויבן און אַנטלויפן! –

האָט דער געשמדטער הונט צום וואָלף איבער דער זמירותדיקער געגנט
זיך צעבילט.

–געעע-וואַאַאַלד! – גיט דער פאַרפירטער וואָלף צו דעם פאַרצווייפלטן
פאָעט אַ וואָיע – – –

(נאָר דער דיכטער נישט געקענט האָט ראַטעווען זײַן אַלטן שאָטנס פעל,
און בײַ אים וועט די נאַכט די כּישופמאַכערין איצט מאָנען איר הלוואה –
די סאַפּירענע שליסלען צו זײַן פאַרשפאַרטן האַרץ – דער ברענענדיקער
וויאָלאָנטשעל).

פאַרשטומט געוואָרן איז דער אַלטער וואָלף – דעם כּבֿיכולס גראָע טענה
צו דער בייזער וועלט,

דער מוזיקאַנט, דער שליאַך, פאַרבראָכן האָט די סטעזשקעס – זײַנע
ציטערדיקע הענט די דאַרע –

און גאָך אים אַ ווײַסרוסישע, אַ טרויעריקע פיאָלעטע דײַנע אויפגעטרעלט
אויף דער באַגלעקלטן בריטשקעלע – אויף זײַן גאָטספאָרכטיקער גיטאַרע,

דער כאָכאָל, דער ווינט, האָט בכּיוון דעם בעל־חי פֿאַרשלעפּט אין שענק –
אין כוטער –
די נאַקעטע זאַווייע האָט אים אין ראָוו – אין איר ווײַסן בעט – פֿאַרנאַרט,
און גראַבלעװוסקיס שלאַנקער פֿאַרעבעק האָט דעם וואָלף – זײַן כראַבּיעס
יאָנטעוודיקן פוטער –
פֿאַרזעצט בײַם שׂטן פֿאַר דעם זונאויפֿגאַנג אין שטאָט – דעם מירמל־
שטיינענעם לאָמבאַרד...

דער געלער הונט האָט אַ פֿידל פֿון וואָלפֿס חוט־השדרה אויסגעטאָקט,
דער ברוינער קאָטער – אַ האַרפֿע אויסגעסטרונט פֿון זײַנע אָדערן און הויט
און געשפּילט – דעם האָניקדיקן מאַרך פֿון זײַנע ביינער אויסגענאָגט,
דערנאָך אַראָפּ פֿון זינען: צעביסן גאָט–דערפֿאַר איז אונדזער פּריילינג רויט...

דער מחבר האָט מספּיד געווען דעם וואָלף, דעם בלינדן האַר –
זײַן גורל – און קדיש זאָגט נאָך אים אַצינד אין בייזן פֿעלד
זײַן זון, דאָס וועלפּעלע – מײַן נאַקעטער און הונגעריקער צער,
וואָס מײַן בלאָנדע ליד געקרוינט האָט פֿאַר איר פּרינץ און העלד.

כ׳האָב די ראָבן – די אָרעמע שמשימלעך – געדונגען פֿאַר מײַן חלק
עולם־הבא,
זיי זאָלן אין סאָסניאַק – זייער גרינעם ספֿר–תּהילים זאָגן נאָך מײַן תּנא,
און דאָס יונגע יתומל, דאָס קראַנקע וועלפּעלע, דאָס ראַבּע,
האָט צוגענומען די עצבֿות – מײַן דערבאַרעמדיק שוועסטערל – אויף
האָדעוואַניע.

ג

פֿלוצעם: אַ בריוו פֿון דער נאַכט מיט אַ צינאָבער־וואָרנענדיקן זיגל
האָט אַ שוואַרצער וואָלקן מיר געבראַכט – איר שטומער שווייצער.
זי שרײַבט: – איך בין אָרעם, ווײַל איר – מײַן אויסגעטרוימטער שפּיגל –
האָט מיך אָפּגענאַרט: די שטערן צוגערויבט – מײַן אוצר.

איך, די נאַכט, בין אײַער וואָר און איר זענט מײַן ראָזער חלום – דער
באַגינען,
דעם וואָלפֿס חובֿ האָט איר אַליין מיט אײַער בורשטינענעם געווײן קאַווירט;
גיט אָפּעט מיר אײַערע טרערן–מײַנע בראַנדזאָלצטן גילדענע, מײַנע רובינען,–
ווײַל נאָר מיט איידלשטיינער וויל זײַן אַ דאַמעס פּיאָלעטע פֿרייד באַצירט...

און אויב איר ענטפערט מיר נישט אײַער זילבער־קלינגענדיקן אומעט —
מײַן פֿאַרמעגן,
װעל איך מיט שװאַרצע כּישוף־בריסטן אויסברענען פֿון אײַער אויג
דעם גרינעם בליק,
אײַער פֿאַרפֿלאָנטערט לעבן װעט מיט פֿײַערדיקע שפּיזן אויפֿװיקלען
מײַן זון — דער רעגן,
און בײַם שײַן פֿון אײַער כליפּענדיקן באַס װעט איר שלעפּן צו מיר
אײַער חיות אויף אַ שטריק!.. — — —"

## ד

איז אַװעק דאָס װעלפֿעלע — מײַן יונגער שאָטן — און אויף זײַן שטאָליק־
אָנגעשפּיזטן אויער
געבראַכט אַ לאָק אַ זילבערנעם פֿון דער מעצלעצע, דער מויד דער
פּאָדלער,
און איך האָב צו דער נאַכט—מײַן שװאַרצער הערשערין, מײַן טרויער —
אַ בריװ געשריבן מיט מײַן פּעדער — מיטן בלאָען אָדלער:

— מאַדאַם, אין די סטאַראָװיערישע דערפֿעלעך — די פֿינצטערע טראַקטירן—
טאַנצט די נאַקעטע זאַװייע, און עס קײַכט דער געלער אָנגעזױפֿטער שטורעם;
פֿאַרהאַלט די טענצערין — איר כּישוף־טראָט װיל מײַן געװיין און מײַן
געזאַנג פֿאַרפֿירן —
זי האָט פֿאַרפֿירט מיט אים איר באַלייטנדיקן װאָלף — דעם ברוינעם ניגון
פֿון מײַנע יסורים.

מײַן הלװאה, מײַנע גרינע פּסאַלמען—אײַערע קלאַנגפֿולע אימפּעריאַלן —
זאָל די זונה שלײַדערן צוריק צו דעם אין־סוף — מײַן הייליקן אַלטאַר
(כ׳װייס, זיי װעלן אָבער באַלד פֿאַרװאַנדלען זיך אין מעסערדיקע זריחה־
שטראַלן —
צו באַװאָפֿענען די סיװע װעלף, װאָס װאָיען אין דער װעלט — מײַן
בלײַענעם קאָשמאַר).

און גראַבלעװוסקיס דימעטענער פּליין איז אַ קבֿורה־פּעלד, שײנע
מאַדאַם, זײַט װיסן —
ער איז פֿאַרזייט מיט ביינער פֿון אַ חיה־רעה—דעם גילגול פֿון אַ װײַסער לאַם;
אָ, זאָל אײַער זון, דער רעגן, אים, דעם װילדן שׂרה, מיט אַ דונער שיסן,
הלמאַי ער האָט געטייט דעם װאָלף — זײַן אַלטן, בלינדן שטאַם!..

איר גלייבט מיר נישט? — מאַדאַם, גלייבן איז דער ראָזע ניגון פֿון
מײַן שטום געבעט:
אויף גראַבלעװוסקיס ערד, אָ זעט, האָט זיך אַ פֿידלשער אַקאַציע־וואַלד
צעבליט;
אַיעדער כליפּעדיקער בוים — שווערט בײַ זײַן פֿורפֿורדיקער בענקשאַפֿט
דער פּאָעט —
האָט אַרויסגעשפּראָצט פֿון וואָלפֿס אַ סטרונעדיקן גליד! — —

איר גלייבט מיר נישט? — מאַדאַם, אונטערן שטורעמס ברוינעם טראָט, אָ זעט,
איז דער בשׂמימדיקער קאָרן אויף די פֿעלדער פֿון מײַן לינדער תּפֿילה
אויפֿגעגאַנגען;
בײַ זײַן יזכּורדיקער בלאָער ליד שווערט דער פּאָעט,
אַז די פֿאַרשעמטע האָר פֿון וואָלף זענען די גילדענע און פֿרומע
זאַנגען! — —

אויב איר גלייבט מיר נישט, מאַדאַם, איז מײַן תּפֿילה — אײַער שטראָף,
און איר — מײַן חטא:
זעט, קינעלעך פֿאַריתומטע איצט צאַנקען אין די טראַכאָמע־פֿענצטערלעך
פֿון די כוטאָרן;
אַיעדער הייליקער נר־תּמידל — שווערט בײַ זײַן רויטן ווייטאָק דער פּאָעט—
איז דאָס גרינע אויג פֿון וואָלף, וואָס בליצט אין גזלנס פֿינצטערן
זיכּרון! — —

איר גלייבט מיר נישט? — מאַדאַם, גלויבן איז אַ בייזער ריכטער איבער
זיך אַליין,
אָבער מילד — צו די ניטגלייביקע... אָ, הערט: די קוואַלן קלאָגן פֿון
דער האַרפֿעדיקער ווײַט דער בלאָער;
אַיעדער קלינגעדיקער קוואַל — דער דיכטער שווערט בײַ זײַן געוויין—
איז דאָס בלוט פֿון וואָלף, וואָס שרײַט פֿון דרערד צום מערדערס טויבן
אויער! — —

און מיר, ליבע מאַדאַם, קענט איר מיט אײַער תּאַווהדיקער חושכניש
נישט דראָען —
נישט פֿאַרלעשן מײַן געוויסן, וואָס אין מײַן קדושהדיקע בלאָע פּײַן
וועט אייביק שעמערירן;

אָבער חובֿ איז דאָס סאַפּירענע געוויין פֿון מײַנע אויגן גרינע פֿון שגעון –
אין אים ווען אַ דאַמעס פּיאַלעטע פֿרייד תּמיד קענען פּוצן זיך און
צירן – –

## ה

און די נאַכט האָט אירע אוצרות אויף די סומנע טרערן מײַנע אומגעביטן:
אירע צעפּ די גילדענע זי פֿלעכט זיך אין די שפּיגלדיקע טיפֿע שטראָמען,
און נאָכן טאָג – איר געוויסן, וואָס האָט זיך צוליב איר זײַן האַלדז
איבערגעשניטן, –
טראָגט זי סאָוועס קרעפּענע, וואָס יאָמערן צום בייזן אויס זײַן
לײַכטנדיקן נאָמען.

און דאָס גראָע הונגעריקע וועלפֿל גוססט אין מײַן אויסגעשטערנטן געמיט
און מאָנט בײַ מיר באַשייד פֿאַר זײַן יונג לעבן – די פֿאַרבאָרגן
רייצנדיקע הייסע קאַלב;
נאָר אין די טונקעלע פּאַסיעקעס * – מײַנע סודותפֿולע שלעסער פֿון גראַניט –
ראַנגלט זיך דער ברוינער ווינט מיט דער נשמה מײַנער – דער בלאָער שוואַלב.

ער וויל אײַנבייגן מײַן קאָפּ – כ׳שפּאַר אים אָן אָן הימל־זוים,
פֿון מײַן געוויין – דעם טײַך – אַ פֿאָספֿאָר־בריק צו מיר אין האַרץ
בויט דאָס געוויטער;
נאָר דער דעמב אונטער מײַן שוואַרצאַפּלס שפּיגל – דעם אויסגעשלי־
פֿענעם אָליוון רוים –
איז מײַן שוואַרצע דראָענדיקע פֿויסט קעגן מײַנע פּײַניקער און היטער! – –

כ׳לאָז אויס פֿון פּיאַלעטן תּפֿיסה־האָריזאָנט אַ דימענטענעם, אַ געשמידטן
שטערן
און כ׳צינד מיט אים אונטער דעם באַלעגופּס פֿאָלוואַרעק – אין חיה־רעהס
האַרץ און ביינער.
... צום ברוינעם וואַלד אַ פֿעטן שעפּס – אַ גילדענעם לאָגל טרערן –
שלעפּט דער פֿאַרשמאַכטער יונגער וואָלף אַצינד אין זײַנע
ברענענדיקע ציינער.

כ׳קלעטער צו דער נאַכט אויף הויכע זילבער־בערג אַרויפֿעט,
כ׳רײַס די מילכוועגן אַרונטער – אירע ראָזע קלינגענדיקע פּערל־שנורן;

---

* = אויסגעהאַקטע וועלדער.

מיט איר צירונג דערוועקן וועל איך זיך – איר בלאָנדן שופט, –
כדי מײַן גוף זאָל צודעקן דעם וואָלפּס, איר קרבנס, שפּורן.

איבער מײַן לאַנד באַוויינען וועלן מיך די שליאַכן, די פֿאַראומערטע
קלעזמאָרים –
שפּילן נאָך מיר דײַנעס אויף די בריטשקעלעך באַגלעקלטע – זייער
גיטאַר און מאַנדאָלין,
און איך וועל ליגן אויף די פּליינען ליליעווע אונטער אַ ווערבעס
מוטערלעכן אָרעם,
ביז פֿון מײַן געביין די פֿאַרשנייטע סיווע ערד וועט ווידער ווערן גרין...

---

יעקב פישמאַן

# דער אַכטיאָריקער מענדעלע

צוזאַמען מיט אַלע מאַנצבילן איז אויך מאָניש, דער אָרעמער מאָניש, אַנטלאָפֿן פֿון שטעטל. ס׳איז געשען פּלוצלונג און אין איילעניש.

פֿון אַלע הײַזער און פֿון אַלע שטובן האָבן מענטשן זיך אַרויסגע־ריסן פֿאַריאַכמערטע, ווי פֿאַרשפּעטיקטע.

די עטלעכע שטעטלדיקע פּאָליציאַנטן און דער גמינע־סעקרעטאַר מיטן פֿאַרשוויצטן צעדרייטן קאָפּעלוש זענען פֿאַרבײַגעפֿלויגן אין דער גמינע־בריטשקע מיט צעבריקעטע פֿערד.

פֿרויען האָבן נאָכגעיאָגט זייערע מענער, זיי צוצוגעבן נאָך איין געזעגן־וואָרט.

וואָלקנס שטויב פֿון די איילנדיקע טריט האָבן צוגעדעקט די מאַסע און זי אָפּגעטיילט פֿון שטעטל.

ס׳איז איצט מיטאַמאָל פֿאַרווישט געוואָרן דאָס ליכט פֿון שטעטל. דער הימל איז טונקל און קאַלטלעך געוואָרן.

אַצונד האָט דער אַכטיאָריקער מענדעלע, מאָנישעס עלטסט קינד, זיך דערשפּירט אַ גרויסער, אַ פֿאַראַנטוואָרטלעכער פֿאַר זײַן מאַמען, פֿאַר זײַנע ברידערלעך און פֿאַר זײַן צוויי־יאָריק שוועסטערל שׂרהלע.

מענדעלע פֿלעגט אַלע מאָל זיך קלאָגן פֿאַר דער מאַמען אויף אַן אַנדער ווייטיק. דאָס האָט אים נישט געשטערט צוזאַמען מיט זײַנע חבֿרימלעך אַרומצושטיפֿן אין די געסלעך, קלעטערן אויף די ביימער, שפּילן זיך מיט מטבעות. הײַנט אָבער זענען פֿון אים די ווייטיקן פֿאַר־שוווּנדן, און ער איז געוואָרן געסטאַטקעוועט, גלײַך ווי זײַן טאַטע.

ער האָט אַכטונג געגעבן, לייזערל, מאָטעלע און שׂרהלע זאָלן זיך נישט דערוועגן אַרויסצוקריכן אויף דער גאַס: ווער ווייסט, וואָס דאָרט קען הײַנט געשען? ער האָט צוגעגרייט פֿאַר דער מאַמען שפּענדלעך, זי זאָל האָבן מיט וואָס אָפּצוקאָכן עסן פֿאַר די קינדער.

ער האָט געזען, די ברידערלעך זאָלן עסן, און שׂרהלען האָט ער אָנגעקאָרמעט, ווײַל זי האָט געהאַלטן אין איין וויינען, ווי עס וואָלטן זיך איר פּונקט הײַנט ציינדלעך געשניטן. און אפֿשר בענקט זי נאָכן טאַטן?

ווי הינדעלעך אַרום דער הון האָבן די קינדער. זיך געדרייט אַרום מענדעלען. זיי האָבן אין אים געפילט היימלעכקייט, פּאָטערלעכקייט, אַ באַשיצער. ווי נאָר ער פּלעגט אַרויס פון שטוב, האָט זיך אויף אַלעמען אומעט פאַרצויגן.

מענדעלע האָט אָוונט־צו פאַרהאָנגען דאָס פענצטער מיט דער קאָלדרע, דאָס ליכט פון נאַפּטלעמפּל זאָל נישט שטערן דעם פינצטערן דרויסן. דערנאָך האָט ער זיך גענומען לייגן שלאָפן די קינדער. שׂרהלען האָט ער געמוזט צוזינגען. עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז מענדעלע וועט זיך באַלד אַרויסשאַרן פון שטוב – האָט ער געזונגען אַ מידער.

מענדעלע אַליין האָט די נאַכט נישט געקענט שלאָפן. אין דער פינצטער, דורך די ווענט, האָט ער אָנגעשטרענגט זײַנע אויגן: געוואָלט זען דעם טאַטן, ווו ער איז, און אויף וואָס ער שלאָפט. צי האָט ער נאָך פון ברויט, וואָס די מאַמע האָט אים מיטגעגעבן? צי האָט ער מיט וואָס זיך צוצודעקן? אַ שאָד, וואָס ער האָט נישט מיטגענומען דעם וואַטענעם שפּענצער!

עס גלוסט זיך מענדעלען איצט פליִען אין דער לופטן צו זײַן טאַטן.

ער האָט נישט געקענט צוטון קיין אויג. אַלע מאָל זיך איבערגעלייגט אויף אַן אַנדער זײַט.

פּלוצלונג האָט ער זיך דערמאָנט, אַז דאָס קעסטל איז ליידיק פון ברויט. די קינדער וועלן זיך אויפכאַפּן מיט געוויין: עסן...

ווי נאָר די ערשטע ווײַסע טריט פון באַגינען האָבן זיך געצייכנט אויף די ווענט, האָט מענדעלע זיך שנעל אָנגעטון און איז אַרויס פון שטוב.

די מאַמע און די קינדער האָבן זיך איבערגעוועקט. מען האָט פון אַלע זײַטן גערופן: מענדעלע! אויך די קליינע שׂרהלע. פון דער שטילקייט פון מענדעלעס געלעגער האָט זיך די מאַמע דערשראָקן און מיט אַ ספּאַז־מאַטיש קול גערופן: מענדעלע! שׂרהלע איז זיך פאַרגאַנגען אין אַ הייס געוויין, ווי דאָס קינד וואָלט דערשפּירט אַן אומגליק.

אײַנגערעדט האָט איר די מאַמע, אַרויסקוקנדיק דורך די פאַרטויעטע שײַבלעך, אַז אָט גייט מענדעלע. דאָס קינד האָט זיך אָבער נאָך שטאַרקער פונאַנדערגעוויינט. שׂרהלעס טרערעלעך האָבן די מאַמען געביטערט. „ווײ צו מיר – האָט זי געזיפצט – וואָס מיר איז צושטאַנד געקומען.

ווי די זון וואָלט פּלוצלונג אַרײַנגעשײַנט, עס איז ליכטיק געוואָרן. פון גאַס איז אָנגעקומען מענדעלע, אַ פאַרסאַפּעטער מיט אַ שווייס־פּײַכטן שטערן.

אונטערן צעפליקטן פאַלטנדל איז געווען אַ פּעקעלע באַהאַלט. לייזער מיט מאָטעלען האָבן זיך צעלאַכט: מענדעלע האָט געקריגן אַ גרויסן בויך! דער מאַמעס פינצטער פּנים האָט אַ שמייכל געטון, אָבער שׂרהלע האָט נאָך געהעשעט. זי האָט נישט געקענט קומען צו זיך. איר הענטל האָט געגלעט מענדעלעס פּנים.

אַ שווייַגנדיקער האָט מענדעלע אַפּערגענומען פון אונטערן פאַלטנדל אַ פּאַפּירן זעקעלע. עס זענען אין דעם געווען עטלעכע קאַרטאָפלעס, צוויי ציבעלעס און אַ דאַר פּיעטרושקעלע. דאָס האָט ער געטראָגן באַהאַלטן פון אַ בייז אויג. ער האָט עס געקריגן בייַם טאַטנס באַקאַנטע און איז דערמיט אַהיים דורך די הינטערגעסלעך.

די קינדער זענען געשטאַנען אַרום אים מיט גלאַנציקע אייגעלעך.

---